די ווערק פון יצחק לייבוש פרץ. צוועלף בענד.
צוזאמענגעשטעלט אונטער דער רעדאקציאן פון
דוד פינסקי

עלפטער באנד

ארויסגעגעבען פון פארלאג „אידיש“, ניו-יארק.
תר"פ — 1920

י. ל. פרץ

# שטעדט און שטעדטלעך



ארויסגעגעבען פון פארלאג „אידיש“, ניו-יארק.

# פון ארויסגעבער.

„שטעדט און שטעדטלעך“ האָט פרץ געשריבען אונטער דעם פסוידאָ־נים „די ביהן“, אין דער וואַרשעווער וואָכענשריפט „דער יוד“; „דער חדש“ — אונטער דעם פסוידאָנים „י. ל. צופעליג“ אין דעם קראקויער מאָנאַטליכען זשורנאל „די אידישע פאַמיליע“. דאָס זענען געוועזען שטעהענדיגע אפטיילונגען אין יענע זשורנאלען און זענען געפיהרט געוואָרען אין פארשידענע צייטען פון פארשידענע מיטאַרביטער. אַזוי איז „דער חדש“ פאר פרץ'ען געשריבען געוואָרען פון איינעם, וועלכער האָט זיך אונטערגעשריבען „א סופר“, און „שטעדט און שטעדטלעך“ זענען פאר פרץ'ען געפיהרט געוואָרען אין „יוד“ פון מרדכי ספעקטאָר, וועלכער האָט זיך אונטערגעשריבען „אמת“, באהאלטענדיג אין דעם העברעאישען וואָרט די גוי'אישע ראשי תיבות פון זיין נאָמען „עם עם“ — עטוואָס, וואָס האָט אַרויסגערופען פרץ'ס איראָניע אין דעם ערשטען קאַפּיטעל פון זיינע „שטעדט און שטעדטלעך“. —

עטליכע קאַפּיטלעך פון „שטעדט און שטעדטלעך“ זענען אין א פרי־הערדיגער אויסגאַבע פון פרץ'ס ווערק אריינגעגאַנגען אונטער זיינע פעליעטאָנען. מיר האָבען זיי צוריק אַריינגעשטעלט, וואו זיי געהערען, צווישען זייערע חברים, אין דער אָרדנונג, ווי זיי זענען געשריבען געוואָרען אונטער דעם דאַטום פון זייער ערשיינען — אלס רינגען אין דער קייט פון פרץ'ס וועכענטליכע איבערבליקען און האַרץ־אויסרעדעניִשען.

כראָניקען, איבערבליקען געשריבען פאר'ן חדש און פאר דער וואָך אויף טעמען פון דעם טאָג, געהען זיי דאָך אַפּטמאָל אַרויס פון די גרע־נעצען פון דער צייט און זענען מעהר אלס געלעגענטליכע צייטונגס־ארבייטען. זיי זענען האַרצאויסרעדעניִשען פון אַ דיכטער, וועמעס האַרץ טוט וועה איבער דעם גורל פון זיין פאָלק, און אָפטמאָל וועט דער לעזער אין זיי דערקענען פאָרארבייטען צו פרץ'ס קינסטלערישע שאַפונגען. מיט דעם געווינען זיי בלייבענדיגען ווערט און פון דעם שטאַנדפונקט האָבען

מיר זיי באַהאַנדעלט. מיר האָבען קיין איין קאַפּיטעל נישט אַרויסגעלאָזען און קיין איין קאַפּיטעל נישט געקירצט, נאָר אין א פּאָר קאַפּיטלעך פון „שטעדט און שטעדטלעך" האָבען מיר אויסגעלאָזען די לעצטע שורה, מיט וועלכער ער האָט זיך צוגעפיהרט צו דער אונטערשריפט „די ביהן". ווייטער אָבער איז יעדע שורה און עדות און און אויסדרוק פון פרץ'ס שמערץ איבער דער לאגע פון דער אידישער עפענטליכקייט אין דעם אָנהויב פון צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט.

ד. פּ.

## 1.

8טען מאי, 1902.

פון אלע זייטען, גלייך דער עולם האט זיך אפגערעדט, פרעגט מען אלץ: מה נשתנה.

אין גראדנע האט זיך געמאכט א סכסוך צווישען דעם „בעל החכירה“ און זיינע „פאדאנים“ די קצבים. יעדערער קוקט, פון וואַנען עס קומט איהם אין מויל אריין, פון וואנען דער „ירק“ לעבט, האלטען מן־הסתם די רבנים מיט׳ן חוכר, וואס צאהלט זיי זייער געהאלט, כאטש נישט פון זיין קעשענע, און גיבען ארויס (אזוי שרייבט מען אין בריף פון „מיר בעלי־בתים“) אן איסור, מען זאל נישט קויפען קיין געטרייבערט פלייש פון קצב׳ישע קראמען, נאר פון דער קראם, וואס די „חכירה“ וועט „בקרוב און במהרה בימינו“ עפענען, און וואו די רבנים וועלען האבען א באשטענדיגע השגחה, די „קצבים“ מיט זייערע מנקרים זאלען חלילה נישט מאכיל טרפה זיין.

פרעגען „מיר בעלי־בתים“ פיער קשיות.

איין קשיא פרעגען זיי: מה נשתנה „היינט פון נעכטען?“ פארוואס זענען ביז נעכטען, איידער עס איז געווארען א סכסוך צווישען די קצבים מיט דער חכירה, די קצבים געווען כשר, זייערע קראמען כשר און די מנקרים כשר — און היינט, — קוים איז ארויס דער סכסוך — זענען זיי געווארען פון דער העלער הויט כמעט ווי „ניעבלאגאנאדיאזשנע“?

די צווייטע קשיא פרעגען זיי: מה נשתנה דעם חוכר׳ס קראם פון אלע קראמען? פארוואס ווילען די רבנים אין דער חכירה־קראם יא האבען השגחה און אין קצב׳ישע קראמען נישט? מיט וואס איז דעם חוכר׳ס מנקר אנדערש פון אנדערע מנקרים? צי איז דעם חוכר׳ס קראם שענער און געזינטער און זיין מנקר — מעהר למדן,

מעהר פרומער איד? צי טראגט ער לענגערע ציצית, בארד און פאות?

און ווי וועט זיין, אז דער מנקר (ער איז דאך נישט ערגער פון מיטארבייטער אדער רעדאקטארען פון צייטונגען) וועט זיך לאזען איבערקויפען און איבערגעהן אין א קצב'ישע קראם אריין, צי וועט מיטגעהן דער הכשר מיט דער רבנים'ס השגחה?

די דריטע קשיא פרעגען זיי: מה נשתנה דער קהל'שער ענין פון אלע ענינים? פארוואס ביי אלע ענינים מאכען זיך די רבנים טויב און שטום, און על כל פנים פויל און איילען זיך נישט עפעס צו טון לטובת הכלל, און דא, קוים ריהרט עס אן כשר פלייש, דאס הייסט דעם חוכר'ס קעשענע — האבען זיי זיך אזוי געאיילט, אז דער אסור פאר די קצבים און דער היתר פאר דער חכירה־קראם זענען ארויס נאך איידער מען האט די חכירה־קראם געעפענט, צי כדי די. וואס וועלען וועלען פאלגען און עסען כשר הינטערפלייש, זאלען עס נישט האבען וואו צו באקומען?

און די פיערטע קשיא פרעגען זיי, שוין פשוט א קשיא, נישט „מה נשתנה". פארוואס עפענט טאקע דער חוכר נישט די קראם? וואס פאר א געשעפט האט ער דערינגען, „יענע" זאלען עסען דאס „ווייכע פלייש" און מיר בני ישראל דוקא הוילעביינער?

און זיי פרעגען און זיי ענטפערען:

עבדים היינו צום קצב, דער קצב — צום דין, דער דין צום „חוכר"..

---

נישט קיין קלענער מה נשתנה פרעגט מען פון לאדז.

אין לאדז איז געשטארבען א איד א גביר, מן־הסתם א בעל־צדקה, מן־הסתם א פיינער מענש, מן־הסתם א וויכטיגער מענש — קומט איהם א שעהנע לויה...

מילא, א שעהנע לויה איז א שעהנע; ווער עס איז א גביר מקנא מיט א שעהנער לויה, איז אויך קיין גרויסער חכם נישט.

רייט מן־הסתם פאראויס זשאנדארמעריע; אז גאנץ לאדז וועט געהען, מוז מען דאך קוקען. רייטען זיי אין שעהנע מונדירען, אויף שעהנע גרויסע פערד, די נעפוצטע שטיוועל גלאנצען — א מחיה,

דערנאָך געהט א פיינע מטה: מיט בלומען, מיט סטענגעס, מיט אלערליי קרענץ, אז ביי מאנכע גבירים איז שטארק נאָס געוואָרען, ווען נישט די אויגען, וועניגסטענס אין מויל... דערנאָך געהט ערשט דער שעהנער עולם, לאַדזיער מיוחסים, לאַדזיער פאבריקאנטען, לאַדזיער באנקירען, לאַדזיער בעלי־בתים, זעקער גאָלד, זעקער קעלט! שווארצע רעק, צילינדער — כל טוב!

נאָכ'ן עולם פאָהרען ערשט נאָך קארעטען, גלאַנצענדיגע, בלי־צענדיגע קארעטען, בלאנקע שויבען, פיינע קוטשערס...

און צווישען דעם עולם — א דרייסיג תלמוד תורה קינדער...

און די תלמוד־תורה־קינדער האָבען נעבעך בלאַסע פּנים'ער— מן הסתם פאר גרויס הארץ־וועהטאָג, וואָס דער גביר איז געשטאָר־בען; צעריסענע קליידער — פון שטארקען קריעה־רייסען — און זעלטען א פּאָר גאַנצע שטיוועלעך.

פרעגט „פייוועל באקולין" (און עס זעהט אויס, נישט קיין אויסגעטראכטער נאָמען צו זיין) „מה נשתנה" — פיער אייזערנע קשיות.

די ערשטע קשיא איז:

אויב לאַדזיער קהל איז אימשטאנד געווען אויפצושטעלען פאר תלמוד־תורה א געביידע פאר צעהנדליגע טויזענטער רובל, פאַרוואָס האָט די אייגענע רייכע לאַדזיער קהלה קיין כח נישט, צו מאכען דרייסיג פּאָר שטיוועלעך על כל פּנים פאר די דרייסיג קינדער, וואָס מען שיקט אויף גביר'ישע לויות?

צווייטענס פרעגט ער:

אויב קהל האָט גערעכענט, אז דאָס געביידע באשיינט די גאנ־צע קהלה, ווייל עס שטעהט ברייט און הויך, גרויס און אָפען אין נאָס פאר דער גאנצער וועלט, אלע זאָלען עס זעהען, בשעת די תלמוד־תורה קינדער האלט מען אין תלמוד־תורה און ווען קיינער קוקט נישט אויף זיי, אויב אזוי — נאָך וואָס שיקט מען זיי ארויס אויף לויות, זיי זאָלען געהן — און דוקא גראָד אין א קאַלטען, כמעט נאָך ווינטער־טאָג, צווישען צילינדער, ווייסע האנטשוה, קרענץ מיט ביבערנע קעלנער — קריעה בליעה און כאַפּען דערביי א ציטער?

דריטענס פרעגט ער:

צי וואָלט נישט א יושר געווען, אויפ'ן אָרט פון ארויסוואַר־פען געלט אויף קרענץ, אויף סטענגעס מיט בלומען, מען זאָל גע־

ווען קויפען פאר די ארעמע תלמוד־תורה קינדער, וואס זיי איז שוין באשערט געווען צו באשיינען די גביר'ישע לויה, קאפאטקעלעך אדער לכל הפחות שטיוועלעך?

און די פיערטע אויך א שטארקע קשיא:

פארוואס האט די חברה צער בעלי חיים, וואס מישט זיך אריין, אויב עמיץ ווארפט אויף א הונט א שטיין צי א בעזים, אדער טרייבט א קראנק פערד, אדער לאדט עס איבער מיט לאסט, זיך נישט אריינגעמישט, זעהענדיג, ווי מען טרייבט, ווי צו א שחיטה, דרייסיג ארעמע, נאקעטע, אויסגעהונגערטע, אויסגעמוטשעטע תלמוד־תורה־קינדער, אין א קאלטען כמעט ווינטער־טאג, צו א לויה, וואס געהט טריט ביי טריט, לאנגזאם דורכ'ן גרויסען עולם און לכבוד דעם געשטארבענעם גביר אזא גרוים שטיק וועג?

און ה' באקולין ענטפערט אויך: עבדים היינו צו די לאדזיער גבירים, צו די גרויסע געלט־בייטעל, און נישט מיר אליין, נאר אפילו אונזערע קינדער און בפרט תלמוד־תורה־קינדער!

אנדערע קארעספאנדענטען פרעגען שוין א י י נ צ י ג ע קשיות, נאר אויך געזונטע:

פון דאמאניעוו (כערסאנער גוב.) פרעגט ה' מ. צ. גאראדיש־טשער: פארוואס האט זיין שמעדטעל נישט געאיילט זיך פאר פסח צוזאמענצונעמען מעות חטין פאר ארעמע לייט, און איז גע־לאפען פייל פון בוינען אנצולאדען מיט ממון און דמים „הערשעלע דעם מאקאראווערס איידעם", וואס היילט קראנקע מיט רעצעפ־טען, וואס די אפטייק וויל, ווי אויף צו להכעים, נישט ארויסגעבען?

און יקנה"ז פון ירושלים דליטא, ווילנא הייסט עס, פרעגט אויך א הארבע קשיא.

אין ווילנא, און געווים אומעטום, האט זיך באוויזען אן „אנאנ־סע", פיין געדרוקט אויף פיין פאפיר, א מודעה פון ווארשעווער רבנים כהאי לישנא:

„האמת ניתן לכתוב, שהטעה מבית המסחר של הפירמא של האחים ק. ס. פאפאוו כשר על חג הפסח בלי שום חשש ופקפוק כלל אפילו למהדרין מן המהדרין וכו'—". ווי באקאנט איז ק. ס. פא־פאוו א רוסישע פירמא אין מאסקווע, דער טיי ווערט צואוואויגען און געפאקט אין מאסקווע.

דעריבער פרעגט דער ווילנער יקנה"ז: צי האט מען הגאון ר'

פתחי׳ הארנבלאס און הגאון ר׳ יששכר דוב הלוי קופיעץ, דיביידע מו״ץ׳ס פון ווארשעווער ראבינאט, אזוי גוט באצאהלט, אז זיי זע־נען אראפגעפאהרען קיין מאסקווע בסוד סודות (ווייל אניט, טאר מען קיין מאסקווע נישט פאהרען) און אליין געזעהן, ווי מען צו־וועגט און פאקט דעם טיי פאר אידען לכבוד פסח, און עס איז רעכט, וואס זיי שרייבען „בלי שום חשש ופקפוק,״ צי זיי האבען יוצא געווען מיט וואס עס איז פאר א גוי א מסיח לפי תמו און דער „בלי שום חשש ופקפוק״ איז לאו דוקא?״

דא פאסט שוין „עבדים היינו״ נישט...

די רעשט קשיות לעגען מיר אפ אויף איבער יאהר, אי״ה...

נאר איידער איך חתמ׳ע מיך, מוז איך מוסר־מודעה זיין, אז איך בין נישט דער, וואס האט ביז אהער געשריבען פון „שטעדט־לער״ אדער ווי ער פלעגט זאגען: „וואס איז געוועזען דער רעדאק־טאר פון שטעדט און שטעדטלער״... דעם האט מען אונז ארויסגע־כאפט, איבערגענומען.

נאר קיין גרויסען היזק וועט איהר דערפון נישט האבען.

עס איז נישט געווען דער אמת׳ער אמת. על פי יושר ועל פי דין, און לויט דער נאמען קלינגט, האט ער זיך געדארפט און גע־וואלט אונטערשרייבען „אמס״ מיט א סמך... נאר אין א לשון־קדש ווארט איז שכיח א גרייז, דעם מגיה איז נישט איינגעפאלען צו קוקען אויף די חתימה א ו י ך, און, ווי דער שטייגער איז — שבשתא כיון דעל על!

איך וויל אייך באמת זאגען אמת, און טאקע אמת׳ען אמת — מיט א תיו, נאר קיין פרעמדע פאבריק־מארקע וויל איך נישט נו־צען.

די בריף, וואס „דער יוד״ באקומט פון דער פראווינץ, זענען, להבדיל, ווי בלומען אויפ׳ן פעלד, פון וועלכע איך דארף פאר אייך ארויסציהען זאפט און מאכען א מין האניג...

פון זיך צוגעבען מוז איך אמאל א ביס, וועניגסטענס א שטאך...

על־כן — רעכען איך, אז איך קאן מיך אהן א גרייז אונטער־שרייבען ד י ב י ה ן.

## 2.

15טען מאי, 1902.

א גרויסע פאסט — א מחיה!

מאסען רוסישע פראווינץ־בלעטער, „הצפירה“, „המליץ“; דערפאר ו ו ע נ י נ ע ר בריף.

נישט אלע אידישע קארעספאנדענטען שרייבען, אפנים, חול־המועד; אפשר לעגען זיי קיין תפילין אויך נישט...

נעם איך מיך פריהער צו די פראווינץ־בלעטער; „הצפירה“, „המליץ“ לעזט איהר אפשר אליין...

און — זייט מיך מקנא, אויב איהר קאנט! — און איך לעז א בלאט נאך א בלאט. מיט דער צייט וועט מיר די ארבייט גרינגער ווערען, איך וועל מיט דער צייט קריגען א נאז, וואס וועט פון וויטענס דערפיהלען דאס רעכטע מאטעריאל, דערווייל שוויץ איך!

איך הויב אן:

— „פאליטישע נייעס!“ — „פאליטישע דעפעשען“ — ניין, נישט מ י י ן זאך, נישט א י י ע ר זאך. ווער עס האט קיין א י י נ ע ן לאנד, באשעפטיגט זיך ו ו ע נ י ג מיט פ ר ע מ־ד ע ר פאליטיק...

— „אויסלענדישע נייעס“ — פון דעם וועט אויך קיין פרנסה נישט זיין. עכט אידישע נייעס וואלטען געקאנט זיין פון רומעניען, און פונקט פון דארט איז אין די רוסישע פראווינץ־בלעטער קיין איינציג ווארט צו געפינען...

— „היימישע נייעס“ — דא, טראכט איך, וועט זיין אן אוצר, מיט לאפאטעס צו שארען! איך לעג צו דעם קאפ צו די אויגען:

— „א מגפה אויף חזרים“ — איך קוק ווייטער, עס איז קיין סימבאלישער ארטיקעל נ י ש ט; מען רעדט פון אן אמת'ער מגפה אויף אמת'ע פ י ע ר ־ פ י ס י נ ע חזרים. וואס קאן דאס אונז אינטערעסירען?

מיט חזרים האנדלען מיר נישט, פון חזיר־פלייש נעמט מען קיין קאראבקע נישט, און איידער מען וועט געוואר ווערען, וועלכע זייט פון חזיר איז כשר, דאס הייסט, איידער משיח וועט קומען, וועט פון דער זשארגאנישער ליטעראטור קיין זכר נישט בלייבען; אדער גוי'ש, אדער לשון־קדש, — אזוי זאגט מען!

אמת, עס טרעפט אמאל, טאטע־מאמע געהען אין גאס אריין זוכען פרנסה, און אן אומגעלומפערטער חזיר רייסט זיך אמאל אין א שטוב אריין און בייסט אפ א הענטעל ביי א פארלאזט קינד אין וויג... איז עס אבער א זעלטענע זאך, און אויך דאס איז נאך זעל־טענער געווארען, זייט מען האט אונז בחרפתנו פון די דערפער ארויסגעבעטען...

„ליטעראַרישע איבערבליקען, קריטיקען, רעצענזיאנען“ — דאס אודאי און אודאי נישט! מיר האבען אונזערע אייגענע שמאטעס קריטיקען צו שרייבען...

אהא! ערפינדונגען! דאס וועט גוט זיין! ווי עס איז — א שכל'דיג שפיצעל, א חכמה'לע!

וואס איז געשעהען?

„אן איינוואוינער פון פראגע ביי ווארשוי האט ערפונדען קאַ־לאשען פאר פערד, הויפטזעכליך פאר טראמוויי פערד, זיי זאלען זיך נישט אפרייסען די פיס אויף די נייע גלאטע ברוקען אין ווארשוי.“

ניין — דאס וועט נישט געהן!

ערשטענס, איז דער ערפינדער נישט קיין איד...

צווייטענס, לאזט מען קיין שום איד ביים טראמוויי קיין דרייער נישט פארדינען, נישט אלס אקציאנער, נישט אלס קאנ־דוקטאר, נישט אלס פראסטער שמייסער אפילו. דער טראמוויי האט דעם איינענעם דין, ווי אלע גרויסע בפרט נייע געשעפטען: ווי באהנען, טעלעפאנען וכדומה...

און דריטענס, איז בכלל דאס רוב ווארשעווער פערד קיין אי־דישע פערד נישט...

„א ניי מיטעל אייער צו פארבען“, דאס איז פ א ס כ א, נישט פסח...

און שוין, מעהר קיין ערפינדונגען זענען נישט געמאכט גע־וואָרען.

עס געהען: מאָנאָפּאָל־רעפאָרמען... א מאַסע פּראָגען וועגען: „א נייע פאָרם פלעשלעך, שענערע עטיקעטען, שטאַרקערען צי שוואַכערען בראַנפען...“ נישט מיין, נישט אייער זאַך, נישט איהר טרינקט אַסך, נישט איהר האָט דערפון, וואָס יענער טרינקט... צו וואָס זאָל איך אייך אַנטון ענמת־נפש און דערמאָנען אָן אַלטע פאַר־לוירענע פרנסות... „ז כ ר נ ו את הדגה!“ איהר געדענקט אָליין!

„נאָגראַרניע“ — „אַטלימשיא“ — זאָל אייך דאָס וואַסער אומזיסט אין מויל אריין נישט קומען; נישט פאַר אייך געדאַכט!

אהא! קוים אַמאָל, א אידיש, אַן אמת אידיש נייעס!

„סימפּעראָפּאָל. די קאַראַל־סינאַגאָגע האָט געמאַכט א פאַר־שלאָג דער ראַרטיגער דומא, זי זאָל אָפּשטעלען די וויבאָרעס אויף א נייעם שטאָדט־רב אויף דעם 12טען מאַי, זעקס פאַרנאַכט...“

„קיין פּראָטעסטען געגען די מורשים זענען נ י ש ט דער־לאָנגט געוואָרען.“

גלויב איך מיינע אויגען נישט! ווי הייסט? סימפּעראָפּאָל איז כמעט אין עק פון שאר תפוצות ישראל, אָבער א ז ו י פאַרשלאָ־פען? נ א ר אָהן פּראָטעסטען און אפשר וועט נאָך אויסגעקלי־בען ווערען א רב אָהן א פּיצעל מחלוקת?

זוך איך ווייטער; איך פאַרגעס, אַז עס איז נ י ש ט קיין אידיש בלאַט און רעכען, אַז תוך כדי דבור וועט זיין אַן ה כ ח ש ה... טרעף איך נאָך א נייעס פון סימפּעראָפּאָל...

„די דומא האָט געמאַכט א פאַרשלאָג צום פּאָליצמייסטער, אַז ער זאָל שטרענג פאַרביטען: דער אידישער בילינער קיך, זי זאָל נישט אויסגיסען די פּאַמאיעס אין געסעל אריין און — דער אידי־שער מקוה, מען זאָל נישט אָפּלאָזען אין גאַס אריין דאָס „אָפּגע־ארבייטע“ וואַסער...“

אַצינד איז רעכט; טאַקע א פאַרשלאָפען שטעדטעל... זאָל די דומא מיט'ן פּאָליצמייסטער זאָרגען פאַר אידיש „מים שלנו“, פאַר אידיש אומריין וואַסער פון דער בילינער קיך, זאָלען זיי אויך דורכ־

זעהען דעם צעטעל פון די מורשים, צי עס איז ריכטיג, און מיר, מיר וועלען מן־הסתם דערפאר עפעס אנדערש טון. פארזארגען ז י י ע ר ע געשעפטען...

---

מיט איין סימפעראפאל אבער ווערט דער באַרשט נישט פעט; מען דארף ווייטער זוכען...

און, ווי אויף צו להכעיס, סאמע יום־טוב׳דיגע גומערען. פ א ס כ א א ו ן פ א ס כ א...

מען באמערקט (און איך מוז מודה זיין אהן כעס, אפילו אהן א בייז גלייכווערטעל) אן אויסטערלישע זאך, א זעלטענהייט: דאס יאהר איז געפאלען זייער פ א ס כ א מיט אונזער פ ס ח צו־זאמען...

און מיר פרעהען זיך צוזאמען אזוי זעלטען!

און דערפון ווערט נאך א שטיקעל פילוסופיא; עס ווארפט זיך אויף א שאלה: אין וועמעס זכות איז, למשל, אין קרימער נעגענד, אזוי שעהן, אזא לויטערער הימעל, אזא ליעבליך ווארעם וועטער, אז מען איז געפאהרען מיט שיפלעך אויף טייכען, געגאנגען מיט „כאראוואדען“ איבער די גאסען, און האלב־נאקעטע קינדער האַ־בען געשפילט אינמיטען מארק אין געפארבטע אייער?

און ווידער פארקערט: וועמען להכעיס איז אין אדעסער גע־גענד געווארען א קעלט, וואס די עלטסטע מענשען געדענקען נישט; מענשען האבען זיך געפאטשט אין גאס, אבי די הענט צוצופיהרען צו דערווארעמען זיך אביסעל; ווער איז שולדיג אין דעם שניי מיט׳ן קאלטען רעגען?

אין פילוסופיא אבער וויל איך מיך נישט אריינלאזען... בפרט אין רעליגיעזע ויכוחים... דאנקען גאט, וואס די א ל ט ע רעלי־גיאן־ויכוחים זענען בטל געווארען; פאר׳ן פארברענט ווערען האט מען נאך געהייסען אומזיסט זיך די העלזער איינרייסען!...

ניין, נאר נישט קיין ויכוחים! און איך לעג אוועק די פּראָ־ווינציאלע בלעטער!

„הצפירה“ רעדט פון ספענסער... די שאלות ותשובות וועגען אידישע ארבייטער אין אידישע און נישט־אידישע פאבריקען אין

װאַרשױ זענען נאָך נישט געענדיגט. ראַטעװען, אַזױ פּיהל איך, װעט דער „המליץ“...

אַ שעהנע מעשה, אָבער נאָר אַ שעהנע, פון קיעװ...

אַמאָל איז געװען אַ מײדעל: אַמאָל איז געװען אַ אינגעל...

פון שטרוי און אַ פונק װערט אַ שריפה, און דאָס מײדעל מיט'ן אינגעל האָבען זיך אײנס אינ'ם אַנדערען פאַרליעבט.

דאַכט זיך: מאי כולי האי? אַ אידישע זאַך, באַשטעל כלי־זמר און שטעל אַ חופה!

זענען אָבער דעם מײדעלס פאָטער־און־מוטער פון אַלטען דור, חסיד'ישע לייט.

זײ האָבען צום יונגענמאַן גאָרנישט, נאָר װי באַשטעהט מען עס אױף אַ שדוך, װאָס האָט זיך אַלײן געמאַכט, אָהן אַ שדכן צו־זאַמענגעפיהרט?

װילען זײ נישט...

נײן און נײן; נעמט זיך דאָס מײדעל, װאָס איז דוקא פון היינטיגען דור, צום האַרץ און קריגט אביסעל מרה־שחורה, מעלאַנ־כאָליע הײסט עס.

דער יונגערמאַן איז ערגעץ, זעהט אױס, אװעק...

דער בעסטער דאָקטאָר איז דאָך אָבער די צײט, און דאָס מײ־דעל איז יונג — קומט זי געשװינט צו זיך; דאַרף מען מיט איהר אַ שדוך טון. מען װעט דאָך זי נישט לאָזען פאַרזיצען אין גרױען צאָפּ אַריין — אַ „בײז־באַשרינגעניש“ — אַ מויד פון אבטצעהן יאָהר! איהר מאַמע האָט שוין אין איהרע יאָהרען געקרענקט פון קינדלען!

באַקומט מען עפּעס אַ בחור אַ חזן, װאָס איז גראָד דורכגע־פאַהרען אין געװאָלט חתונה האָבען, און מען שרײבט תנאים.

די כלה, נאַטירליך, פרעגט מען נישט; פאַלט זי צוריק אין מרה־שחורה אַרײן און װערט גוט קראַנק...

נו, מוז מען זי שוין קורירען.

דאָקטױרים אין קיעװ פעהלען נישט; נאָר װאָס דאַרף מען אַ דאָקטאָר, אז עס איז דאָ אַ מקובל! רופט מען דעם מקובל, ניט שר אַ רפואה!

און אַזױ האָט ער געהײסען טון:

מען זאָל געהען פון שטאָדט אַרױס אין װאַלד אַרײן. נעהענ־דיג אַפּצעהלען פון דער רעכטער זײט אַכטצעהן בױמער כמנין דער

כלה׳ס יאהרען, דעם נײַנצעהנטען זאל מען, נישט קוקענדיג אויף קיין געלט, אפקויפען, אויסוואַרצלען (זאל זיין מיט גוי׳שע הענט) און צוהאקען אויף ברען־האלץ...

מיט׳ן גאַנצען האלץ זאל מען אונטערהייצען א וואנע... קיין שפאן זאל נישט פעהלען, און אין די וואנע זאל מען אריינוואַרפען די חולנית...

און אז די כלה האט נישט געוואלט, האט מען איהר געבונדען הענט און פיס און געטאן, ווי דער מקובל האט געהייסען!

און אז מען האט דאס קראַנקע מיידעל אריינגעוואַרפען אין קאכענדיגען וואסער, איז — ווי מיט דער האנט אוועקגענומען — די קרענק מיט דער נשמה צוזאמען...

---

דערפאר וועט איהר שוין נחת האבען פון די בריף!

סאַמע צדקות און מעשים־טובים.

למשל: ראדאָם!

קהל האט איינגעזעהן, אז די חברה „בקור־חולים" פאלט, ווייל די חברה־לייט ווילען כסדר נישט צאָהלען, האט מען באשלאָסען, די חברה צו גרינדען אויף א פעסטען פונדאמענט מיט שטענדיגע הכנסות.

צו דעם צוועק האט מען באשלאָסען (און אויסגערופען אין אלע שולען, בתי־מדרשים און מנינים), אז מען נעמט אוועק די ביינער ביי די דינסטען (וואס זיי פעהלט, אזוי אויך נישט קיין הכנסות: לעש־געלט, נעסט־געלט, קאַרטען־געלט, היינט בעל־בתי׳ש שטיף־געלט וכדומה) און מען גיט זיי, דאס הייסט די ביינער, איבער דער חברה בקור־חולים...

יעדען ערב ראש־חדש זאלען די גבאים פון בקור־חולים שיקען יונגעלייט און בחורים אפנעמען ביי די דינסטען די ביינער (און פון כשר־פלייש איז דא ביינער אסך) און אפטראגען און לעגען אויפ׳ן שול־בוידעם, און עטליכע מאל אין יאהר (ווען עס וועט זיך אנזאמלען אסך ביינער און דער חברה וועט פארפעהלען געלט), זאל מען די ביינער פארקויפען פער ליציטאציע...

אין אנדערע „שטעדט און שטעדטלעך" איז מען אודאי נישט

לעדיג נענאנגען. דא און דארט האט מען געמאכט „פסח“ פאר אי־דישע סאלדאטען אין די ביליגע קיכען...

דער אלטער מנהג אהיים צו נעמען אורחים און צו זעצען מיט דער פאמיליע צוזאמען ביים טיש איז אפילו שענער און בעסער גע־ווען, נאר — נייע דורות, נייע מנהגים, און נישט ביי אלע, וואס נעמען אורחים, קאן מען עסען... היינט מצות געבאקען און עסען צונעגרייט פאר אידישע ארעסטאנטען...

היינט גלאט פאר ארעמעלייט: קמחא־דפסחא, גרייטע מצות, וויין אויף ארבע־כוסות — „קוואס“ אדער בארקים אויף קוואס... אויף טייל ערטער האט מען אייגנהענדיג מיט די ארעמעלייט צו־זאמען אין „פאדריאדען“ געארבייט!

מעשים האט מען געמאן פאר ארעמעלייט...

אבער צי זענען זיי עס ווערט?

עס ווייזט זיך אויס, אז די ארעמעלייט זענען, לא־עליכם, גרוי־סע ליגנער, שקרנים גרויסע.

אט, וואס מען שרייבט אונז פון א פוילישער גובערניע־שטאדט (מיר ווילען זי נישט אנרופען ביים נאמען, מיר זאלען נישט באקו־מען קיין פאלשע הכחשות):

„שלשים יום קודם החג“ האבען זיך אונזערע גביר'ישע אפטרופסים פון דער קהלה צוזאמענגענומען און געמאכט צוויי צעט־לעך. איין צעטעל פון נגידים, וואס דארפען געבען — און א צווייי־טען צעטעל פון אביונים, וואס דארפען נעמען — מעות־חטין...

עס איז אפילו געוועזען א חשד, אז די צעטלעך זענען נישט ריכטיג, אז טייל אביונים, וואס נ ע מ ע ן, האבען באהאלטענע אוצרות, און מאנכע, וואס גיבען „קנייפען זיך נאר אין די באקען, די פארב זאל האלטען“ און וואלטען גערן גענומען, נאר א מענש (און גבירים זענען אויך מענשען) קאן קיינעם אין הארץ נישט קוקען...

און גאר נאהענט שוין צו פסח האבען זיך פארזאמעלט — די גביר'ישע אפטרופסים אין קהל־שטוב, די ארעמעלייט אויפ'ן הויף פון קהל־שטוב, און דורך א פענסטערל האט מען אויסגעטיילט קמחא־דפסחא...

אזוי ווי אלע יאהר! נאר דאס יאהר האט מען גענען פאראיאה־רען צונויפגענומען האלב געלט און פארשריבען האבען זיך דאפעלט

אָרעמעלייט... האָט יעדע פאַמיליע באַקומען טאַקע נאָר א פּיערטעל פון פּאַראַיאַהרען... אכטצעהן און א האַלב קאָפּ. פּאַר א נפש...

איז נאָך וועניג, האָט זיך נאָך דעם צוטיילען אויסגעוויזען, אז אויפ'ן הויף ש ט ע ה ע ן נאָך אסך אָרעמעלייט, וואָס זענען אויפ'ן צעטעל נ י ש ט נעשטאַנען.

דאַמאָלט האָבען זיך די גבירים אויפגעשטעלט, געוויזען דעם אָרעמען עולם, אז יעדער פּונקט פון צעטעל איז אויסגעפילט, אז דער זאַק פון געלט איז לעדיג און געזאָגט: פאַרפאַלען, מעהר גיט מען נישט...

די אָרעמע האָבען אָנגעהויבען שרייען (ווייבער אפילו: וויי־נען), נאָר עס האָט נישט געהאָלפען, די גבירים טענ'ען זייערס: „דער זאַק איז לער, מען גיט נישט מעהר!" (גבירים האָבען מזל, גראַמען פליהען זיי ווי געבראָטענע טויבען אין מויל אריין), און די אָרעמעלייט אָבער האָבען אָנגעהויבען העכער צו שרייען:

— חמץ — האָבען זיי געשריען, — וועלען מיר עסען, — אויף אייער חשבון, חמץ! דער „כרת" וועט פאַלען אויף אייך, אויף אייך!

און וואָס האָט זיך אויסגעוויזען?

די גבירים האָבען טאַקע וואָרט געהאַלטען, עס האָט מעהר קיינער קיין פעניג נישט באַקומען, א מאַן — א וואָרט! און די אָרעמעלייט?

קיין וואָר וואָרט געהט זיי פון מויל נישט אַרויס...

קיין איינציגער אָרעמאַן האָט קיין חמץ גאַנץ פסח פאַר די אויגען נישט געזעהן. טייל אפילו אסרו־חג נישט...

3.

22טען מאי, 1902.

עלטערע מענשען גערענקען נאך אלטע קהלות, שטילע קהלות, וועו עס האט זיך שטיל־מתנגד׳יש געלעבט.

עס האט נאך נישט געהייסען מתנגד׳יש; עס זענען נאך קיין חסידים נישט געוועזען. זיי זאלען דעם נאמען געבען! אבער שטיל איז געוועז...

דאס מחלוקת פון חכמי צרפת געגען רמב״ם און זיינע תלמידים איז פארגעסען געווארען! אלע גרויסע פוןביידע צדדים זענען געשטאנען הויך און גרויס אין ווייסע ליינוואנט און שווארצע לעדערנע רוקענס אין די הויכע גרויסע ספרים־שענק אין בית־המדרש... ר׳ נפתלי כ״ץ האט זיך אנגעריהרט רעכטס מיט׳ן „בעל־עקדה“, לינקס מיט׳ן רלב״ג און קיין איינציגער פון די דריי האט קיין שלעכט ווארט נישט גערעדט... און אויב זיי האבען זיך שטי־לערהייט איבערגעווארפען, האט זיי די חברה ש״ס מיט פשוט׳ער גמרא פארהילכט...

איינער אין שטאדט, צוויי אין א מדינה האבען געקאנט זיין מקובלים, וואס האבען געזוכט דעם אמת׳ען אמת, דעם „תוך“ פון „רעכטס און לינקס“, פון „אויבען און אונטען“, פון „כתבי־יד“ און ארץ־ישראל ספרים... עס זענען אויך געוועזען שטילע „חוקרים“־שמש־ים, וואס ערשט נאך זייער פטירה איז מען געוואר געווארען, אז זיי האבען קארעספאנדירט מיט אויסלענדישע אקאדעמיען וועגען תקופות ומזלות, לקוי־חמה׳ס וכדומה... זיי האבען אבער שטיל און באהאלטען געלעבט, ווי די באשיידענע פעלד־בלימלעך צווי־שען ווייץ און קארן...

פון זיי האט קיינער נישט געוואוסט, עס האט קיינער פון זיי קיין נחת און קיין צער נישט געהאט.

און קהל איז געוועזען — א י י ן קהל, א י י ן פירוש אויף תורה — רש״י, א י י ן קארעקס — דער שלחן־ערוך, א י י ן סדור — איין נוסח צום דאווענען...

אין שטעדט און שטעדטלעך זענען גאנצע און מעהר ווי גאנצע „אלף־בית׳ן“ רבנים געווען און — אהן מחלוקת וועגען רבנים! יאהר ביי יאהר פלעגען קלפי׳ס זיין, אויף אלערליי גבאות, פאר אלערליי חברות, (און צדקה האט מען געטאן אסך, און חברות זענען אסך געוועזען) און עס זענען נישט געפלויגען נישט קיין פעטש, נישט קיין האר פון בארד און פאות, נישט קיין פעדערען פון „כרים וכסתות“, נישט קיין מסירות...

„תפוצות ישראל“ האט אויסגעזעהן, ווי א שטיל, רוהיג, גלאנצענדיג וואסערל, אהן רעדלעך, אהן שרימפען...

אויסער, אז עס האט זיך א מסור באוויזען, אדער — אז מען האט פון דרויסען א שטיין אריינגעווארפען...

דערנאך האט זיך אנגעהויבען די מעשה מיט חסידים, דערנאך מיט משכילים...

עס האט אפגעקאסט בלוט, עס זענען חרב ונחרב געווארען קהלות, מען האט פארפולט די תפיסות — און עס איז ווייטער שטיל געווארען...

די מתנגדים זענען אויסגעשטארבען, דאס חסידות האט זיך פארשפרייט פון אונטען, די השכלה האט אנגעהויבען ארומצושווי־מען פון אויבען... מען האט זיך צוגעוואוינט — ביז עס האט ווייטער אנגעהויבען צו רודערען...

נייע מחלוקת!

און וועגען וואס?

וועגען ציוניזם!

אין א אידיש־פוילישען שטעדטעל (איך האב ליידער דעם נא־מען פארגעסען) האט מען געכאפט א פריש־ארויסגעבראכטען איי־דעם ביי א מעשה־רע! מען האט ביי איהם אין וועסטעל־קעשענע געפונען — א שקל קוויטאנציע... האט מען איהם צומארגענס אפגע־גט מיט׳ן ווייב (ביידע, שרייבט מען, האבען ביים גט געוויינט ווי קליינע קינדער), בשעת גט — האבען דערווייל די קרובים ארויס־געכאפט די כלים פון שטוב, די סחורה פון קליינעם געוועלבעל, און — צוגענומען דעם יונגענמאנס פאספארט, דערנאך האט מען איהם געמסר׳ט און געלאזט אפשיקען אהיים מיט׳ן עטאפ...

אין אסטראשיצקי האראדאק (מינסקער גוב.) האט זיך גע־עפענט א ציוניסטישער פאראיין. בעל־בתי׳שע קינדער האבען זיך

אפילו נישט פאַרשריבען, ווייל אין פאַראיין האָבען זיך געפונען איינינע בעל־מלאכות — דערפאַר איז צוגעשטאַנען א ישיבה־בחור, וואס פלעגט עסען טעג. איז מען געוואָר געוואָרען, האָט מען איהם די טעג אָפּגעזאָגט און ארויסגעטריבען... דער קליינער פאַראיין האָט איהם קוים צוזאַמענגענומען אויף הוצאות און ארויסגעשיקט פון שטאָדט!

און וואס איז געווען דער חטא פון קליינעם ציוניסטישען פאַראיין: מען פלעגט זיך פאַרזאַמלען משבת לשבת און לעזען א י ד י ש ע געשיכטע... אזוי שרייבט מען!

אין מאָהליוועער גובערניע איז פאַראַן א שטעדטעל טשודנאָוו, דאָס גאַנצע שטעדטעל שטעהט ווי אויף ברענענדיגע קוילען. עס איז קיינער מיט'ן לעבען נישט זיכער. דאָס שטעדטעל איז פול פון (לויט מען שרייבט) גנבים, גזלנים... מען רייסט פון די הענט, מען שלעפּט פון די קעשענעס, ביינאַכט ציטערט מען פאַר שרפות — פיער שרפות א וואָך איז נישט קיין זעלטענהייט! טשודנאָוו איז דער אָרט, וואו מען פאַרשיקט די גנבים פון זשיטאָמיר! און דאָך האָט דאָס שטעדטעל צו טון נישט מיט די גנבים, נישט מיט די גזלנים, נאָר מיט ציוניסטען!

צו א ל ט ע ציוניסטען, וואס זענען געוואָרען פון די אלטע חובבי־ציון, האָט מען זיך שוין געהאָט צוגעוואוינט, מען האָט זיי אנגעהויבען צו פאַרדייען, האָבען זיך פּלוצים באוויזען קליינע, יונגע ציוניסטען — „בני־ציון"! איינגלעך האָבען אנגעהויבען צאָהלען שקלים, איינגלעך האָבען אנגעהויבען צו לעזען א י ד י ש ע געשיכטע, א י ד י ש ע צייטונגען, און אויף דעם האָט שוין קהל נישט געקאָנט באַשטעהן! עס זענען אפילו פ ר ו מ ע ציוניסטישע קינדער: אחוץ אידישע געשיכטע און אידישע צייטונגען, האָבען זיי נאָך צוזאַמען געלערענט חומש מיט רש"י, עין־יעקב און וועק ווייסט וואס נאָך פאַר א מוסר ספרים! ציוניזם אליין איז אבער שוין אן אפיקורסות! און א געוויסען שעהנעם העלען שבת בשעת קריאת־שמע האָט מען די בני־ציון אויסגעפּאַטשט, אָפּגעריסען אויערען און נעז און ארויסגעוואָרפען פון בית־המדרש. דערביי האָבען שוין די עלטערע ציוניסטען אויך געליטען, ווייל זיי האָבען זיך אנגענומען פאַר די יונגע!

„ובערת הרע מקרבך“ איז טאקע א מצוה, נאר צי איז נישט גלייכער די מצוה מקיים צו זיין וועגען די פארשיקטע גנבים?

אין גראדאסק, אין פרעהליכען חדש ניסן איז געשעהען אזא מעשה:

עס איז נעקומען א „מטיף ציוני“; א א י ד, וואס האט גע־האלטען דרשות וועגען צ י ו ן א ו ן י ר ו ש ל י ם — האט מען איהם גע'מסר'ט, אז ער פאהרט ארום אין די אידישע קהלות אנ־צומאכען מחלוקת, אז ער קלייבט ג ע ל ט אויף געהיימע צוועקען. און „בפירוש הותנה“ מיט'ן „נאטשאלניק“ פון פאוויאט, אז אויב ער וועט נישט איבערגעבען די זאך צום „סליעדאוואטיעל“, וועט מען איהם אליין מסר'ן...

און מען האט קוים מציל נעוועז דעם בעל־דרשן פון פרעמדע הענט!

אין בערדיטשעוו — מחלוקת און מסירות! פארוואס? פאר א „חדר מתוקן“. פריהער האט מען אזא חדר, וואו מען לערענט לשון־קודש אויף לשון־קודש, געעפענט פאר בעל־בתי'שע קינדער, דערנאך א צווייטען חדר פאר ארעמעלייט. די „עולה“ האבען שוין די מלמדים קאלטבלוטיג צוקוקען נישט געקאנט! מען האט דער־לאנגט וואו מען דארף א „דאנאס“, אז דער „עברית בעברית“ איז ריינער סאציאליזם; מען האט ארויסגענומען דאס אור־אלטע מתנגד'ישע און אלטע חסיד'ישע כלי־זיין און אויסגעטראכט א בלבול, אז „מען האט אויסגעשניטען און אוועקגעווארפען צוויי ספרים פון דער תורה“... וכדומה, און, צי די חדרים וועלען אויס־האלטען צי ניין, דערוויייל אבער, שרייבט מען, „קאכט בערדיטשעוו ווי א קעסעל“, און געווים וועט זיך נישט איינער אפבריהען!

און אזוי איז כמעט אין אלע, אלע שטעדטלעך, וואו עס בא־ווייזט זיך ציוניזם!

וואס דארפט איהר מעהר? ווארשוי איז שוין נישט קיין קליין שטעדטעל, עס זאל „קאכען אויף קעסעל און כלים“ און פיה־רען מחלוקת... ווארשוי, ווייסט מען, איז א שטילע שטאדט, א רו־הינע שטאדט, וואס לאזט זיך פיהרען, אפילו ארומפיהרען ביי דער נאז... וועניגסטענס — אין קהל'שע, אידישע ענינים...

וויפיעל שטריימלעך עס הויבען זיך נישט איבער ווארשוי און — „אין מלכות נוגעת בחברתה“ — יעדעס שטריימעל געהט זיך

זיין וועג, האט זיך זיינע הכשרים, זיינע נולדים ונפטרים, זיינע ברית'ן, חתונות, גט'ן — און, מאכט זיך אן אסיפה גדולה, קומען זיך אלע שטריימלעך מיט די זילבערנע האר צוזאמען און רעדען גר טע רייד, זיסע רייד, ווי עס פאסט פאר תלמידי־חכמים...

עטליכע הונדערט מנינים זענען פאראן אין ווארשוי, און מען הערט גישט, עס זאל עמיץ געפאטשט ווערען וועגען אן עליה...

ווארשוי האט א גרויסע קהל־שטוב — פיערצעהן דאזארעס, און יעדערער טוט זיך זיין זאך, כאטש זיי באשטעהן פון דייטשען, בעלי־בתים און האלבע משכילים...

א דייטשע שול האט ווארשוי, א סינאגאגע הייסט עס. קיין ארגעל האט די דייטשע שול נישט, נאר דערפאר צוויי פרעדינער. און דער מזל האט געוואלט, אז איינער זאל זיין אן א ל ט ע ר א ס י מ י ל א ט א ר און דער צווייטער א י ו נ ג ע ר צ י ר נ י ס ט... און פונדעסטוועגען, הערט דער עולם גאנץ רוהיג דעם ערשטען טאג יום־טוב, וואס דער א ל ט ע ר זאגט, און דעם צווייטען טאג יום־טוב, וואס דער י ו נ ג ע ר דרשנ'ט, און טראכט דערביי — אפשר וועגען פאליטיק, אפשר וועגען דער בערזע, און שטיל! עס וועט צו קיין מחלוקת, חלילה, נישט קומען!

דאכט זיך, נאר א גן־עדן, נאר אין גן־עדן באווייזט זיך אויך די שלאנג:

עס איז געוועזען אן אלגעמיינע אסיפה פון א צדקה־חברה „אחיעזר“. עס האבען זיך פארזאמעלט עטליכע הונדערט מענשען, עס האבען געזאלט זיין נייע וויבארעס אין קאמיטעט אריין, עס האט געזאלט גערעדט ווערען וועגען וויכטיגע פראגען אין דער צדקה, און פון דער גאנצער אסיפה איז נ י ש ט געווארען, ווייל מען האט נישט געקאנט אויסקלייבען א פרעזעס (יושב ראשון) צו דער אסיפה.

קוים האט מען די פראגען געשטעלט וועמען אויסצוקלייבען, האט א האלבער עולם אנגערופען א י י ן נאמען, די אנדערע העלפט א צווייטען נאמען... און עס איז געווארען א רעש, א געפיל־דער, א ניהנום! — מען האט געבראכט פאליציי, עס האט נישט געהאלפען.

א העלפט עולם שרייט — י., די אנדערע העלפט — ס...

איך פרעג איין צד: פארוואס נישט י.? ענטפערט מען מיר:

ער נעהערט צו דער רעוויזיאנס־קאמיסיע, קאן ער ע"פ התקנות נישט זיין קיין פרעזעס. אן אמת'ער תירוץ.

פרעג איך אין צווייטען צד: פארוואס נישט ס.?

— ער איז א ציוניסט! — ענטפערט מען מיר מיט כעס, מיט האס, מיט בזיון...

און מען איז זיך צוגאנגען, אויב נישט מיט אנגעשוואלענע פנים'ער, על כל פנים מיט אויסנעטריקענטע העלזער...

---

וואס פלעגען די אלטע שטילע אידישע קהלות טענ'ען, אז מען האט זיי אריינגעווארפען שטיינער פון דרויסען?

וואס פלעגען טענ'ען די ערשטע חסידים, אז מען האט זיי מיט געוואלט געגאלט די בערד, געטריבען, נעיאגט, גע'מסר'ט און פארשיקט?

וואס פלעגען טענ'ען די אלטע משכילים, ווען מען פלעגט זיי שמייסען אין די בתי־מדרשים אויף אפענע קאנקארדאנציעס, אפ־געבען פאר סאלדאטען אדער טרייבען פון שטאדט צו שטאדט?

און וואס טענ'ען — היינט די ציוניסטען? (איך זאג בפירוש ה י י נ ט, כל־זמן ז י י זענען שוואך, כל־זמן מען יאגט ז י י).

אלע טענ'ען אן עהרליכע טענה:

אין כוח צווישען מוחות און הערצער דארפען זיך די גראבע הענט נישט אריינמישען!

ווער עס כאפט אין מיט'ן כוח א בענקעל, איז א סימן, אז דאס בענקעל איז קליגער פאר איהם... ווער עס מסר'ט...

ניין, דאס טאר מען נישט זאגען; עס וועט זיך געפינען אן „אהר" און עפעס צולעגען, אביסעל צוזאלצען און מאכען א פיין לעקעלכעל פאר „ראלא", „ניווא־פאלסקא" און אפשר פאר'ן „גלאס"?

מיט דער צייט וועט די „פראוודא" אליין אויך אנהויבען אזוינע לעקעכלעך צו נאשען...

נאר פון דעם אן אנדערש מאל..

4.

29טען מאי, 1902.

עס איז משוגע צו ווערען פון אונזערע קהלות!

דאכט זיך „סדנא דארעא חד הוא“ — אויף פּראָסט אידיש: אומעטום די אייגענע וועלט, קומט א קהלה קדושה און ווארפט דיר ארויס אזא מין קונץ־שטיק, אז דו בלייבסט שטעהן, עפענסט דאָס מויל און גאפסט!

פון שטעדט און שטעדטלעך שרייבט מען געוועהנליך וועגען יצר־הרע צו א כזית'ל גבאות פון וואָס עס איז פאר א חברה: „תקון וקוני ספרים“, וואָס האָבען קיינמאָל קיין דרייער נישט נייע ספרים צו קויפען און זענען יוצא מיט לופטערען די אלטע אויפ'ן שול־הויף פאר דער זון און מיט זאמלען שמות פון צוריסענע ספרים, וועלכע מען שיקט ארויס אמאָל אין א יאָהר אין א גרויס צוקער־פאַס אויפ'ן בית־עלמין...

פון א „לעזע־פעראיין“ — וואס האָט נישט מעהר זיין אייגע־נעם, ווי א לאַפּאַכינע חתימה פאר בעטעל־בריף צו אויסגאבען און רעדאקציעס — מען זאָל ארויסשיקען ספרים און ציימונגען אומ־זיסט...

פון א חברה יין־קדוש, „פּאָדריאַדען“ פאר פּסח מצות צו באַ־קען פאר אָרעמעלייט אָדער צוזאַמען מיט אָרעמעלייט וכדומה.

נהרג ווערט מען פשוט על פחות משוה פּרוטה פון וואָס־עס־איז א חברה'שען כבוד, א קהל'שען כבוד!

קהל'ס פאַרזאַרגער וואקסען דעריבער ווי אויף הייוועז, ווי שוואמען אין וואלד נאָך א רעגען...

חברות ווערען אומישנע געמאכט, עס זאָל נישט פעהלען קיין כבודים פאר די מכובדים — פאר גביר'ישע קינדער, זיידענע יונגע לייט, אויפגעקומענע עם־הארצים...

דעריבער הערט מען פון אזויפיעל קלפי'ס, פון אזויפיעל געל־טער! ביי יעדער קלפי ווערט א מחלוקת לשם שמים, ווערען נעז און אויערען געריסען, סודות אנטפּלעקט, קומט מען אום על קדוש־השם...

און אז עס קומט די צייט צו שרייבען „שטעדט און שטעדט־לער", בין איך גרייט איינצוטונקען די פעדער אין גאל און שרייען: גזלנים, עד מתי?!

נא־דיר!

די ערשטע ידיעה, וואס קומט מיר אין דער האנט אריין, רעדט פונקט פון א שטעדטעל, וואס איז גאר קיין שטעדטעל נישט, וואו דער יצר־הרע פון כבוד און גבאות האט גאר קיין שליטא נישט, וואו די קלפי'ס זענען קיין קלפי'ס נישט, די גבאים קיין גבאים נישט און די קהל'שע עסקים פאהרען און פיהרען זיך אליין!

מאכט זיך א וויכטיגער צופאל — שיקט גבאי ראשון, וואס איז באמת גאר קיין גבאי ראשון נישט, זיינס א שטיקעל קרוב, א נאהנטען צי א ווייטען, נאר מן־הסתם אן ארעמען קרוב, וואס מען נוצט צו שליחות, און גיט איהם אפילו נישט איבער נישט קיין שטע־קען אין האנט אריין, נישט קיין ווארטצייכען אין מויל אריין, גאר־נישט! און ד ע ר טוט בשמו — בשם הגביר הייסט עס.

דאס שטעדטעל הייסט ראדאמישל. עלף יאהר צוריק האט דארט געדארפט זיין אן אסיפה אויסצוקלייבען גבאים צו דער תלמוד תורה. איז די אסיפה נישט צו שטאנד געקומען; עס האבען זיך וועניג מענשען פארזאמעלט. אלזא, איז דאכט זיך קיין אסיפה נישט געווען, פונדעסטוועגען האבען זיך אויסגעקליבען פינף גבאים: ה. ג. ק. צ. און ר.! אומבאקאנטע הענט האבען אפילו דערויף א פראטאקאל געשריבען און גע'חתמ'עט, נאר אריינגע־שיקט, וואו מען דארף, האט מען דעם פראטאקאל נישט. זאל זיין גבאים אהן א פראטאקאל, זענען אבער די גבאים אליין קיין גבאים נישט; זיי קומען אין תלמוד תורה נישט אריין. איין ה' ג. באשעפ־טיגט זיך מיט דער תלמוד תורה אזויפיעל, אז פון צייט צו צייט שיקט ער אהין זיין קרוב, געוואר ווערען, וואס עס הערט זיך...

און די תלמוד תורה? זי געהט אליין!

---

עפעס עהנליכעס איז געשעהען אין ניעמאן אויך.

מען דארף א רב; דער אלטער, נעבעך, האט אויסגעדינט זיין צייט און איז נפטר געווארען. ביז אין דער לעצטער רגע האט ער

שאלות גע׳פסק׳ט, פשרות געמאכט, ביז עס האט איהם אטעם פארפעהלט.

הכלל מען דארף א רב, קהל איז אבער פויל צו קלייבען. קהל זאגט, אז מען קאן יוצא זיין מיט דער אלמנה און יתומים פון אל־טען רב, וואס מען דארף שפייזען און נישט נעמען א נייען עול אויף זיך.

על פי דין מוז אבער זיין א רב! מען דארף, צי מען דארף נישט, עס מוז זיין.

געפינט זיך א איד א גביר, קלייבט ער אליין אויס א רב.

קיין גרויסער למדן, לויט מען שרייבט, איז דער גביר אפילו נישט, קיין גרויסער ירא־שמים אויך נישט, נאר א נאז, זאגט מען, האט ער. און וועלכער גביר האט עס נישט קיין נאז? אז מען איז א מבין אויף זינגען, איז מען א מבין אויף א רב אויך...

בפרט, אז ער האט באמת געטראפען! — ער האט אויסגע־קליבען דעם רבי׳ן זאל לעבען א לייבליכען קרוב — וואס דארף מען מעהר?

איז דאך אבער א איד, אפילו א גביר, אין גלות, און כאטש קהל שווייגט און נעמט אן אלץ פאר ליעב, זאגט דער פריסטאוו: לאו! א רב, זאגט ער, מוז זיין אויסגעקליבען פון קהל, עס מוז זיין א קלפי, על כל פנים — א פראטאקאל, אז עס איז געוועזען א קלפי! א דין מפורש, זאגט ער!

מה עשה — וואס טוט א איד א גביר? אפטרעטען וועט ער דאך נישט. שרייבט ער זיך אן (מיט פרעמדע הענט, נאטירליך) א פראטאקאל; מען זאגט — גאר א שעהנעם פראטאקאל, עכט רוסישע שפראך און על פי חקי הקאליגראפיע! וואו נעמט מען אבער דעם קהל צום אונטערצושרייבען? מילא צו די עטליכע ריי־כע העלי־בתים, וואס זענען פאראן אין שטעדטעל, שיקט ער אהיים דעם פראטאקאל צו דער חתימה, עס וועט איהם קיינער נישט אפ־זאגען; אבער וואו נעמט מען דעם „המון?"

פאלט ער אויף א גביר׳ישע המצאה. ס׳רוב „המון" זענען בעלי־עגלות, אביסעל אפהענגיגע פון גביר און זיינע עסקים, הייסט ער זיינע מענשען, זיי זאלען פארטאג פארנעמען די פערד פון פאשע און אריינטרייבען צום גביר אויפ׳ן הויף.

וכך הוה!

און צומארגענס קריגט קיין איינציגער בעל־עגלה זיין פערדעל נישט ארוים, ביז ער שרייבט נישט אונטער דעם פראטאקאל, און ברענגט נישט קיין חתימה פון זיינע קרובים און גוטע פריינט!

און אויף אזא אופן, הודות להגביר והסוסים, האט קהל גע־קריגען א רב!

---

עם זענען פאראן קראנקע, וואס האבען ל י ע ב זייער אומגליק, וואס „גראבלען" שטענדיג אין די אייגענע וואונדען, וואס האבען מורא אז זיי א רנע צו פארגעסען, און אזוי קראנק זענען אלע אידישע אינטעליגענטען, וואס לעזען וואר־ווערכענטליך און טאג־טעגליך אנטיסעמיטישע בלעטער. מען האט א משונה'דיגע הנאה פון דעם גאל אויסגיסען...

און איך, אויך א אידישער אינטעליגענט, האב מיך אזויפיעל אנגעלעזען אין די אנטיסעמיטישע בלעטער פון אידישער „סאלי־דארנאסט", ווי מיר אידען זענען שטענדיג צווישען זיך „קנעפעל־ביי־קנעפעל", ווי צוזאמענגעוואקסען אונזערע נשמות זענען, אז איך האב טאקע געגלויבט, אז אויב מען גיט א פאטש א איד פון יענער זייט סמבטיון, ציטערט ראטשילד אין פאריז און פארקערט...

בפרט די לעצטע צייט: א אידישער קאנגרעס! מארבע כנפות הארץ פאהרען זיך אידעלעך צוזאמען! האלטען עצות! א אידישע באנק — פון מזרח, פון מערב, פון צפון, פון דרום שווימט צוזא־מען אידיש־קבצנ'יש קליין־געלט און עס ווערט אן אוצר, א מטמון מיט גאלד! און פון אלע עקען פון דער וועלט, פון אונטער די הרי־חושך, אויסער איין קעלצער גובערניע — פליהען שקלים אויף אר־גאניזאציע! היינט רעדט מען נאך פון א נאציאנאל־פאנד, פיינע מארקען אפגעדרוקט!

איך האב געמיינט: זיי האבען גערעדט און גערעדט, ביז זיי האבען אויסגערעדט אין א מזל'דיגער שעה, אין א גוטער שעה! פון היינט אן וועט זיין „קוש־וואד", טאקע ווי אין חודש בענשען שטעהט: עם כל ישראל אחיחם!

בפרט, אז איך האב געלעזען, ווי ווינער אידען קלערען, וואס

מען טוט מיט רומענישע אידען! וואס זיי וועלען טון, איז אפילו נאך א סוד, נאר געגוג — מען קלערט!

איי וואס, דער ווארשעווער ד"ר הערץ, וואס זאגט צו אין „פשעגלאנד טיגאדניאווי", אז ער וועט קיינמאל זיך נישט אפטרע־נען פון דער כנסת ישראל, זאגט זיך פונדעסטוועגען אפ פון די פויזנער אידען, ווייל זיי זענען נישט קיין שארפע פּאלא־קען — פטור! א מענש פון אלטען דור, דער טאפּ איז שוין אן אנגעזאפּטער!

איי וואס, אין זדונסקא־וואלא ווילען די היימישע פּוילישע אידען נישט אריינלאזען אויף שבת צום שטאדט־בעקער קיין ליטווישען קוגעל, ווילען קיין ליטוואק נישט צולאזען צו קיין עליה אפילו שמחת תורה, און פסח־צייט — אנטלויפט מען פאר א ליטוואק, מען זאל נישט עובר זיין אויף „בל־יראה" — ווער רע־כענט זיך מיט אזוינע לעכער, ווי „זדונסקא וואלא"? אויך מיר א קהלה — א געגעץ!

איי וואס, אז „הרב הגאון" ריינעס קומט אין א ליטווישע שטאדט אריין דרש'נען, שפּרינגט ארויף א פרוש אויפ'ן בעלעמער און כאפּט איהם ביי דער גרגרת, און אז „בני־ציון־אינגלעך" בא־ווייזען זיך אין א חסיד'ישען מקום־קדוש, רייסט מען זיי אפ די נעז און זיי עפענען מיט די יונגע הייסע קעפּ די טיר — מאי כולי האי? עס איז א סימן פון לעבען. מתים קומען נאר ווארגען און דוקא בייגאכט אין שלאף; פון נעז רייסען האבען זיי גאר קיין ידיעה נישט! און דאס לעבט, אין שעהנעם העלען טאג!

אין איינענעם טעפּעל מעג זיך קאכען, אבער בנוגע צווישען אונז און אנדערע, אה! דא איז יד אחת: איינער פאר'ן צווייטען, יעדערער פאר אלע.

הער איך אבער, אז פון אמור ביי יעקאטערינאסלאוו טרייבט מען ארויס זעקס הונדערט אידישע פאמיליען (זייט אייך משער, וויפיעל נפשות) ווייל דער ארענדאטאר פון דער ערד, א איד — איהר הערט? — א איד, וואס האט אויך נישט אין זין צו פארלאזען די כנסת ישראל, אויסצוטוישען דאס רענדעל (מען זאל זיינער פטור ווערען)—ווייל דער אידישער ארענדאטאר האט נישט געלאזט, אז די יעקאטערינאסלאווער דומע זאל מאכען פון אמור א פארשטאדט צו יעקאטערינאסלאוו...

ער האט נאך מעהר געטאן — ער האט צוגעזאגט (און איז, דאכט זיך, א איד א גביר און וועט אודאי האלטען ווארט!) צו מסר'ן די אידען, וואס וועלען בלייבען, וואס וועלען, חס־ושלום, וועלען פאלש בלייבען...

און אפשר איז די מעשה נישט אמת, און דער אמור'ער ארענדאטאר איז נישט אזא ווילדע בארבארישע בריאה? וואס פארדינען מיר דערביי? איז דער שרייבער, וואס איז דאס מודיע, טויזענט מאל ערגער!

---

אבער אידישע רחמנות איז שוין א זיכערע זאך?

אויף דעם מעג מען מ ו י ע ר ע ן שטעלען?

אמת, אן אנגענעסענער דייטשער איד פלעגט מבזה זיין א הונגעריגען פוילישען שנארער! אבער היינט?!

אמת, אין אסך (בפרט פוילישע) שטעדט זענען אלע צדקות נאר פאר היימישע אידען, דאס הייסט פאר די, וואס די פאליציי האט פאר היימישע פארשריבען, און א פרעמדער מעג אויסשטרעקען די צונג...

א גמרא: „עניי עירך קודמין" — פארזארג פריהער היימישע ארעמעלייט: איי וואס, די גמרא מיינט נאר די, וואס געפינען זיך אין שטאדט, און פארלאנגט נישט, זיי זאלען געבוירען ווערען אויפ'ן היילינען גזשיבאוו, אדער די פאליציי זאל זיי איינשרייבען — טייטשען זיי אנדערש די גמרא!

אבער אמת היימישע, געבוירענע ארעמע לייט?

איך רעד נישט פון רבנים, זיי געהערען צום בעל־טאקסע; פון פשוט'ע ארעמע לייט רעד איך. פון פשוט'ע אידען, וואס האבען נישט קיין „מחזקות" מיט דער קארא־בקע, מיט קצבים, מיט הכשרים — צי וועט א אידישע קהלה לאזען אזוינע שטארבען פאר הונגער? און בפרט יתומים?

שרייבט מען דוקא פון מיראפאל (ווארלינער גובערניע), אז עס טרעפט זיך אזוינס!

אין מיראפאל איז געוועזען אן אלמן מיט קליינע קינדער...

און דער אלמן איז געוועזען א קראנקער, געוואוינט אין א

„הינטער־שטיבעל“ (אין ווארשוי וואלט ער גענוואוינט אין א פינס־טערער נאסער סוטערינא, אויב די פאליציי וואלט זיך נישט דער־וואוסט), און געלעבט אין נויט און אין דחקות מ י ט די קליינע קינדער...

איינמאל האט זיך איהם געלאזט בלוט פון האלז, האט ער נישט געהאט קיינעם צו שיקען נאך אביסעל מילך, נאך א רופא — קליינע קינדער און האלב נאקעטע, און עס איז ווינטער־צייט...

האט ער זיך געמאטערט איבער דער נאכט...

אין דערפריה איז דורכגענאנגען א סופר — מן־הסתם אין מקוה אריין פאר א „שם“ און אפשר פשוט דאוונען.

באמערקט ער דורכ'ן פענסטער, ווי דער אלמן ליגט נאך אין בעט מיט די קליינע קינדער, און די קליינע קינדער שפילען זיך מיט דעם פאטערס באַרד.

זיפצט ער אפ, דער סופר.

ער איז מקנא א איד, וואס קאן זיך ערלויבען אזוי לאנג צו ליגען אין בעט, און נישט צו ציטערען, ווי ער, אין גאס אויף דער קעלט...

דערנאך טראכט ער: נארישע קינדער! מיט וואס זיי שפילען זיך — מיט א באַרד!

און אפשר פאלט איהם איין, אז א באַרד איז א דבר שבקדושה און מען טאָר זיך מיט קיין באַרד נישט שפילען.

טרעף, וואס א נעפראווירענער סופר האט אין זין!

נאר צוריק־צו־וועגס, איז א פאר שעה שפעטער, קוקט ער ווייטער אין פענסטערל אריין, און זעהט — אז דער „גליקליכער“ איד ליגט נאך מיט די קינדערלעך אין בעט, פאלט איהם ערשט איין צו דערשרעקען זיך, אויפצוהאקען א שויב, אריינצושפרינגען אין שטוב אריין. און געוואר צו ווערען, אז די קליינע קינדערלעך האבען זיך געשפילט מיט א טויטען טאטענס באַרד!

און די שטאדט?

די שטאדט האט זיך געכאפט און געבראכט דעם נפטר צו קבר ישראל... דערנאך האט זי אפגעדונגען די יתומים אויף קעסט. נאר געצאהלט פאר קעסט האט זי נישט...

האמת נתן להגיד; די שטאדט האט איהר אייגען פעקעל. לויט

מען שרייבט: צוויי רביים, עטליכע „שעהנע" אייניקלעך, צוויי רבנים, אַז אַלמנה פון אַלטען רב, אויך מיט אייניקלעך...

נאָר די יתומים האָט מען אַרויסגעוואָרפען אין גאַס אַריין...

אפשר איז דאָס אויך נישט אמת?

---

נאָר צי איז אמת, אַז אין שטעדטעל ח. לאָזט אַ אידישער אונ־טער־סטאַראַסטע, און דוקא אַ כשר'ער איד, מיט אַ כשר'ער באָרד, נישט אַרויסנעמען פון „סמעטנע געלט" צוועלף טויזענט רובל אויף צרכי־צבור — צווישען אַנדערע זאַכען אויף אַ תלמוד־תורה, ביז מען וועט איהם נישט געבען „לאַ־יחרץ" געלט, גאַנצע צעהן פּראָ־צענט, ד. ה. צוועלף הונדערט רובל פאַר זיין אייגענעם געברויך?

צי איז עס אמת, אַז דער אייגענער אונטער־סטאַראַסטע, געוואָר ווערענדיג, אַז יונגעלייט ווילען איהם נישט לאָזען ראַבעווען קהל'ס געלט, אַנטרינקען זיך מיט אידישען שוויים און בלוט, אַז דער אייגענער אידישער אונטער־סטאַראַסטע האָט אָנגעגעבען אַ פאַלשען דאָנאָס, אַז די יונגעלייט קומען זיך צוזאַמען מכלומר'שט לעזען אידישע געשיכטע, אידישע צייטונגען, נאָר מיינען מיינען זיי גאָר עפּעס אַנדערש, זיי ווילען, נישט מעהר נישט ווייניגער, נאָר איבערקעהרען די גאַנצע מדינה מיט'ן קאָפּ אַראָפּ מיט די פיס אַרויף?

צי איז אמת, אַז כאָטש עס האָט זיך אויסגעוויזען, אַז דער דאָנאָס איז פאַלש, האָט דאָך קהל מורא פאַר'ן אונטער־סטאַראַסטע, ער זאָל נישט מאַכען קיין נייע דאָנאָסען און נישט שטעלען פון זיין חברה קיין פאַלשע עדות אויך?

צי איז אמת, אַז דער טשודנאָווער רב באַקומט נישט קיין שכירות, ווייל ער האָט מורא צו פּסק'נען אַ דין־תורה, און ציטערט פאַר אַ נט, וואָס אַנדערע רבנים מאַכען כלאַחר־יד, קיי־און־שפּיי אַבי אַ קערבעל, — דעריבער געהט ער אויס פאַר הונגער?

און צי איז אמת, אַז דער סלופּצער רב, וואָס איז נישט קיין בעל־פּחדן, האָט זיך דאָך פאַרשולדיגט ביי אַלע בעלי־בתים מיט קליינע הלוואות, ביים בעקער פאַר ברויט, ביים שניידער און שוס־

טער פאר קליידער און שיך, און אז קהל שוויינט און צאהלט נישט קיין שכירות, געהט די רבי'צען און רייסט אפ שטיקער פון איי־זערנעם בעלעמער אין בית־המדרש, רייסט אויס ברעטער פון דער פאדלאגע, ציגעל פון דער וואנט אויף ברויט; און אז דאס האט אויך נישט געהאלפען, האט זיך דער רב, וואס איז, ווי געזאגט, קיין בעל־פחדן נישט, באנוצט מיט דער געלעגענהייט, וואס א שוחט איז נפטר געווארען, און פ א ר ק ו י פ ט די שחיטה עפעם א „שאינו יודע לשאול", בפרט א „חלף שטעלען" ?

און צי איז אמת, שוין א קלייניגקייט, (מען קאן דאך קיין „שטערט און שטעדטלער" מיט טראגעדיען נישט ענדיגען), אז אין קאלוגא געהט ארום די געלזוכט פאר קנאה ?

„דער רב — שרייבט מען — קרענקט, פארוואס נישט אלע קויפען זיינע הייוועז, פון וועלכע ער האט הכנסה; דער חזן־און־שוחט צוזאמען, פארוואס מען נעמט נאר צוויי חדשים אין יאהר קיכלעך (?) און נאר גענזענע פיסלעך; דער דין — פארוואס מען רופט איהם הינטער די אויגען מיט בזיון „יאשקע", נישט ר' יוסף; דער גביר פון שטעדטעל — פאוואס האבען אויסער איהם אנדערע בעלי־בתים אויך פרנסה, און די בעלי־בתים — פארוואס זענען זיי קיין גבירים נישט ?

צי איז עס אמת ?

---

אויף דער לעצטער, אויף דער קאלוגער מכה וואלט זיך א רפואה געפונען.

זאל קאלוגע אראפשיקען א שליח מיוחד מיט עטליכע גילדען קיין ווארשוי.

אין ווארשוי, מוזט איהר וויסען, קרייזעלט ארום אין די גאסען אזא מין מודעה :

„אן ערפינדונג צו היילען פארשידענע קראנקהייטען : נער־ווענע, שווערע קרענק, רימאטען, מרידין, מאגען־בלוט (?), שווענ־דזעניע, אסטמא, אויגען, ציין, קאפ, ווייבערישע זאכען, און איהר (?) ווייזט ווען איר האט געהאלפען (?). פון אכט פריה ביז צוועלף און פון פיער ביז אכט אווענטס, אויף דער גאס שמאלע מילע, נומער פינף און צוואנציג, וואוינונג אכטצעהן."

נאָר אויב קאָלונאַ וויל זיך היילען, מוז זי זיך איילען; דער־ווייל קאָן זיך אריינמישען די פּאָליציי און דעם שווינדלער אַרעס־טירען...

וואָס טוט מען אבער מיט די אנדערע קרענק?

איין גאָט ווייסט.

5.

5טען יוני, 1902.

„איינס נענען דאס אנדערע האט נאט באשאפען“, און „וואס עס געפינט זיך אויף דער יבשה, געפינט זיך אין ים אויך“. נאר עס זעהט אנדערש אויס, און א וואסער־הונט און א ים־קאטער ווילען זיך מיט אונזערע הינט און קעץ נישט חבר'ן...

אזוי אויך אלץ, וואס עס הערט זיך אין דער ג ר ו י ס ע ר וועלט, טרעפט זיך אין אונזער קליינעם וועלטעל אויך, נאר עס האט אביסעל אן אנדער פנים; עס איז אביסעל קלענער, אביסעל פאר־קרימטער אויך...

למשל, נישט ווייט צו זוכען, — שטרייקען.

מיינט איהר אפשר, אז ביי אונז איז דער געמאכטער צי אפ־גערעדטער „שבת“ נישט נוהג? — אין די קלענסטע שטעדטלעך!

נאר לאמיר די זאך באהאנדלען נישט פון אויבען אויף, נאר ג ר י נ ד ל י ך, ט י ף, ווי עס פאסט פאר א דייטשען פראפע־סאר; איך בין אייגענטליך קיין דייטשער פראפעסאר נישט, נאר „הוה לומר מכל אדם“, בפרט פון א דייטשען פראפעסאר.

קודם־כל וועלען מיר זיך ווענדען צו דער ליטעראטור.

אין דער אלטער בּיבלישער ליטעראטור געפינען מיר נאר איין שטרייק, וואס מיר האבען געמאכט נעגען פרעה'ן מיט'ן פתם ורעמסס געפיהרט דעם שטרייק האט משה־רבינו. און כדי מען זאל אלע נישט טרייבען צוריק צו דער ארבייט, האבען מיר גע־מאכט פלטה איבער'ן ים — ואיננו...

דא האקט זיך דער פאדעם אפ. נישט אין ש"ס און פוסקים, נישט ביי גאונים, ראשונים ואחרונים — קיין זכר פון א שטרייק. נעלם געווארען איז ער!

שווימען שווימט ער ערשט ארויס אין דער לעצטער צייט, אין דער נייער ליטעראטור.

אין פרץ'ס „רייזע בילדער“ געפינען מיר אז ארעמען קליינ־שטעדטעלדינען רב, מיט א כאלאט פון שפינוועבס, וואס שטעלט

זיך אַפּ, „זאַבאַסטיוועט“, הערט אויף שאלות צו פּסק'נען, אפילו שאלות־נשים, ווייל אפילו נישט געהן צו דער חברה־קדישא'ס קלפּי און פאַרלאַנגט, מען זאָל איהם מוסף זיין צוויי גילדען אַ וואָך אויף'ן שכירות. עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס דער רייזע־באַשרייבער איז אַפּ־געפאָהרען פון שטעדטעל, איידער עס איז צווישען רב און קהל געקומען צו אַ פּשרה, און מיר ווייסען נישט, ווער עס האָט אויס־געפיהרט — דער אָרעמער רב צי דאָס קבצנ'ישע שטעדטעל...

דוד פרישמאַן דערצעהלט אין דעם פאַר־אַ־יאָהריגען „יוד“ פון אַ שטרייק, וואָס די אידישע (העברעאישע און זשאַרגאָנישע) שרייי־בער האָבען געמאַכט נעגען רעדאַקטאָרען און אַרויסגעבער. זיי האָ־בען זיך אַפּגערעדט, געמאַכט יד־אחת, איבערגעשלאָגען מיט אַ ציצה, און עס איז געבליבען, אז עס וועט קיינער נישט אויסציהען קיין פּעדער, אויב מען וועט זיי נישט מוסף זיין כאָטש צוויי גיל־דען אויף אַ ריז פּאַפּיר פון גרויסען פאָרמאַט. אַ געוויסע צייט איז חושך געווען ביי די רעדאַקטאָרען, די אַרויסגעבער זענען אַרומ־געגאַנגען, ווי פאַר'סמ'טע מייז, די „קוראים נכבדים“ האָבען ממש קריעה געשניטען, ביז מען ווערט נישט געוואָר, אַז דוד פרישמאַן איז אַ גרויסער לץ, אַ חוזק־מאַכער; אַז עס איז אַ פּשוט'ער פעל־ליעטאָן, משמח צו זיין דעם עולם, — און עס איז ווייטער שטיל געוואָרען.

אחרון אחרון חביב: ספּעקטאָר באַשרייבט אין איינער פון זיינע נאָוועלען, אַז קבצנים האָבען אמאָל געמאַכט אַ שטרייק. עס איז געווען ביי אַ רייכען ישוב'ניק אַ חתונה, מען האָט נאָך זיי געשיקט אַ „דראָביניאַסטע־וואָגען“ איז שטאָדט אַריין, און — די קרומע, לאָמע, הויקערדיגע און פאַנפאָטע קבצנים האָבען געמאַכט אַ שטרייק: פאַר ווענינער ווי אַ רובל אויף אַ פּאַרשוין וועלען זיי זיך נישט ריהרען פון אָרט. און מען האָט זיי נעגעבען.

אַ אידישע חתונה וועט זיך גיכער באַגעהן אָהן קלעזמער, אָהן דרשה־געשאַנק, אפילו אָהן נדן, אָבער נישט אָהן אַן אָרעמער סעודה; און אַן אָרעמע סעודה אָהן אָרעמע לייט איז אַזוי מעגליך, ווי אַ טיש אָהן אַ בלאַט און אָהן פיס!

אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז דאָס דער איינציגער שטרייק פון די, וואָס ווערען דערמאָנט אין דער ליטעראַטור און

וואס האט זיך גוט געענדיגט אי פאר די קבצנים, אי פאר'ן מחבר, ווייל די נאוועלע איז זעהר גוט אויפגעשריבען.

פון דער ליטעראטור, וואס איז נאר דער ווידערשיין, דער שאָטען פון לעבען, וועלען מיר זיך נעמען צום לעבען אליין.

מיר וועלען רעדען פון אונזערע אידיש־קהל'שע שטרייקען.

פון אלע זייטען פון פוילישע שטעדט און שטעדטלעך הערט מען פון שטרייקען, וואס די דעמאקראטישע חברה נושאים מאכט נענען דער אריסטאקראטישער חברה קדישא, וואס לעגט נישט די האנט אין קאלט וואסער אריין, און נעמט צו ניינציג פראצענט קבורה־געלט, בשעת די חברה־נושאים געהט ארום מיט טרוקענע העלזער.

קיין דין־תורה קאן מען מיט דער חברה חדישא נישט האבען, ווייל דער רב מיט די דינים האלטען מיט די חברה־קדישא לייט, וואס גיבען רח"ש, יום־טוב־געלט און פורים־געלט און לאזען איני מיטען יאהר אויך אמאל אפלעקען א ביין. וואס טוט חברה נושאים? מאכט זי „שבת" — זי ריהרט זיך נישט פון ארט, ביז מען דינגט נישט אוים א גרויסען פראצענט אויף י"ש...

טיילמאל שטעלען זיך די חברה־קדישא־לייט „שטארצעם", דינגען אנדערע נושאים — דאמאלט ערשט ווערט א געשלעג, עס פליהען ציין פון בעלי־בת'ישע מיילער, מתים פון די מטות אראפ, דינים און רבנים פון די בענקלעך, ביז מען גיט נאך די עם־ארצים!

אין טייל גרעסערע שטעדט האבען אידישע דאקטוירים געוואלט איינפיהרען „מציצה" מיט א מאשינקע, וואס זאל אויסנאָגען א „כשיעור" בלוט, אבי מען זאל נישט אנשטעקען די קינדער דורך פארשטונקענע מיילער מיט פוילע ציין, נאר זיי האבען אין ערגעץ, אפילו אין ווארשוי, נישט אויסגעפיהרט; ערשטענס, זענען די רבנים נישט צופרידען מיט נייע המצאות (אויסער המצאות, וואס מען נעמט אויף זיי הכשרים, ווי למשל: כשר'ע זייף, פסח'־דיגע פאפיראסען, פוטער פון נראז וכדומה) און צווייטענס, האבען די מ ו ה ל י ם געזאגט: לאו! קוים וועט זיין א „זויג־מאשינקע", מאכען זיי א שטרייק און ציהען קיין מעסערל נישט אוים! און וואו נעמט מען אנדערע מוהלים?

אצינד שרייבט מען אונז פון צוויי ניי־מאדישע שטרייקען.

ערשטענס — א מאָדנער שטרייק, א כהנים־שטרייק אין וועסיאַליע (מעליטאָפּאָלער אויעזד, טאַווריער גוב.)

איינענטליך דאָס שטעדטעל היסט נאָר „וועסיאַליע". איז'ן איז עס א פּאַרוואָרפען ווינקעל, א פּיצעלע דאָרפישער קהל און עס איז דאָרט גאָרנישט פרעהליך. אפילו „משנכנס אדר", באַמערקט מען קוים, אז עס געהט אַוועק מעהר דיניע־קערלעך, ווייטער נישט, — נאָר וויפיעל מענשען הייסען אלכסנדר מוקדון און אנטלויפען פאַר'ן אייגענעם שאָטען און ציטערען, אז די אייגענע פּאַלעס פון דער קאַפּאָטע קלאַפּען זיי ביינאַכט אָן די פיס? און דאָך האָט דאָס שטעדטעל זיך אויסגעצייכענט מיט א שטרייק פון כהנים.

די מעשה איז אַזוי געוועזען:

ווי דער מנהג איז, רופט מען אויף צום ספר פריהער כהן, דערנאָך לוי, דערנאָך ערשט געהט ישראל... אונזער גבאי ראשון פון שול איז אָבער אמאָל איינגעפאַלען עובר צו זיין אויפ'ן מנהג, (אַז אַלטער מאַן — אנדערע עברות פאַסען שוין נישט) און פריהער אויפצורופען דוקא א ישראל! זענען די כהנים אונטערגעצונדען געוואָרען! זיי האָבען אָבער נישט געזאָגט א וואָרט, נאָר, אַז עס איז געקומען צו כהנים דוכנ'ען, האָט זיך באַוויזען אַן אָפּגערעדטער שטרייק! קיין איינציגער כהן האָט נישט אויסגעטאָן די שיך און דער איינציגער לוי האָט נישט גענומען דעם וואַש־בעכער, די כהנים'ס הענט צו באַגיסען!

איינמאָל פאַר אַלעמאָל: נישט, און קהל האָט געמוזט זיך דאָס מאָל באַגעהן אָהן „יברכך", און די קליינע קינדער האָבען נישט געהאַט פאַרגניגען בגנבה צו קוקען אויף כהנים־דוכנ'ען!

אָבער נאָך א מאָדנערער שטרייק איז געוועזען אין ק"ק וואָלאָדיסלאַוואַוואַ (סובאַלקער גוב.) — א טענצער־שטרייק!

עס איז דאָרט געוועזען א בעל־בת'ישע חתונה און, ווי דער שטייגער איז, זענען אַנגעקומען צו דער „גרויסער וועטשערע" טעלעגראַמען און ווינש־קאַרטען...

זייט עס איז בטל געוואָרען דער מנהג פון חתן'ס דרשה, איז מען זיך נוהג אין תפוצות ישראל צו פאַרברייננגען די צייט ביים לאַנגען טיש מיט טעלעגראַמען און ווינשקאַרטען לעזען. געוועהנ־

ליך נעמען זיך עס אונטער צוויי יונגעלייט (בחורים זענען נאך בעסער), זיי טיילען זיך מיט די טעלעגראמען און ווינשקארטען. איינער לייענט איין טעלעגראמע, דער צווייטער די צווייטע — די מעלה דערפון איז, אז בשעת ווען איינער לייענט, קוק דער צווייטער דורך, וואס ער דארף לייענען, און עס געהט צו געשווינד און אהן א גרייז — אויסער די קינסטליכע גרייזען, וואס מען מאכט אר־מישנע, דער עולם זאל לאכען.

אזוי איז אויך געוועזען אויף דער וולארדיסלאווער בעל־בת'ישער חתונה, — צוויי לייט (אפשר שוין נישט קיין בחורים) אין שווארצע פרעק, ווייסע וועסטען, העמדער און קראוואטען, מיט רויטע זיידענע טיכלעך. וואס קוקען ארויס פון פארענט פון אונטער'ן וועסטעל־זוים, און מיט פיינע שטימען, האבען געלעזען, ווי א וואסער, און געשיט מיט וויצען, ווי א וואסער, — פלוצים ווערט איי־נער פון זיי בלאס, דערנאך רויט, ווארפט מיט כעס א ווינש־קארטע אויף דר'ערד, צוטרעט זי מיט די פיס, און קומט קיים צו זיך און לעזט ווייטער...

צווישען עולם איז אביסעל אומרוהיג געווארען: געוויס אן אונטערגעווארפענער פאשקוויל, אפשר געגען חתן, אפשר געגען דער כלה...

עס האט זיך אבער אויסגעוויזען, אז עס איז געוועזען עפעס ערגערס, ווי א פאשקוויל, עס איז (הערט און כאפט אייך אן ביי די האר) א אידישע ו ו י נ ש ־ ק א ר ט ע געוועזען! אויף אזא חתונה, אויף א חתונה מיט פרעק, ווייסע קראוואטען, ווייסע האנט־שוה, קאלירטע זיידענע טיכלעך, האלב נאקעטע דאמען, וואס שלע־פען פון הינטען, וואס עס פעהלט זיי פון פארענט, אויף אזא חתונה האט מען די העזה געהאט א אידישע ווינש־קארטע צו שיקען.

שרעקליך!

און, אז עס האבען זיך נאך געפונען צוויי מ י י ד ל ע ך (אזוינע קאן מען „מאמזעלען" נישט רופען!), וואס האבען זיך אנגענומען פאר אידישע, צוטראטענע קארטען — האבען די יונגע־לייט אנגערעדט זייערע חברים און מען האט צוזאמען געמאכט א שטרייק, און אויפגעהערט צו טאנצען!

עס פאסט נישט צו טאנצען אויף א ז א חתונה, וואו עס געפינען זיך א ז ו י נ ע קארטען, א ז ו י נ ע מיידלעך...

---

מיר וועלען נאך אפשר דערלעבען א שטרייק פון מלמדים!

א מלמדים־בערזע איז שוין דא, און טאקע אין קרעמענטשוג...

קרעמענטשוג איז א געבענשטע שטאדט, וואס גיט ארויס מאַ־סען מלמדים, און זיי האבען זיך געמאכט א מין בערזע פאר דער שול, אויפ׳ן מיסטיגען פלאץ, וואו מען שטעלט חופות...

דורך דער בערזע האט אויפגעהערט די קאנקורענץ צווישען מלמדים, דער בין־הזמנים מיט חניפה, מיט רכילות, מיט הכנעה פאר עם־ארצ׳ישע בעלי־בתים. די מלמדים שטעלען זיך אויס אויפ׳ן בערזע־פלאץ, ווי די אמאליגע קנעכט אויף די גריבישע מערק, און ווער אין קרעמענטשוג אדער אין דער געגענד דארף א מלמד, קומט פאר דער שול, אויף דער מלמד׳ישער בערזע, און קלייבט זיך אויס, וואס זיין הארץ געלוסט!

און די פרייזען זענען צוויייערליי.

א מלמד, וואס קען נאר חומש מיט רש״י, באקומט פופציג רובל א זמן; א מלמד מיט אביסעל דקדוק, ווער שמיעסט מיט חשבון און רוסיש, באקומט ביז פינף און זיבעציג רובל.

דערפ׳ון געהט אבער אראפ מעקלעריי, ווייל אהן א מעקלער קויפט קיין איד קיין קערצעל ווייץ נישט, דינגט קיין דירה נישט און באשטעלט קיין מלמד נישט...

נאר — האלטען זיך די מלמדים צוזאמען, קאן קומען צו א שטרייק; זיי וועלען נאך אמאל מאכען יד־אחת און פארלאנגען, מען זאל זיי מוסיף זיין כאטש צו רובל אויף א זמן...

און אויב זיי טוען עס נישט, האבען זיי געווים פחד פאר ירושלים דליטא, וואס קאן איינע אליין פארפלייצען די גאנצע וועלט מיט מלמדים, און דארטען, זאגט מען, קענען אלע דקדוק...

לאמיר האפען, אז עס וועט צו קיין שלעכטס נישט קומען!

## 6.

10טען יוני, 1902.

„אין דער ליטא (שרייבט א וויציגער קארעספאנדענט ק.), אין א גובערניאל־שטאדט, וואס דער נאמען איהרער הויבט זיך אן מיט א גימ"ל (די לעזער וועלען אודאי מיינען: גראדנא), האט דער שטאדט־חזן, נאכ'ן יום־טוב'דיגען דאווגען, די זכיה געהאט צו הע־רען פון איינעם פון די פיינסטע בעלי־בתים א גרויסען „יישר־כח".

— מה היום מיומים? — פרעגט דער חזן פארוואונדערט.

ער ווייסט, ער האט נישט בעסער געדאווענט, ווי אלעמאל, ער האט קיין נייעם נגון, קיין טרעל אפילו, קיין איינציגען דרעה נישט מחדש געווען! פארקערט, ער האט, דאכט זיך, ערגער גע־דאווענט, ווייל זייט דער גרויסער שרפה פארלירט ער ביסלעכווייז דעם קול; ער האט געראטעוועט און פארקיהלט זיך.

אין בעל־הבית'ס אויגען באווייזען זיך לאכענדיגע פינטעלער און מיט א „זיך טרייסלענדיגען" בייכעל ענטפערט ער:

— פארשטעהט איהר מיך, איהר האט שכירות געהאט, איז אייך קיין „יישר־כח" נישט געקומען, איהר זייט מחויב געווען צו דאווגען! אבער היינט, אז איהר האט שוין קיין שכירות נישט, קומט אייך טאקע א דאנק!

ווי קומט עס — וועט א י ה ר אודאי פרעגען, אז אין אזא גימ"ל'דיגער גובערניאל־שטאדט אין דער ליטא, אין גראדנא, למשל, זאל דער שטאדט־חזן, ווי א טערקישער אפיציער בשעת מלחמה, קיין שכירות נישט באקומען?

דערצעהלט דער קארעספאנדענט אזא מעשה: פאר א יאהר צוויי־דריי איז אין גראדנא, ווי דער מנהג איז בכל תפוצות ישראל, א גרויסע שרפה געוועזען... אחוץ בעל־בתי'שע הייזער זענען אוועק־געגאנגען מיט'ן רויך בתי־מדרשים און שולען און צווישען זיי די גרויסע שטאדט־שול אויך...

פעהלט צו דער אסעקוראנץ פיער טויזענט רובל, מען זאל זי צוריק אויפבויען...

דאַכט זיך, אז פאר אזא גימ"ל'דיגער שטאָדט זענען פיער טױ־זענט רובל קיין מטמון מיט גאָלד נישט; און והא־ראיה — מען האט די בתי־מדרשים צוריק שוין אויפגעבויט! מאכט זיך אבער א שאלה: װ ו ע ר דאַרף צוריק אויפבויען די שול? קהל זאגט: די בעלי־בתים, וואס האבען „שטעדט אין שול" פון מזרח ביז דער מערב־וואנט! די אלע, וואס האבען נחת פון קריאת־התורה, פון פעטע עליות, פון חזן, פון דרשות, וואס ווערען אמאָל געזאגט. וכדומה הנאות פון שול... און די בעלי־בתים פון די שטעדט טענ'ען: מיר האבען טאקע די שטעדט, די ביינק מיט די טישען, מיט די שטענדער, אבער די ווענט, די שול איננאנצען איז א קהל־זאך, א קנין־הקהל, און דעריבער מוז מען די פיער טויזענט רובל צואיוואַרפען אויף גאַנץ קהל!

מן־הסתם וועט זיין א דין־תורה, מען וועט אמאל די שול צו־ריק אויפבויען... דערווייל אבער דאַווענט מען אין א ווייבערשער שול: א קליינער עולם, אהן א סדר, אהן הכנסות, און דער חזן האט דעריבער זיין שכירות נישט...

---

אין זאמושץ (לובלינער גובערניע) געשיהט נאָך עפּעס שע־נערס!

גראַדנאַ בויט צוריק נישט אויף קיין שול, וואס איז ערשט צוויי־דריי יאהר אפגעברענט; די גראַדנער שול לאָזט זיך לכל־הפחות פאַרטרעטען מיט א װ ו י י ב ע ר ש ע ר שול, און עס נעהט ווענען א סכסוך צווישען קהל און שול־בעלי־בתים אויף גאַנצע פיער טויזענט רובל... און ווער ליידט דערפון? אומשטײנס געזאָגט א שטיקעל חזן! און איז זאמושץ אבער, אויך אן „עיר ואם בישראל" מיט ציוניסטען און גלאט משכילים, חסידים און פיינע בעלי־בתים, אין לאנגע און קורצע קליידער, און „יונגוואַרג" מיט ביליאַרדען, פּרעפעראַנס און סטוקעלקע, אחוץ ראמאַנען אין אלערליי לשונות, — אין דעם זאמושץ בויט מען צוריק נישט אויף דאַס שפּיטאָל פאר קראַנקע אַרעמעלייט, וואס איז שוין נ א ך שלשים! — אפּגעברענט, הייסט עס, שוין מעהר, ווי א יאָהר דרייסיג! כאָטש עס איז קיין סכסוך צווישען בעלי־בתים נישט

פאראַן, גערט ליגט גרייט מיט טויזענט, פּופּצעהן־הונדערט רובל אי ב ע ר ׳ ן אנשלאג („סמיעטע“), און א פּלאַץ ניט אומזיסט דאס מאַגיסטראַט! עס פעהלט נאָר א קליינינקייט! עס פעהלט נישט מעהר, נאָר דעם ראש־הקהל צייט, ער זאָל אָפּשרייבען און אונטערשרייבען א „פּראָשעניע“ צום מאַגיסטראַט, צום גובערנאַטאָר, וועלכען פּלאַץ מען בעט!

דער ראש־הקהל האָט אבער ווירקליך קיין צייט נישט!

ערשטענס, איז ער, קיין עין־הרע, א איד א סוחר און א גוטס־באַזיצער דערצו — האָט ער זיינע געשעפטען; אויסער דעם איז ער א מאַכער אין א פיליע, וואָס דאַרט האָט געעפענט א לאַדזיער קרעדיט באַנק, דריטענס, האָט ער וויכטיגערע קהל׳שע געשעפטען: ער מוז יאָגען און פּלאָגען דעם ניי־שטעדטישען רב, פון הינטער זאַמושץ; מן־הסתם דערפאַר, וואָס ער איז פאר איהם ווענינ אונטערטעניג געוועזען...

און דורך דעם ביסעל צייט, וואָס עס פעהלט דעם ראש־הקהל, האָט זאַמושץ קיין שפּיטאָל נישט!

---

איהר קלערט אפשר, אז עס איז אן עבירה, וואָס די גראָדנער בעלי־בתים לאָזען א חזן אָהן פרנסה; און בפרט — וואָס זאַמושצער קהל לאָזט אָרעמע קראַנקע אָהן א שפּיטאָל — —

קאָן זיין! ווער האָט אבער היינט מורא פאַר אן עבירה?

פ ר ו מ ע בעלי־בתים אודאי און אודאי נישט. געשווינדער שטעלט זיך אמאָל אַפּ א דייטש און ניט א קרעכץ: און וואָס וועט מען ד אַ ר ט ע ן זאָגען? צי אין טעאַטער, באַרוישט פון דער שענסטער מוזיק; צי אויף א באַל, טאַנצענדיג מיט האלב־נאַקעטע דאַמען, ניט אמאָל א שטאַך ביי א „גלות אין הארץ... דאָס פינטעלע“. פון אונטער׳ן אַש פלאַמט אמאָל אויף און מען פרעגט זיך: הייסט דאָס לעבען? און ש ו י ן? ד אַ ס איז עס?

אבער א פ ר ו מ ע ר בעל־הבית?

אַזוינער איז אַסעקורירט! ערשטענס, זאָגט ער דריי מאָל אין טאָג „אשרי!“ און צווייטענס — די נייע המצאה! די סמאָטרי־טשער (פּאַראַליער גוּבערניע) נייע המצאה, א אידישע נשמה זאָל

תיכף ומיד נאך דער קבורה ארויפפליהען, ווי א ווייסע טויב מיט ווייס־זילבערנע פליגעל, אהן א פלעק, אהן א זכר פון א פלעק, גלייך אין ליכטיגען גן־עדן אריין — כאטש ער האט זיך ־א געבאדען אין זינד, ווי א דבר־אחר אין רינשטאק!

אין סמאטריטש איז נפטר געווארען א איד. (ה. ו. — זיינע ראשי תיבות!).

אפילו א פרומער איד, נאר — ווי אין פסוק שטעהט: אין אדם... ולא יחטא! פון עולם־הזה א ביין אפלעקען מוז מען... אפילו א פרוש פון ליבאוויטשער בית־המדרש, וואו מען שמייסט פארוואס עס איז פון א פיצעל קלות־ראש...

האבען די כשר'ע זיהן טאקע מורא געהאט, די חטאים זאלען נישט גורם זיין... עס זאל נישט זיין, חס־ושלום, „חבוט הקבר" רא, און א „המשך יבא" מיט פייערדיגע ריטער דארט...

מה עשו? וואס האבען די כשר'ע זיהן געטאן? האבען זיי באלד נאכ'ן קדיש, פאר דער עדה אידען אויפ'ן בית־עלמין אויס־גערופען, טאקע מכריז ומודיע געווען, אז ברצונם הטוב, נישט אפגענארט און נישט באונס, און אהן א מודעה, און מודעה דמודעה עד סוף כל הדורות — נעמען זיי דעם פאטערס זינד אויף זיך!

א פשוט'ע זאך!

און אז אלע קדישים וועלען עס טון, וועט דער גיהנום בליי־בען פוסט, ווי דער טראמוויי אין אידישע שטעדט אום שבת, די דייטשע שולען אין דער וואכען: מען וועט דארט קיין איד נישט זעהן, ווי מען זעהט נישט אין וואוועלבערג'ס ווארשעווער צדקה־הייזער...

מען דארף נאר די המצאה פארשפרייטען...

און מיינט נישט, אז עס וועלען, חס־ושלום, אויפהערען: צדקה, מצוות און מעשים טובים!

אז דער בעל־שם האט אמאל מחיה געווען א מת כנגד דעם רצון פון דער גאנצער פמליא של מעלה, און עס איז ארויס א בת־קול, אז ער האט פארלוירען דערפאר זיין חלק לעולם הבא — האט ער אונטערגעטאנצט פאר פרייד: פון היינט אן וועט ער זיין אן אמת'ער „עובד מאהבה" —

דאס אייגענע וועט זיין מיט די „קהלות הקדש"; מען וועט טון מצוות, צדקה ומעשים טובים פאר ליעבשאפט!

ערשטענס, פאר ליעבשאפט צום „טוב־ומטיב" — צו זיין ליעבען נאמען!

צווייטענס, פאר ליעבשאפט צו דער מצוה אליין! ווער האט עס נישט קיין הנאה פון א שעהנער סוכה, אן אתרוג א הדר, א כשר'ן לולב מיט גרינע צודאטען! און בפרט אנדערע מצוות...

און דריטענס, פאר ליעבשאפט צו ארעמע לייט אליין!

א קאטאוועס, ווי די ליעבשאפט ברענט!

אט, אין ארינין (אויף פאדאלער גוב.) האט מען פאר גרויס ליעבשאפט צו ארעמע לייט געגרינדעט א חברה „ל י נ ת ־ ה צ ד ק" פון „סאמאראדנע יונגווארג", וואס האבען „געזשערטוועוועט צו קערבעל אין צוויי איינקויף־געלט", און צאהלען וואכענגעלט פון צוויי ביז גאנצע פינף קאפיקעס!

חול־המועד פסח האט מען געמאכט א „סטשיאט פון פריכאד און ראסכאד" פון א גאנץ יאהר, און עס האט זיך אויסגעוויזען, אז הוצאות זענען געוועזען פיערצעהן רובל מיט גאנצע אכט און פיערציג קאפיקעס; הכנסות: אכט און פיערציג רובל מיט גאנצע אכט און ניינציג קאפיקעס...

און דער צוועק פון דער חברה איז, אחוץ דער לינה, צו קויפען פאר קראנקע ארעמע לייט רעצעפטען און אלע אנדערע מיטלען...

דער דאקטאר פון קריסטליכען שפיטאל, וואס פארשרייבט די רעצעפטען מיט די אנדערע מיטלען, און דער אפטייקער, ביי וועלכען די רעצעפטען מיט די אנדערע מיטלען ווערען געקויפט, זענען (לויט דער קארעספאנדענט שרייבט) זעהר צופרידען פון נייעם „מוסר"...

און הגם (שרייבט דער קארעספאנדענט) אזוינע חברות האט מען שוין ביי אונז נישט איינמאל געמאכט און זיי האבען נישט „מוציא שנתו" געוועזען, האפען מיר, אז אונזער חברה וועט אייביג לעבען. ווייל יענע חברות האבען געמאכט אלטע אידען, און די חברה, ווי געזאגט — סאמע יונגווארג...

אלץ גלייכער, ווי גאנצע טעג אין ביליארד שפילען און בייי־נאכט — איז קארטען וכו׳...

---

און אזוינע פעסטע צדקה־חברות האבען מיר, ברוך חשם, אין גאנצען גושן!

לינת הצדק, הכנסת אורחים, תקון וקוני ספרים און נאך, און נאך...

און די חברות וואלטען לאנג געלעבט און אפשר אויך מעהר הוצאה והכנסה געהאט, און ארעמע לייט, אויסער בילינער מצה, ספרים און רעצעפטען, מיט נאך עפעס פארזארגט, ווען נישט די צוויי גרויסע „מניעות“...

ערשטענס, זענען די שטעדטלעך ארעם, אז עס פייפט!

צווייטענס, דער עול פון גוטע אידען!

וואס זאל מען טון? נישט פאהרען צום רבי׳ן מיט א פדיון? קומט ע ר צופאהרען איז נאך ערגער! מוז מען נאך אפגעבען פאר הוצאות!

און ווידער פארקערט, וואס זאל דער רבי טון, אז מען קומט נישט צו איהם? נ י ש ט פאהרען! וואו נעמט מען פרנסה?

אט, למשל, דער ביאלער רבי! קיין רב קאן ער נישט זיין, ער איז, לא עליכם, קיין גרויסער למדן נישט; קיין מלמד א ו י ך נישט; א ווייכער מענש, זאגט מען, קאן קיין קאנטשיג אין האנט נישט האלטען; ער האט נאך אפילו קיין איינציגען ציוניסט נישט געפאטשט! קיין זעלנער קאן ער אודאי נישט זיין; ערשטענס, נאך די יאהרען, צווייטענס, לא עליכם — הינקט ער!

און צו וואס קאן ער טויגען מיט זכות־אבות אין אלע ביינער, אין יעדען טראפען בלוט?

און די הוצאות זענען גרויס, א גרויסע משפחה... די רבי׳צין מיט די שניר דארפען דאקטוירים, פאהרען יאהר־ביי־יאהר קיין אויסלאנד... און אז מען פאהרט קיין אויסלאנד, קויפט מען איין פארשידענע זאכען בזול; זאגט מען נישט אויס אויף דער גרענעץ—

א שאַר אידיש געלט! טרעפט זיך אַן אַנטיסעמיט — באַזוכט ער, קאָסט נאָך מ ע ה ר געלט!...

אין ביאַלע מוז מען אויפהאַלטען א ה ו י ף, אינמיטען א שעהנעם גאַרטען — דאָס אַלץ קאָסט געלט!

זיצען און וואַרטען, ביז חסידים וועלען קומען מיט געלט, הייסט: זיצען ביים ים און וואַרטען אויף שעהן וועטער! א גרויסע קאָנקורענץ מיט רביים, וואָס זענען פּרה־ורבה כבני אדם, און מיט דאָקטוירים, וואָס באַזעצען זיך אין די קלענסטע שטעדטלעך אריין! וואָס זאָל ער נעבעך טון? לאָזט ער זיך אַרוים אויף דער וועלט... שלאָגט ער אָן, אויף דער רונד־רייזע, אין כעלם (לובלינער גוב.), ווייזט זיך דאָרט אויף בילעטען, א רובל פּיערציג קאָפּ. א בילעט, און שלעפּט אַרוים פון קלוגען כעלם איבער טויזענט רובל!

איך וויים נישט, צי איז אין כעלעם דעריבער בטל געוואָרען א גראָשענדיגע „לינת הצדק“, נאָר פאַר די באַברויסקער נשרפים האָט שוין כעלעם קיין גראָשען נישט געהאַט!

---

נאָר כעלעם, אויב עס איז נישט באַקאַנט פאַר איבריג קלוג, איז עס, וועניגסטענס, א כרך, וואו א איד, כאָטש איינער אויף דרייסיג, האָט פּרנסה... און, ווי געזאָגט, דער ביאַלער רב — א איד אויף דער עלטער, וועט שוין קיין אַנדער לעבען נישט קאָנען פיהרען... און אויך, האָט ער אָפּגענומען זיינס און אוועקגעפאָהרען, און עס קאָנען אוועקגעהן יאָהרען, איידער ער אָדער זיינס־גלייבען וועט קומען נאָך אַמאָל שערען די לעמער, — אָבער ראָכעוו?

אויך לובלינער גובערניע, אַן אָרעם אָפּגעפאַלען שטעדטעל, און געקומען איז א יונגער, צוויי און צוואַנציג יעהריגער שנעק: „משה־מרדכי׳לע ר׳ יעקב־לייבטשע טריסקערס א זוהן“ און האָט אַרויסגעכאַפּט, אַזוי שרייבט מען, א שאַרפען פּדיון, און האָט זיך נאָך מישב געווען און בלייבט אין ראָכעוו!

א יונגערמאַן, אויב נישט לערנען, האַלץ־האַקען וואָלט ער זיי־כער געקאָנט: און ברויכט עס נישט נייטיג: דער פאָטער, זאָל לעבען, „פיהרט“ און „פּראַוועט“ און מאַכט געלט, און קאָן געבען

„אייביגע קעסט" — און איז דאך געקומען שערען די אָרעמע לע־מער...

און ער האָט נאָך פריהער מודיע געווען, אז ער ו ו ע ט קומען, און מען איז איהם אקעגען געגאנגען מיט גרויס שמחה, מיט גרויס פאראד... און דאָס שטעדטעל איז איהם געפעלען: א טעלע־גראף פאר חולים און יולדות; א גוטער טראקט, חסידים זאָלען קו־מען און ער זאָל ארויספאָהרען...

און פונדעסטוועגען איז ער אומזיסט נישט געבליבען! קהל מוז צוצאָהלען! פאר דער שחיטה מוז די בהמה געבען מילך! קהל און רב האָבען געמאכט אן אסיפה, מען האָט דעם רבי'ן אוועקגע־געבען די הייוועז, מען האָט פון זיינעטוועגען געהעכערט די שחיטה: דרייסיג קאָפּיקעס אויף א גסה, צוועלף אויף א דקה...

און ערשט דאמאָלט האָט ער צוגעזאָגט צוריקצוקומען און באַ־זעצען זיך אין ראכעוו...

---

און ראָכעוו — דאָס הייסט די ראָכעווער בעל־בת'ישקייט — איז צופרידען! אָרעמע לייט וועלען ברענגען פדיונות, און די גאסט־הייזער און קראָמען און גאָרקיכען וועלען זיך הויבען...

נישט צופרידען איז נאָר די רבי'צין. אז דער מאן איז אהיים געקומען פון דער אסיפה, האָט זי איהם אנגעכאפּט ביי דער באָרד מיט א געשריי.

— שוטה איינער, בטלן! פאַרוואָס ביסטו ד ו קיין רבי נישט?

ק א נ ס ט נישט קיין תורה זאָגען, פדיונות נעמען?

קאָנסט נישט אָפּשפּרעכען קיין בוימאויל און לאָזען זיך אויפ־שרייבען קמיעות צום פאַרקויפען?

קאָנסט נישט אָפּשפרעכען קיין עין־הרע, די אויגען פאַרגליי־סען, אפזיפצען און ענטפערען: גאָט וועט העלפען?

קאָנסט נישט מתפלל זיין?

און דער רב האָט חרטה. ער וואָלט שוין נאָכגעגעבען דער רבי'צין, עס איז אָבער, ליידער, צו שפּעט! אצינד וועט מען איהם הערען, ווי א רב!

## 7.

26סטען יוני, 1902.

זייט מיר מוחל, רבותים, — דורך א סבה, וואָס ווענדט זיך נישט אָן מיר, וועל איך די וואָך נישט אויסזאָגען די נעמען, נישט פון די שטעדט און נישט פון די מענשען, פון וועלכע איך וועל אייך דערצעהלען... און איהר וועט דערפון קיין היזק נישט האָבען, ווארים נישט די מענשען און נישט די שטעדט און אפילו נישט די „מעשיות“, וואָס מען שרייבט פון די שטעדט, זענען דער עקר; דער עקר איז דער מ ו ס ר, וואָס מען דאַרף זיך ארויסנעמען דערפון...

איהר ווייסט אודאי, אז עס זענען נאָך פאַראַן אסך א ל ט ע מענשען, וואָס טויגען שוין נישט אין דער נ י י ע ר וועלט אריין, און, אז אויסער דעם, זענען פאַראַן יונגע, נאָר א ל ט ג ע־ב ו י ר ע נ ע מענשען, וואָס פּאַסען נאָך ו ו ע נ י ג ע ר פאַר דער נייער וועלט...

אַזאַ אלטער, אָדער אלט געבוירענער יונגער מענש, לעבט איי־ביג אין טעות.

ער מיינט אלץ, אז א מענש דאַרף בטבע צו זיין „כלו מוקשה“ — שטאָל און אייזען, כאָטש מויערען דורכצוברעכען!

און א מענש, מיינט ער, מוז זיין „„מעור־אחד“ — פון איין שטיק א גאַנצער מענש; נישט קיין „כל־בו“, צוזאַמענגעשטעלט פון שטיקלעך, וואָס רייסען זיך פון איהם אָפּ ביי יעדען צוים, ביי יעדען נאָגעל און דאָרן, ביז ער בלייבט נאַקעט, ווי איין אָפּגעזונגע־טע גאַנז!

און ש ט י ף דאַרף זיך א מענש האַלטען; גלייך ער וואָלט נאָך קינדווייז, לכל הפחות צו בר מצוה, איינגעשלונגען א שטעקען, און דער וואַקסט אינעווייניג מיט איהם צוזאַמען!

און א וועג מוז האָבען א מענש א ג ר א ד ע ן, אן איינאיינ־ציגען גראָדען וועג פון וויג ביז׳ן קבר אריין; אָנגעצייכענט פון אריסטו צי, להבדיל, פון „ראשית חכמה“ — אבי גראָד, און מען

טאָר נישט אָפּבויגען נישט רעכטס און נישט לינקס... ווייל פאַר דעם קריגט אפילו בלעם'ס אייזעל שמיץ!

אויך מוז א מענש האָבען א פעסטע אידעע, אויפ'ן גאַנצען לעבען א נשמה־יתרה, נישט גראָד אין קוגעל־טאָג. די נשמה יתרה — די אידעע מוז זיין דער ת ו ך פון זיין לעבען, פאַר איהר דאַרף ער געהן אין פייער און אין וואַסער; פאַר איהר דאַרף ער גרייט זיין — אפילו ק ר ע פ ל ע ך אוועקצושטעלען! ווייל אָהן איהר זענען קרעפּלעך קיין קרעפּלעך נישט, דאָס לעבען — קיין לעבען נישט א. ז. וו.

און, אז פון יענער זייט גרענעץ איז צוריקגעקומען א לשון־קדש־שרייבער, א ד"ר אפילו, און האָט א געשריי געטאָן: להר"ם! איך הער אייך, ווי דעם רב! איך בין נישט ערב היינט פאַר דעם, וואָס איך האָב נעכטען געזאָגט, און קאָן מאָרגען, אפילו נאָר אייך להכעיס, זאָגען פּונקט קאַפּויר ווי היינט; אידעען זענען קיין „שטאָל און אייזען" נישט, קיין „גאַסען־שטיינער" נישט; זיי לאָזען זיך בויגען, זיי לאָזען זיך קנעטען, זיי דאַרפען זיך אפילו לאָזען גיסען — „אידעען מוזען פליסיג זיין", — איז געוואָרען א גע־רויש, א געררודער; איז מען דעם אָרעמען ד"ר באַפאַלען, ווי די היישרעקען; האָט מען געזשומעט אַרום איהם און געביסען, ווי די ביהנען; האָט מען געריסען פון איהם שטיקער, ווי קליינשטעדטעל־דיגע ציגען פון נידעריגע, פוילע דעכלעך; האָט מען איהם אַרומ־געלעגט מיט עסיג־בייסענדיגע קריטיקען, ווי מיט שפּאַנישע פליי־גען... און — געזידעלט האָט מען איהם, רבונו של עולם! נאָך ווי הייסט געזידעלט! עוכר ישראל, משוגעת, איבערמענש, אומרוה, לע־דערנער דישעל, ניטשע, דאַכט זיך אפילו: פּויל־דע קאָק...

טאַקע „כאחד הריקים" — ווי „אחד הריקים" זידעלט...

און וואָס ווייזט זיך אויס?

אז דער אָרעמער דאָקטאָר האָט נישט איבערגעפּעקעלט קיין נייעס, אז מען איז אויף איהם אומזיסט און אומנישט אָנגעפאַ־לען — אז גאַנץ תפוצות ישראל האָט שוין לאַנג „פליסענדע אי־דעען". און ממש ווי א וואַסער!

פון א גרויסער שטאָדט, וואָס האָט אסך רבנים, אַלטע און נייע, שרייבט איינער (וואָס חתמ'ט זיך „יעקעל־יאָקעל", נאָר דאָס

איז קיין אמת'ער נאָמען נישט), אז ער איז געוועזען ביי איינעם פון די נייע רבנים אויף מלוה מלכה...

אנגעקומען איז ער, ווען דער רב האָט פאַר א גרויסען חסידי־שען עולם גערעדט וועגען ירושלים בפרט און ארץ־ישראל בכלל.

און ער האָט שטאַרק געלויבט ירושלים... ע"פ מקרא, ע"פ ש"ס ופוסקים און אפילו על פי קבלה געלויבט!

„ירושלים — האָט ער געזאָגט — א שפּאַס, ירושלים! יעדער ש ט ו י ב איז דאָרט הייליג, די ל ו פ ט איז קודש־קדשים! און, כידוע ליודעי חן, שטעהט ירושלים פון אינטען פונקט קעגען־איבער דער ירושלים פון אויבען, אויב נישט פון זיבענטען הימעל!

און ירושלים — שטעהט פונקט אונטער'ן „צנור השפע" — פריהער ווערט געבענשט ירושלים וארץ ישראל, און דערנאָך ערשט אלע אנדערע מדינות און — —

„ירושלים שטעהט טאַקע אין טבור הארץ, פונקט אין דער אמת'ער מיט פון דער וועלט; ווייל עס איז דער שורש פון דער וועלט! און ווייל יעדע זאַך ציהט צו זיין שורש (דאָס האָט אפילו דער ערל טמא אריסטו געוואוסט), דעריבער פאָהרט מען, אויב מען געהערט צום אמת'ן שורש, קיין ארץ־ישראל שטאַרבען, און די מתים פון דאַנען וועלען זיך אהין קייקלען גלגול מחילות, לעבענדיג צו ווערען!

„און דעריבער וועט ארץ־ישראל זוכה זיין אויסגעלעזט צו ווע־רען פון דער קללה פאַר אדם והוה'ס חטא!... ברויט און קליידער וועלען וואקסען אומגעפלאַנצט, אומגעזייהט; בשעת ווען אין שאר־ארצות וועט מען אייביג דאַרפען די פויערען מיט די גראָבע מאכלים און גראָבע קליידער צו דער גראָבער ארבייט!...

„און דאַמאָלט, אז משיח וועט קומען, און די קללה וועט אראָפּ פון ארץ־ישראל, וועט אויך אראָפּ די טומאה פון כל ישראל! און כל ישראל וועט עסען תרומה (פון וואַנעט?) און כל ישראל וועט זוכה זיין צו קדשים... און אלע, אפילו נשים און תינוקות וועלען שטעהן ארום מזבח, זוכה זיין צו זעהן עין בעין די כרובים! און אפילו דאָס קדשי־קדשים וועט זיין אָפען פאַר כל־ישראל...

„און דעם יצר־הרע וועט מען דאַמאָלט אויסרייסען דאָס צווייטע אויג און א בלינדען וועט מען איהם פאַרטרייבען אין שאר־ארצות אריין...

„און די תורה הקדושה וועט צוריק זיין דער קארעקס פאר כל ישראל... און די רבנים וועלען זיין די שופטים..."

און נאך, און נאך... — ער האט זעהר היים גערעדט, נאר די היץ אין שטוב איז גרעסער געווארען, און ער (יעקיל־יאקעל) איז אנטלאפען און האט איבערגעלאזט דעם דרשן מיט'ן גרויסען עולם אין איין שוויס, אין סאמעראדנע פייער...

— דאס הייסט חבת ציון, — האט יאקעל־יעקעל געטראכט!

אין א פאר טעג ארום האט ער זיך אבער נאכאמאל געטראפען מיט'ן אייגענעם רב! נאר שוין אין אן אנדער חברה. א געוויסער גביר האט אויפגעמויערט א נייע שול און געמאכט א חנוכת הבית. דער אייגענער רב האט גע'דרש'ענט, נאר פאר אן אנדער עולם, נישט פאר חסידים! ארום דער בימה זענען געשטאנען „קאפע־ליושען", אפילו צילינדער, אפילו ווייסע שטרוינע היט, — ווארשעווער גבירים, ווארשעווער מיוחסים — שטאדט־לייט — דא־זארען!

און עס איז אויך א גרויסע היץ געוועזן, נאר דער רב האט גאנץ אנדערש גע'דרש'ענט. אפגעשטעלט האט ער זיך אויף „מה טובו". איינגענטליך אויפ'ן „מה" אליין; א שעה האט ער גערעדט „מה"־לשון און האט אויסגעוויזען מיט ראיות ברורות, טאקע מיט מופתים חותכים — אז ער קאן אזויפיעל דקדוק, וויפיעל א ווארשעווער תלמוד־תורה אינגעל ענגליש, און פלוצים, כמעט פון דער העלער הויט איז ער אריבער צו א גמרא: עתידה ארץ ישראל שתתפשט בכל הארצות — ארץ ישראל — טייטשט ער אוים אויף אידיש — וועט זיין אומעטום, אויף דער גאנצער וועלט, אין קרוין־פוילען אודאי!...

אויב יעקיל־יאקעל שרייבט אמת, צי הייסט עס נישט פליסיגע אידעען?

און נאך מעהר קונץ — פון איין גמרא ארוים!

אז איהר וועט אין ווארשוי למשל, ארויסגעהן אין גאס אריין און פרעגען: אויף וואס באשטעהט אידישקייט? וועט מען אייך פארשידענע ענטפערען, און לויט דער תשובה, וואס מען וועט אייך געבען, וועט איהר וויסען געננוי, ווער דער מענש, וואס ענטפערט אייך, איז. וועט עמיץ שווייגען — איז עס גלאט א ווארשאווער... אבער טאמער ענטפערט מען אייך, אז אידישקייט שטעהט אויף

„עברית־בעברית“, זייט וויסען, אז דאס איז א רעדאקטאר פון א לשון־קודש'ער צייטונג, אדער א לעהרער פון א חדר מתוקן!

טאמער ענטפערט מען אייך: אויף מציצה! וועט איהר אליין טרעפען, אז דאס איז א ספעציאליסט א מוהל...

וועט איהר טרעפען אויף איינעם פון די פופצעהן צי צוואנציג ווארשעווער מקוה־האלטער, ביז איך אייך ערב, אז די תשובה וועט זיין: אויף נענעל שניידען!

הלל הזקן, וואס האט געשטעלט אידישקייט אויף „ואהבת לרעך כמוך“ — איז שוין לאנג, מיט אלע תנאים ואמוראים, אויפ'ן עולם־אמת..

און טאמער טרעפט איהר אויף א ווארשעווער פרומען דיק־בייכיגען גביר און א גערער חסיד, וועט ער אייך, מיט א רינענדיגען מויל און א הייזעריגען קול פאר תאוה, ענטפערן: אויף כשר־פלייש, אויף אן אמת כשר שטיקעל פלייש!

און אזוי וועלען אייך ענטפערן אלע פרומע, דיק־בייכיגע חסידי'ש־גביר'ישע בעלי־בתים פון אלע שטעדט און שטעדטלעך, וואו די קבצנים וועלען דעריבער געיאגט און געפלאגט און טראגען דעם שווערען עול פון רבנים, דינים, שוחטים און אלערליי משגיחים אזוי לאנג, ביז זיי ווארפען איהם אראפ פון זיך אויף ארעמע לייט... נגידים עסען הינער און אינדיקעס!

און פונדעסטוועגען שרייבט מען פון א אידישער שטאדט אזא מעשה:

ביי אונז — שרייבט מען — איז פאראן א איד א שוחט (דעם נאמען, ווי געזאגט, היפער איך איבער...) מילא, א שוחט איז מן־הסתם א איד —- א למדן, מן־הסתם א פ ר ו מ ע ר איד, א ירא־שמים מיט א זיכערער היפאטעק אויף אלע ש"י עולמות, א קליינינ־קיים א שוחט!

און אויף ד ע ר וועלט פעהלט איהם אויך נישט! ער איז פונקט א „צדיק וטוב לו“! און מיינט נישט חלילה, אז עס שפיי־זען איהם קראהען, אז מען ווארפט איהם אראפ פון הימעל, אדער ער ארבייט על פי קבלה מעשית; חס־ושלום! ער טוט טאקע די האנט אין קאלט וואסער אריין! אויף קעסעל און כלים ארבייט ער:

ערשטענס, איז ער דאך א שוחט; און א טאפעלטער שוחט;

מיט׳ן חלף און מיט דער צונג, וואס זאל שארפער זיין ווי א חלף! די צונג באנוצט ער אויסער דעם נאך צו שדכנות — אויך נישט קיין שלעכטער צושפרונג צו פרנסה! אויסערדעם האנדעלט ער נאך מיט ערדענע כלים... אחוץ דעם אלעם האט ער זיך נאך באשלאַסען אונטערצוהאלטען אידישקייט אין געשטאלט פון א שטיקעל אמת־גלאַט־כשר פלייש, און האט זיך גערעפענט — א יאטקע...

מהיכא תיתא, א שוחט איז דאך נישט ערגער פאר א קצב!

האט ער אבער, דער שוחט, ביי אלע מלאכות מיט אסך ברכות, קיין צייט נישט אליין אין יאטקע צו שטעהן, פארטרעט ער זיך ביסלעכווייז מיט א געוויסען „אנטאן", וואס הורתו ולידתו איז נ י ש ט בקדושה און קיין גר־צדק איז ער עד היום אויך נישט!

און רב־און־קהל, וואס פלעגט יאגען יעדען קצב פאר א חשש, פאר א שאטען פון א חשש־בחשש, שווייגט —

פאר די קצבים זענען זיי געוועזען „שטאל און אייזען", ביים טאפעלטען שוחט איז פון זיי געוואָרען א ווייך שטיקעל וואקס... גאר ווייך, גאר קנעטענדיג, כמעט פ ל י ס ע נ ד י ג...

---

אין אן אנדער שטאדט, אויך אן אמת׳ע עיר ואם בישראל, איז פאראן א שול, און א רייכע שול מיט כלי־כסף־וזהב, מיט מעשענע לייכטער, מיט עטרות מיט גלעקלעך, יד׳ן מיט לאנגע פינגער, און מיט גבאים — גרויסע לייט, עהרליכע לייט, וואס, אז זיי דערהערען, אז עמיץ איז עובר אויף לא־תגנוב — פיו! אין קייטען אויף סיביר וואלטען זיי איהם געשיקט!

איינער א גבאי האט דעריבער טאקע אפילו א נאהנטען קרוב, א מענש אין געשעפט, פאר אביסעל גרעסערע הוצאות, וואס ער האט געמאכט אויף׳ן וועג, פשוט איינגעזעצט... אן אנדערער ווייטער האט א ז ו י פיינט גנבים, אז ווען ער דערזעהט א גנב, בפרט ביינאכט, זאגט ער אליין, ווערט ער איבערגעצווינגען, ווי מיט א גענזענער הויט! ער קאן נישט! א שפאס „לא תגנוב!"... און דאס זענען פעסטע מענשען, ערנסטע מענשען, „שטאל און אייזערנע" מענשען, אויף זייערס א וואָרט איז מויערען צו שטעלען, פון כשר׳ע

הלואה נישט צו רעדען! אומגעצעהלט צדקה־געלט! אז מען ווייסט, אז די לייט זענען בטבע שונאי־בצע, בפרט לא־תגנוב־געלט!

און צום סוף האט זיך אויסגעוויזען, אז די גרויסע לייט, די גביר'ישע גבאים, די קהל'שע מיוחסים, זענען אויך נישט „מעור־אחד"... שטיקלעך גנבים ש ט ע ק ט אין זיי!

ווארים, אז באברויסק איז אפגעברענט געווארען און מען האט געוואלט אויסרופען אין שול, מען זאל צוזאמענקלייבען נדבות פאר די נשרפים און אריינטראגען צו די גבאים, האט דער עולם גענוג הויך געזאגט: לאו! מען האט זיך דערמאנט אין בריסק דליטא... בריסק דליטא איז אויך אמאל אפגעברענט געווארען; מען האט אויך אויסגערופען אויף נדבות, און מען האט ג ע ק ל י ב ע ן נדבות, און מען האט זיי אריינגעטראגען, די עטליכע מאות, צו די גבאים, און די גבאים — —

די גבאים, האט זיך אויסגעוויזען, זענען, ווי געזאגט, נישט מעור־אחד, האבען פ ל י ס י ג ע אידעען מיט קלעפּעדיגע פינ־גער און דאס געלט איז נעלם געווארען, דערטרונקען געווארען!

---

און ווי פליסיג מוזען זיין די אידעען ביי א בעל־בתי'שען מסור?

אין א געוויסער שטאדט איז פאראן א איד א בעל־הבית, איז ער שוין אפגעוועזען אליץ אין דער וועלט. א קאנדידאט אויף אלער־ליי גבאות און אפטרופּסות, א האלב — צי א דרייפיערטעל־יעהו־רינגער ציוניסט, סיי ווי סיי קומט איהם א רעשט פון א שקל... ער איז שוין געוועזען א הייסער חסיד און א קאלטער מתנגד, און סוף־כל־סוף, אז דאס אליץ האט נישט געהאלפען צום כבוד, איז ער גע־ווארען א מסור!

און א מסור בריש־גליה! האט ער אריינגעשריבען, וואו מען דארף, א בריוועלע, באשר בכן — די לעהרער פון דער שטאדטישער תלמוד־תורה זענען „סיציליסטען", לערנען עברית בעברית, פיהר־רען איבער די קינדער, מאכען פון זיי זאל גאט היטען וואס... און האט מודיע געוועזען פון דער מסירה דעם רב פון שטאדט און די אפטרופסים פון תלמוד־תורה, זאלען זיי וויסען...

צעהן מאָל האָט ער זיך געביטען דער וואַקסענער „מענש“. איידער ער איז מסור געוואָרען!

---

און די פּליסיגע אידעען האָבען נישט געשאַדט, נישט דעם „דוכאָוונע“, וואָס בויגט זיך אין די דרשות, ווי אַ לעדערנער דײַ־שעל, נישט דעם רב, וואָס האָט אַן אַנדער יורה־דעה פאַר'ן שוחט'ס קראָם, נישט די גבאים, וואָס האָבען טײלמאָל פּיינט גנבות, ווי טײלמאָל ליעב אַ גנבה'לע, אפילו נישט דעם „אומרוה“ דעם מסור... זיי אַלע לעבען און לעבען, ווי עס פּאַסט פאַר „דוכאָוונים“, רבנים, גבאים און שעהנע בעלי־בתים... בפרט זייט מען האָט אויסגעשטראָ־כען „הלכות מוסר“... און פונדעסטוועגען — פּ ר אָ ס ט ע מענשען שאַדט עס!

איך וועל אייך נאָך דערצעהלען אַ מעשה פון אַ שניידער אין פּראַגע, הינטער וואַרשוי... (פאַרפאַלען, איך האָב מיך אַרויסגע־כאַפּט! „וואָס עס איז אַנגעשריבען מיט דער פּען, זאָל אויסהאַקען ווער עס קען“) —

הכלל, אַ שניידער, און אפילו נישט קיין אמת'ער שניידער, וואָ־רים ערשטענס, האָט ער קיין בגד אויפנעהען לחלוטין נישט גע־קאָנט; אָט אַ לאַטע לעגען, אַ ריס צונעהען, עפּעס פאַר אַ דייטש אויסצופּרעסען, דאָס האָט ער געקאָנט. צווייטענס, האָט ער קיין שניידערשע טבע נישט געהאַט; נישט איבריג געשוואוירען, נישט געשאָלטען, נישט איבערגעהאַלטען די צייט, נישט צופיעל געבעט־טען און — צוריקגעגעבען יתור, אפילו אַ פאָדעם!

האָט טאַקע דער עולם געגאַפט! בפרט, אַז מען איז געוואָר געוואָרען, אַז דאָס שניידערל קען אַ פּסוק חומש מיט רש"י, פאָהרט צו ר' צדוק'לען קיין לובלין און קומט אהיים, און חזר'ט איבער זיינע תורות, האָט מען זיך אודאי געוואונדערט... און פרומע ווייבער האָבען באַלד געקלערט: צי איז ער נישט אמאָל אַ נסתר — אַ למד־וואָו'ניק?

ער האָט זיך אָבער זיינס געטאָן!

איינמאָל האָט זיך אָבער געטראָפען אזא מעשה: אַ איהענע אַ שכנה איז שווער געגאַנגען צו קינד, קיין דאָקטאָר איז נישט

געוועזען, קיין אקושערקע אויך נישט, די קולות זענען געגאַנגען עד לב השמים, און דער מאַן איז ארומגעלאָפען פאר דער שטוב, ווי משוגע, און אונזער שניידערל איז פונקט אהיימגעגאַנגען פון גאָס מיט א פּאָר מכנסים צו פארלאָטען, און האָט'ן געטראָפען, און גרויס רחמנות געקריגען, און אַנגעכאַפּט דעם שכן ביי דער האַנט, און גע־זאָגט ערנסט און מיט'ן גאַנצען האַרץ: וואָס לויפט איהר ארום ווי משוגע? מען טאָר נישט! גאָט וועט העלפען! א מענש מוז בטחון האָבען! און גאָט האָט געהאָלפען — — איז שוין געפאַלען אויפ'ן שניידערל א חשד, אז ער איז פאַרט קיין פּראָסט שניידערל נישט...

דערנאָך, אז די מקשה לילד איז געזונט געוואָרען, פלעגט זי שטענדיג, ווען זי איז נאָר דורכגעגאַנגען פארביי דעם שניידערל'ס פענסטערל, אריינוואַרפען אַן אויג, צי וועט זי נישט עפּעס דער־זעהן, צי טוט ער נישט עפּעס בסוד, עס מוז פאַרט איג'ם שניי־דערל עפּעס שטעקען!

און איינמאָל האָט זי דערזעהן...

עס איז געוועזען א שעהנער זומער־טאָג, א הייסער ליכטיגער נאָכמיטאָג! און דאָס אָרעמע שניידערל איז זיך געשטאַנען ביי זיך אין שטיבעל ביי דער וואַנט און האָט געדאַווענט, מן־הסתם מנחה, און אין דער הויך אויפ'ן שוואַרצען סופיט, פונקט איבער זיין קאָפּ, האָט געטאַנצט א ווייסער פלעק, א ליכטיגע קרוין!

אין א שעה אַרום האָט גאַנץ פּראָגע געוואוסט, אז ווען דאָס שניידערל איז „מתפלל", שטעהט איבער זיין קאָפּ א ברענענדיגע גאָלדענע קרוין... און זי טאַנצט, און שאָקעלט זיך, אזוי ווי זיין קאָפּ שאָקעלט זיך!

א טאָג שפּעטער האָט די איינענע אמאָליגע מקשה לילד ווײ־טער אריינגעקוקט אין פענסטערל צום שניידער און ווייטער גע־זעהן, ווי די איינענע „ליכטיגע קרוין" טאַנצט אויפ'ן אייגענעם אָרט אין סופיט, כאָטש דאָס שניידערל דאַוונט נישט, און זיצט נאָר ערגעץ און לאַטעט אויף א דאָרף; צום דריטען טאָג איז דאָס שניי־דערל שוין צוריק אין דער היים געווען און האָט ווייטער געדאַ־ווענט, צי מתפלל געוועזען, נאָר קיין ליכטיגע קרוין איז איבער זיין קאָפּ נישט געווען, נישט געציטערט, נישט געטאַנצט, ווייל עס איז קיין זון נישט געוועזען... עס האָט גערעגענט!

די אידענע האָט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס באַטייט, נאָר עס איז שוין צו שפּעט געווען — גאַנץ פראַגע, אַלע ווייבער, אָקסענהענד־לער, קעלבער־טרייבער און לעדיג־געהער, האָבען שוין געוואוסט, אַז דאָס שניידערל איז קיין פּראָסט שניידערל נישט, אַז ווען ער איז מתפּלל, שטעהט איהם אַ ג אָ ל ד ע נ ע קרוין אויפ'ן קאָפּ!

איין שניידערל, וואָס האָט נישט געגלויבט! וואָס האָט זיך געהאַלטען „שטאָל און אייזען" דערינען, אַז ער איז נישט מעהר ווי אַ שניידערל", אַז ער ווייסט נישט פון קיין קרוינען; — אַז יתור פון לאַטעס גיט ער אָפּ, ווייל ער האָט זיי נישט וועמען צו פאַר־קויפען, מען קאָן דערפון אפילו קיין קינדעריש היטעלע נישט מאַ־כען, אַז ער אַליין פאָהרט צו ר' צדוק'לען...

עס האָט אבער נישט געהאָלפען. ער איז אַנטלאָפען, און די ווייבער, מיט די אָקסענהענדלער, מיט די קעלבער־טרעגער, זענען איהם נאָכגעלאָפען; איבער וואַלד און איבער פעלד, איבער באַרג און איבער טאָל, ביז זיי האָבען איהם געכאַפּט, געגנויט, פּשוט מאַנס געווען! און זיי האָבען אויסגעפיהרט! דאָס ה אַ ר ט ע שניי־דערל איז ו ו י י ך געוואָרען, זיין שטאַנדהאַפטיגע ע ה ר ל י כ־ ק י י ט האָט זיך געבויגען, איבערגעקנעטען, ווייך געוואָרען און צוגאַסען. און ער איז געוואָרען, וואָס מען האָט פון איהם געוואָלט, און ער גיט עצות מיט קמיעות, און נעמט מטבעות עד היום הזה...

נאָר געשאַדט האָט עס איהם!

פליסיגע אידעען זענען אפילו אַ סגולה צו פּרנסה, טיילמאָל צו עשירות אפילו... אָבער דער נשמה, בפרט אַ פּראָסטער שניידער־שער נשמה שאַדען זיי!

מען האָט'ן אַזוי לאַנג געבויגען, געקנעטען, ווייך געמאַכט, ביז ער האָט באַקומען „פליסיגע אידעען", ביז די פליסיגע, אַמאָל פעסטע שניידערשע נשמה, האָט זיך איהם אויסגעגאָסען, ווי וואַ־סער, און עס איז איהם טרוקען געוואָרען אויפ'ן האַרץ, אין האַלז, אין אַלע איברים, און ער האָט אָנגעהויבען צו טרינקען, זוכען זיך נייע פליסיגע נשמות אין גלעזעל, אין קוואַרטען, אין גאַנצע שטאָ־פען...

און ער טרינקט, ווי נישט קיין מענש. חסידות'טעס זאָגען: ווי אַ מלאך; מתנגדים: ווי אַ פויער... און וואַלגערט זיך שכור'ער־הייט אין די גאַסען, ווי גאָר עפּעס אַנדערש...

און די פרומע ווייבער זאָגען: גאָט ווייסט, וואָס ער זוכט...
און איך וויים: די אַלטע נשמה זוכט ער!
אַזוי, אַזוי, ברידער: פּליסיגע אידעען זענען אַ מעלה ביי פּי־לאָזאָפען; זיי קומען צונויף און זענען געזונט פאַר רבנים, כלי־קודש, פיינע בעלי־בתים, אָבער פּראָסטע מענשען, שוסטער, שניידער צי אַנדערע בעל־מלאכות, זיי שאַדען זיי.
נישט דעם גוף — דער נשמה שאַדען זיי.
מען פאַרלירט באַלד די נשמה. —

8.

3טען יולי, 1902.

דעם פרייטאג, ווי אלע פרייטאג, זייט איך בין מגולגל געווארען אין א „ביהן“, האב איך מיך גענומען צו מיין זיסער ארבייט.

איך האב מיר אנגעלעגט א גרויסען בארג צייטונגען, א קליין בערגעל בריף, איינגעטונקט די פעדער און — —

דין־דין־דין!

עס קומט אריין א גוטער באקאנטער, א יונגערמאן. ער זעהט, וואס איך טו, אייגענטליך — וואס איך וויל טון, און פארציהט די נאז:

— ווייטער?

— מען מוז!

— ניין, — דעם אמת זאגענדיג, עס איז נישט פאר דיר, דו ביסט א צו אלטע ביהן, גיסט וועניג האניג, דערפאר בייסען — בייסט דו צופיעל; די גאל וואקסט מיט די יאהרען; דאס הארץ, אפנים — נישט! לאז א יונגערען אויף דיין ארט... לאז ער קוקען אויף שטעדט און שטעדטלעך מיט העלערע אויגען...

— מיט ראזיגע ברילען?!

— זאל זיין אזוי! ביי דיר ווערט שווארץ פאר די אויגען.

עס איז באקאנט: א גוטער פריינד זאגט מוסר; א איך קאן בעסער...

— אדרבא — זאג איך — פרואוו דו אמאל, פארטרעט מיך איינאיינציגע וואך... זעץ דיך.

ער שמייכעלט און זעצט זיך. „נא — דא צייטונגען, דא בריף — ארבייט! פאפיר, ווי האלץ!“

איך געה שפאצירען...

---

איך האב אפגעשפאצירט, אפגעדריקט הונדערט פארשוויצטע

הענט, חרב געמאכט א קאפעלוש מיט גריסען זיך, אויסגעפלוידערט „וואס נאר אין דער קווארט" און קום צוריק — —

מיין פרעהליכער יונגערמאן זיצט זויער, ווי א ציטרין; א טרוקענע פעדער אין האנט, א לערער בויגען פאפיר פאר דער נאז... די צייטונגען מיט די בריף צוואוואָרפען...

— נו!

— ווענינ מאטעריאל...

— איז נישט! — ענטפער איך, מכלומר'שט קאלטבלוטיג... און גלאט פרעג איך — וואס הערט זיך נייעס?

— אין מאסקווע ווערט מען אפשר יא צונעמען אידישע סטודענטען... קיין סלאוויאנסק לאזט מען נישט קומען... אין מאסען גימנאזיעס נעמט מען קיין אידישע פאפירען נישט צו; עס זענען געבליבען צעהן פראצענט פון פאר־יאהרען...

— נו, דאס ווענדט זיך נישט אין אונז... אבער פון אונזער צד...

— פון אונזער צד — זייערט ער פון צווישען די ציין — צוויי „סצענקעס"...

— למשל?

—אין הייסין (פאדאלער גובערניע) געהען ארום צוויי יונגע לייט, אפשר בחורים, צוזאמענגעמען נדבות אויף באברויסקער נשרפים. זיי קלינגען אן ביי א גרויסען עלעגאנטען הויז, מען לאזט זיי אריין אין פאדער־שטוב. פון סאלאן הערט זיך א ויכוח. דער גביר רעדט הויך מיט דער גבירה. עס געהט ווענען „יא געבען, נישט געבען" — ערשטענס, באברויסק — מעבר לים, און צווייטענס — ווער געהט? יונגע־לייטלעך, אודאי אפקורסים, לכל הפחות — ציוניסטען, נאציאנאליסטען און אפשר גאר „סיצילים־טען"... נישט געבען איז אויך נישט גלייך... צום שלים־מזל קאנען די יונגעלייטלעך שרייבען. באלד וועלען קלינגען די גאזעטען... אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז עס איז געבליבען, די גבירה זאל ארויס־טראגען צוואנציג קאפ.... ארייגלאזען די „שקצים" א ו ד א י נישט! און די גבירה האט גענומען ביים גביר פיער צעהנערלעך און איז ארויסגעקומען צו די יונגעלייט אין פאדערהויז אריין, און דערלאנגט א ג י ל ד ע ן! א צעהנערעל האט זי זיך באהאלטען...

— און זיי האָבן גענומען?

— גענומען, פאַר א מצוה געהאַלטען...

— און די צווייטע סצענע? — פרעג איך.

— די צווייטע באַשרייבט דער הוראָדנער רב.

— דער הוראָדנער רב שרייבט סצענקעס?

— עט... עס געהט וועגען דעם, וואָס מען באַשולדיגט די רבנים, אז זיי פיהרען שלעכט די מעטריק־ביכער... פאַרשרייבען „נח מיט זיבען גרייזען" די לעבעדיגע, מעקען נישט אויס די טויטע; לויט זייערע ביכער האָבען חתונה באַווייבטע מיט אשת־איש'ן, עס גט'ן זיך בחורים מיט בתולות... מיט איין וואָרט א מיש־מאַש מיט גרייזען, און „ר' יעקב משלם", מען צאָהלט קנס פאַר נישט געשטויגענע אינגלעך!

— געוויס!

— איינער, למשל, האָט א י י ן זוהן, קוים געקריגען א בן־זכר, אויף א צווייטען אזוי גיך רעכענט מען נישט, ד ע ר איז אנגעקומען מיט.... מיט דער הילף פון דאָקטוירים און רביים. גיט ער איהם כאָטש צוויי נעמען; נאָך ז י י ן פאָטער און נאָך א י ה ר פאָטער... דער רב האָט קיין צייט נישט, פאַרשרייבט ער דערווייל איין נאָמען... דער בן־זכר וואַקסט, האָט חתונה, מאַכט מען אן אקט, פאַרשרייבט דער רב אויך נאָר איין נאָמען. נאָר פונקט דעם צווייטען... פון איין זכר ווערט דעריבער צוויי... און שפּעטער באַצאָהלט ר' יעקב זעקס הונדערט רובל קנס, בשעת ווען דער איינציגער בן זכר איז אויפ'ן עולם אמת, אדער ער האַלט מלחמה אלס ענגלישער סאָלדאַט מיט די בורען, אדער אלס ארגענטינער קאָלאָניסט — מיט'ן היישעריק, און ר' יעקב האַלט אויף אן אלמנה צי אן עגונה מיט קינדער...

— דאָס שרייבט דער הוראָדנער רב? דער ע ו ל ם הויבט אן זיך אליין צו שמייסען?

— ניין, דער הוראָדנער רב זאָגט, אז דאָס אלץ איז א מ ת, נאָר נישט די רבנים זענען שולדיג, ער שטעלט פאַר א סצענע:

עס קומט אריין אן אלטע אידענע:

— גוט מאָרגען, רבי.

— גוט יאָהר. וואָס פאַרלאַנגט איהר, בעל־הבית'טע?

— א שעהנע בעל־הבית'טע, נאָר נישט אין דעם בין איך

אויסען... כ׳האב נישט קיין צייט, נישט דעם קאפ דערצו... אט ליגט א יולדת, א טיר־אן־טיר, אהן, אומשטיינס־געזאגט, אהן א העמד...

— ווילט איהר, הייסט עס, א נדבה?

— חלילה... און אפשר דאס אויך — נאר דערווייל בין איך געקומען פארשרייבען דעם בן־זכר... א שעהנער בן־זכר — שעהן ווי א ציטרין, נאר פארשרייבען מוז מען דאך... משה׳לע הייסט ער...

— און וואו איז דער פאטער?

— וואו ער איז? איך ו ו י י ס, וואו ער איז! אוועקגע־פאהרען איז ער! זיין נאמען, רבונו של עולם, זאל אהיים קומען! איבערגעלאזט אן עגונה מיט קינדער און אין אכטען חדש... הייסען הייסט ער, דער פאטער, יענקעל...

אז „יענקעל“, קאן זיין יעקב; עס קאן אויך זיין יאקוב; עס קאן זיין: יעקעל, יאקעל; אמת, — עס קאן זיין „יענקעל“ אויך...

— ניין, בעל־הבית׳טע, אזוי שרייבען קאן מען נישט. האט איהר נישט זיין מעטריקע, אדער אן אנדער כתב, מען זאל וויסען, ווי ער הייסט? אקוראט, ווי אזוי ער שרייבט זיך!

— א נייער רב — זיפצט די אידענע — מיט נייע גזרות! וואו זאל איך נעמען כתבים? איך בעט אייך, רבי, צי האב איך צייט דערצו? עס ליגט א יולדת, עס נאגט זי ביים הארץ, איך בין א פרעמדע, נאר פאר רחמנות... נו, זאל איך אייך זוכען כתבים? איך בעט אייך, רבי, אויף גאטס באראט האב איך זי איבער־געלאזט...

דער רב פרואווט זיך נאך!

— אהן דעם קאן מען נישט! — שטעלט ער אן א שארף פנים מיט א הארטען קול...

— נאט איז מיט אייך, רבי — צוגיסט זיך די אידענע — צי זייט איהר קיין איד נישט, צי האט איהר קיין אידיש הארץ נישט? איהר זייט אזא מחותן מיט דער זאך, ווי איך... פאהרט א י ה ר קיין אמעריקא זוכען ביים ימח־שמו׳ניק כתבים... וואס ווילט איהר פון מיינע אלטע יאהרען, נעכט שוין נישט געשלאפען!

און דער רב פארשרייבט, אז א זוהן געהאט האט „יענקעל“.

— א ברירה האט ער?

דערנאָך וועט זיך אויסווייזן, אַז אַ נאָמען געגעבן האָט מען איהם „עקיבא“, פאַרשריבען אויף אומות העולם לשון האָט מען קובא. פון קובא איז שוין געוואָרען יאקוב, און פון יאקוב — ביי שלעכטע צייטען, וואָס איז די גדולה? קראַנק צו הייסען פראָסט יענקעל? אויך אַ מיוחס, אַהן אַ ביסען ברויט אין מויל...

— קאָן זעהר זיין...

— געוויס, אסך אמת שטעקט דעריגען... פונדעסטוועגען...

מיין יונגע ציטרין שווייגט, איך אויך. מוסר זאָגען איז אין שטעדט־און־שטעדטלעך קיין אָרט נישט.

— און אַזוי, וואָס הערט זיך? — פרעג איך ווידער איבער אַ ווײַלע אַרום?

— פון קאַנעלע, קיעווער גובערניע, שרייבט מען אַ מזל־טוב. מען האָט געעפענט אַ נייע קלויז, אַ טאַלנער קלויז!

— שולען און בתי מדרשים פעהלען!

— נישט אין קאַנעלע! לויט מען שרייבט: אַ גרויסע שול, אַ בית־המדרש, אַ מאַקאַרעווער מנין. אומעטום גרוים. מען שוויצט נישט אפילו יום־כפור צו נעילה! מען באַגראַבט אין כמעט ווייסע טליתים...

— וואָס דען?

— אַ מעשה: „כבודים פאַר מכובדים“ — אַ נייע קלויז — צוויי נייע גבאים; אחוץ גבאים, — צוויי נייע משגיחים, מען זאָל נישט רעדען ביים דאַוונען!

— און נייע מחלוקת וועגען פעטע עליות...

— מחלוקת פעהלט סיי־ווי־סיי נישט! ערשטענס, איז אַ פּראָצעס וועגען אַ ירושה... אַ איד איז געשטאָרבען און איבער־געלאָזט ח"י זהובים ירושה... דערויף צוויי זיהן... איינעם אויפ'ן אָרט, דעם צווייטען אין ירושלים; אַנטלאָפען פאַר „גלגול מחילות“... דער היימישער האָט צוגענומען די גאַנצע ירושה; קהל שרייט, אַ רחמנות אויף אַ ירושלים־איד... מען לאָזט דעם גזלן נישט דאַוונען בצבור! טייל האַלטען פון גזלן'ס צד...

צווייטענס, האָט גאָט אַראָפּגעשיקט אַ פייער און אין זיין גרימצאָרן פאַרברענט דאָס באָד — לכל הפּחות — אַן עסק אויף יאָהרען...

— און דריטענס?

— דריטענס? לאזט זיך אביסעל הערען ווענען א גירוש... די שטאדט איז נישט זיכער שטאדט.... קהל הענגט אויף א האר!

מיר שווייגען ווייטער א ווײלע.

איך וויל דאך מיין יונגען גוטען פריינד אויסנוצען איננאנצען און פרעג:

— און וואס הערט זיך ווענען צדקות, ווענען נייע חברות, וואס טוען אונזערע יונגעליים?

— אונזערע יונגעליים הויבען זיך און פאלען...

אין פלאצק (פוילען) האבען יונגעליים געגרינדעט א לעהע־ביב־ליאטעק... א ל י י ן געקויפט, פון „מרבי השכלה" ספרים באסור־מען... שוין טויזענט ביכער געוועזען... אבאגענטען א הונדערט, לע־זער — כפל־כפלים, ווי דער שטיינער איז! דער יונגער עולם איז אבער, שרייבט מען, מיד געווארען. די ביבליאטעק פאלט...

אין ווילנא (ירושלים דליטא) האט מען פארמאכט די אידישע אווענט־שולע; עס איז קיין געלט נישטא צו פיהרען...

— צו אווענט־שולען דארף מען דאך „קליין־געלט", דירה קאסט נישט, אומזיסטיגע לעהרער געפינען זיך... וואס? באלייכ־טונג, לעהר־מיטעל...

קליין געלט פעהלט אויך אמאל... אין דימער (קיעווער גובער־ניע) זענען אפגעפאלען יונגע־לייטשישע „בקור חולים", „גמילת חסדים", „לחם אביונים" — געבליבען זענען, די בשורות טובות. וואס מען האט געדרוקט, ביים עפענען, אין די צייטונגען; געבלי־בען זענען די ארעמע לייט; געבליבען זענען אויך די א ל ט ע חברות: חברה קדישא, חברה משניות, עין־יעקב, „שומרים לבקר", חברה תהלים...

אין מאלין (אויך קיעווער גובערניע) האבען זיך פאר א פאר יאהרען די יונגעליים אויפגעכאפט, אוועקגעריסען זיך פון פרעפע־ראנס און סטוקולקע און „ראזוויוואיען" דורכאוים אידישע טעכ־טער, און געגרינדעט א תלמוד תורה... אויך פאר קליין געלט. דער לאקאל — די ווייבערשע שול; מלמדים, ווי געוועהנליך, בחצי חנם: משכילים — לעהרער אומזיסט. סאמע „פאטשאטנע"... עס האבען זיך אנגעקליבען איבער הונדערט ארעמע קינדער... צוזא־מענגענומען אלטווארג, אביסעל צונעקויפט און געקליידט...

עס האט אבער נישט לאנג געדויערט. דער יצר־הרע פון קאר־

טען און אידישע טעכטער „ראזוויוואיען“ איז גרויס; יונגעלייט זע־נען אויך צוריק צו זייער ארבייט, און אין דער ווייבערשער שול זיצען אפגעריסען הונדערט תלמוד־תורה־קינדער און קוקען, ווי די מלמדים זיצען און טרינקען טיי מיט צוקער. דאס איינציגע, וואס די ארעמע קינדער קאנען זיי ברענגען...

— און שוין?...

— כמעט שוין... עטליכע פראצעסען... אידען פאהרען קיין פעטערבורג און מאסקווע אהן ערלויבניש און דער מיראוואי פסק'ט קנס, צעהן רובל, פופצעהן רובל, ווי אמאל, ווי ווענען...

ווארשעווער אידישע שפיטאל־דאקטוירים פראצעסירען זיך מיט ווארשעווער קהל, מען זאל זיי באפרייען פון אפצאהל אויף קהל'שע זאכען. ערשטענס, זענען זיי „געענדיגטע“ און וואלטען אין דעם איבריגען רוסלאנד נישט געצאהלט קיין קאראבקע; צוויי־טענס, זענען זיי „טשינאווניקעס“, און טשינאווניקעס זענען על־פי־דין פטור פון אלערליי אפצאהלען... „אקושארקעס“ אין ליטא און אין דרום־רוסלאנד פיהרען פראצעסען געגען בעל־טאקסעס, באשר בכן — זיי זענען אויך „געלעהרטע“ און עס קומט זיי כשר פלייש אהן „קאראבקע“ אויף אידישע זאכען... א פראצעס אין אדעס צווי־שען צוויי מוהלים ווענען א בלבול... אן אלטער מוהל אהן א פאר־טוך, אהן דעזינפעקציע און אהן וויזיט־קארטען, האט מוציא־שם־רע געוועזען אויף א נייעם מוהל מ י ט א פארטוך, וויזיט־קאר־טען, דעזינפעקציע און א גאנץ קעסטעל כלים פאר זיך, — אז ער, דער נייער מוהל, באטש ער דרוקט אויף זיינע וויזיט־קארטען: „ספעציאליסט, אידישער ריטואל אפעראטער“, קאן נישט אויסצי־העז קיין מעסערעל... און דער נייער מוהל האט זיך געפונען באליי־דיגט און „איינגעגעבען אין סוד“...

— וואס נאך?

— אין פאלטאווע ווערט זיין א גרויסער משפט... א משפט פון אן ארגאניזירטער באנדע צו באפרייען פון מיליטער מיט דער הילף פון פארשידענע קונצען, אלערליי קראצערייען און פארריכטערייען אין מעטריקעס און ביכער, ווי אויך פון פארשידענע קינסטליך גע־מאכטע פעהלערען...

די באפרייער, נאטירליך, זענען נישט קיין „בני־ברית“, צום סאמעראדנע שטראדעל לאזט מען קיין איד נישט צו — אבער די

טעקלער, די דאָקטוירים: האָלוּוערג, נאַבינסקי, גאָלבערג, — דאָג זענען שוין אידען... ס'רוב באַפּרייטע אוּדאי...

— נאַ!

און ער וואַרפט אַוועק די פעדער און שטעהט אויף פון אָרט.

— שרייב דו!

איך זעץ מיך גאַנץ רוהיג אויפצושרייבען דאָס געשפּרעך.

— עקר שכחתי — ניט ער צו — די השכלה נ ע ה ם, זי פ אַ ה ר ט... זי איז שוין געקומען אפילו קיין ירושלים... עס האָט זיך דאָרט אַ ווייבעל גע'סמ'ט!

— פאַרוואָס?

— דער מאַן האָט זי נישט געוואָלט גט'ן...

און ער אנטלויפט מיט מאָרגנ־פינטעלדיגע אויגען...

9.

10טען יולי, 1902.

אלץ איז אנשטעקענד, אלץ געהט ווי אן איבערגאנג, נישט נאר שרפות, נישט נאר קרענק...

פאטשט מען זיך אין סאנדעגירער קלויז אין טשודנאָוו איבער אן עליה, פליהען באלד פעטש, ווי האלץ אין דער גרויסער שול אי־בער א קלפי... אין דער גרויסער שול, ווי דער מנהג איז ביי קלפים, האט זיך געגאסען בראנפען און בלוט, און בעלי־בתים זענען ארומ־געלאפען ווי נישט דערקוילעטע גענז, און צו דער סאנדעגירער קלויז זענען זיך צוזאמענגעפלויגען גאנצע מחנות שוואלבען אויפצוקליי־בען די אויסגעריסענע האר פון הסידי'שע בערד, אלס דאס פיינס־טע מאטעריאל צו נעסטען...

און אזוי פאטשט מען זיך אין גאנץ תפוצות ישראל...

און פונדעסטוועגען, ביי דעם גאנצען גע'רעש און געפילדער, שלאפען איין צדקה־חברות. די קולות געהען עד לב השמים, מחנות שופטים ושוטרים ווערען אויפגעשטעלט אויף די פיס, און חברה־לייט פון אלערליי צדקות ליגען און שלאפען אזוי רוהיג, אזוי פיין, אז מען הערט נישט זייער פארע...

אין דעם איינענעם טשודנאָוו, למשל, וואו עס קאכט „אויף קעסעל און כלים", וואו די שענסטע בעלי־בתים גאהען ארום מיט פינף־פינגער־פארטרעטען אויף די פנים'ער און שרייען אויף די ציין, איז איינגעשלאפען א גאנצער קאמיטעט, וואס איז ערשט נישט לאנג געגרינדעט געווארען צו הילף פאר ארעמע קימפעטארינס...

אין ווילנא זענען איינגעשלאפען די אווענט־שולען פאר בעלי־מלאכות, אין ווארשוי שלאפען אלע ציוניסטישע רעדער און רעד־לער וכדומה —

ווערט אן „איבערגאנג" אויף שלאפען, איז פארפאלען, וועסט דו מיט הארמאטען נישט וועקען!

און אז מען איז מודיע פון קאָוונער ישיבה אויף סלאבאדקע, אז די משגיחים האבען אויסגעשלאסען (אויף פראסט אידיש —

ארויסגעוואָרפען) כמעט דריי־פיערטעל בחורים פאַר ציוניזם און דערביי מיט אַ צירקולאַר מודיע געווען די עלטערען, אַז די קינדער זייערע, זייער גאַנצע פרייד און האָפנונג, זייערע קדישים און שטור־לען אין גן־עדן, זענען אַרויס לתרבות רעה און געוואָרען ערגער ווי גע׳שמד׳ט; אַז מען האָט אין דער איינענער ישיבה געמאַכט אַ תקנה, נישט צוצונעמען צום נייעם „זמן" קיין בחורים, וואָס וועלען נישט שווערען בנקיטת חפץ, על כל פנים געבען „תקיעת־כף", אַז זיי וועלען נישט האָבען קיין „מגע־ומשא" מיט מעשה־ביכלעך, דקדוק, תנ"ך און קאַלאַניאַל־באַנק — — קומט באַלד דיזעלבע ידיעה פון ט ע ל ז, און פון מ י ר הערט זיך נאָך שענערס: דאָרט האָט מען געכאַפּט אַ בחור מיט אַ שערעל ביי דער באָרד, און דערגאַנגען איז מען, אַז די רעשט תלמידים זענען אויך, נישט פאַר אייך געדאַכט, אַנגעריהרט, — האָט מען דעם גאַנצען עולם מיט אַמאָל „מקים פסק" געווען: מען האָט אַריינגערופען פּופּציג נאָ־סען־מענשען, טרעגער און אַזוי אַרבייטער, און מען האָט דורכגע־שמיסען גאַנצע צוויי הונדערט תלמידים, און די ישיבה פאַרמאַכט!

און אַז עס הערט זיך פון אמת׳ן י ר ו ש ל י ם, אַז די אָפּגעלעבטע אַלטע אידען, וואָס זענען אַהינגעקומען שטאַרבען, ווי־לען באין־אופן נישט אָפּטרעטען דעם יונגען דור, האַלטען זיך, אַלס סגולה געגען מלאך־המות, מיט אַלע פיער ביי די הערנער פון מזבח; און האָבען, ווי אויף להכעיס, התונה מיט יונגע מיידלעך, געקויפ־טע פאַר קליין חלוקה־געלט און אַ חלק לעולם־הבא, און אַרבייטען מיט געגייערטע כחות אויף „חזוק הדת" מיט פּאַשקווילען, קללות און חרמות, און מ ס י ר ו ת; — שרייבט מען באַלד פון ירושלים דליטא, אַז דאָרט האָבען עהרליכע פרומע אידען גע׳מסר׳ט די סטראַשונער ביבליאָטעק ביי דער אַלטער שול, באשר בכן, אין איהר געפינען זיך אחוץ ש"ס ופוסקים נאָך אַנדערע א י ד י ש ע ספרים אויך, און — מען האָט די ביבליאָטעק פאַרמאַכט!

איין וועלט — איין איבערגאַנג...

נאָר עס זאָל זיך טרעפען, אַז דאָס רוב קאָרעספּאָנדענטען פון אַ וואָך זאָלען ענדיגען זייערע בריף מיט פראַגע־צייכען, אַז אַלע זאָלען פרעגען: פאַרוואָס? אויף דעם וואָלט איך מיך נישט גע־ריכט... עס דערמאָנט אפילו אין „מה־נשתנה", וואָס האָט אויך גע־דויערט אַ גאַנצען חודש, אָבער אַזויפיעל „פאַר וואָס׳ען"?

און דאך האט זיך עס די וואך געטראפען, ווי איהר וועט באלד זעהן.

„פארוואס“ איז אויך אן איבערגאנג!

---

די „טאקסע“, ווי איהר ווייסט, איז א פארשלעפטע, אלטע קרענק.

טייל אלטערטומס־פארשער קלערען, אז אויב זי איז נישט משׂשת ימי בראשית, און די בעלי־טאקסע זענען נישט באשאפען געווארען צוזאמען מיט די מלאכי חבלה ערב שבת בין השמשות, איז די מכה דאך עלטער פאר דער „תוכחה“; זי איז שוין אין מצרים געווען. ערשטענס, על פי שׂכל: וואו עס איז פאראן א גוש ן, מוז זיין א טאקסע — א באזונדער אפ־צאהל אויף באזונדערע צדקות, כלי־קודש און בית־עלמין׳ס... צווייטענס, אם אין ראיה לדבר יש זכר לדבר — עס איז כמעט ווי געדרונגען פון א פסוק: „זכרנו את הדגה“ שטעהט; די ארעמע, הונגעריגע אידען האבען זיך דערמאנט אין וויסטען מדבר אן די פ י ש, וואס זיי האבען אין מצרים געגעסען. פארוואס נישט פלייש? אפנים, עס איז א טאקסע געווען, און מען האט בייזער געגעסען, נישט קיין פלייש...

און פונדעסטוועגען פרעגט מען פון רעמשיצע (מינסקער גוב.) צוויי מאל פ א ר ו ו א ס.

איינמאל: פ א ר ו ו א ס קאסט פארט אין אזא קליין שטעדטעל צוואנציג קאפ. א פונט ביינער? און דאס צווייטע מאל נאך א הארבערע שאלה: פ א ר ו ו א ס ווערען די לעצטע צייטען די בהמות פון פריי־קצב׳ישער שחיטה דאס רוב טריף, און די בהמות פון בעל־טאקסעס שחיטה זענען אלץ כשר און כשר?

און איידער איך האב צייט זיך מישב צו זיין, פ א ר ו ו א ס זאל טאקע אין גאנץ תפוצות ישראל ארפאפאלען דאס פלייש פון ארעמע אידען און צוקלעפען זיך צו די בעלי־טאקסעס און ז י י־ע ר ע קצבים, שוחטים און רעשט כלי־קודש, פרעגט מען נאך א הארבערע שאלה פון טשודנאוו! טשודנאוו איז א שטעדטעל מיט ווייניג טעפעל־לעפעל שאלות, אויסער עטליכע בעלי־בתים, כמעט

ק אַ ל ט ע קוימען, על כל פּנים אַהן פלייש; עס קומט זעלטען פאַר אַ שאלה פון בשר־בחלב — די גרעסטע רבני׳שע זאָרג. דער־פאַר איז עס אַ שטעדטעל מיט אַסך חליים, קראַנקע פאַר דאגות, קראַנקע פאַר הונגער, אחוץ קראַנקע פון אַרבייט, פון חדרים און דערגלייכען — פ אַ ר ו ו אַ ס־זשע, — פרעגט מען — האָט טשוד־נאָוו צוויי רבנים און איינגאַנצען אַ י י ן דאָקטאָר?

ווייל איך מיר שוין, מיט ד ע ם פאַרנעמען, פאַלט מען אַריין פון טשערקאַסי (קיעווער גוב.) מיט קלאָץ־קשיות:

פ אַ ר ו ו אַ ס גייען אויף תלמוד־תורה אַזוי פ י ע ל געלט און אַזוי ו ו ע נ י ג קינדער לערנען זיך אויס „עברי״?

פ אַ ר ו ו אַ ס קאָסט אַזויפיעל דאָס אידישע שפּיטאָל, און אַז אַ איד פאַלט אַוועק, געפינט ער קיינמאָל קיין אָרט נישט, און צוויי אָרעמע לייט זענען ערשט נישט לאַנג געשטאָרבען אין „רבי׳נס־שול״?

פ אַ ר ו ו אַ ס שטעהט אין קהל׳שע חשבונות שוואַרץ אויף ווייס, אַז פון קהל׳שען געלט גייט אויף מושב־זקנים ז ע ק ס הונדערט רובל אַ יאָהר, דער גבאי פון „מושב זקנים״ זאָגט, אַז ער באַקומט נאָר פ י ע ר הונדערט, און דער קאַזיאָנער רב שרייט, אַז מען גיט איהם, דעם גבאי פון מושב זקנים, גאָר אַ כ ט הונ־דערט קאָרבען אַ יאָהר?

און נאָך פ אַ ר ו ו אַ ס! פ אַ ר ו ו אַ ס פלעגט מען צו־ריק מיט עטליכע יאָהר אַרויסנעמען פון קאָראָבקע אויף קהל׳שע זאַכען זעקס טויזענט רובל אַ יאָהר און זייט עטליכע יאָהר, גאַנצע צ ע ה ן, כאָטש עס איז קיין איינציגע צדקה נישט צוגעקומען און קיין איינציגע חברה איז נישט רייכער געוואָרען?

און נאָך מעהר שאלות פרעגט מען פון קאָוונאַ:

פ אַ ר ו ו אַ ס טרינקט גאַנץ קאָוונאַ ז י ס ע מילך און די קראַנקע אין הקדש — ז ו י ע ר ע?

פ אַ ר ו ו אַ ס פאַרזאָרגט דער קאָווגער רב די גאַנצע וועלט מיט אידישקייט, אַחוץ זיין אייגען קאָוונאַ?

פ אַ ר ו ו אַ ס, בשעת ווען פיער טויזענט אידישע אַרביי־טער־פאַמיליען האָבען, דאַנק דעם האָלץ־קריזיס, פאַרלוירען זייער פּרנסה ביים סאָרטירען און בינדען דאָס געהילץ, וואָס פאַסירט דורך

קאָוונאַ איבער׳ן ניעמאַן און ווילִיע, און געהען ממש אויס פאַר הונגער — שווייגט דער רב, און אין דערזעלבער צייט האָט ער צו־זאַמענגעקליבען אַ מאַסע געלט צו פאַרזאָרגען די ווייבער פון אַד־וואָקאַטען און דאָקטוירים מיט אַ רייכער פיינער מקוה ?

און פון ביאַליסטאָק פרעגט מען :

פ אַ ר ו ו אָ ס איז פון די זיבעצעהן טויזענט רובל קהל׳שע געלט, וואָס זענען געלעגען ביי איינעם פון די שטאָדטישע בעלי־טובות אויף אויפבויען אַ באָד, ביז מען וועט אויסקלייבען אַ פּלאַץ וואו צו בויען, געבליבען איז גאַנצע דריי הונדערט רובל ? צי האָבען די מייז אויפגעגעסען דאָס געלט ? און, אויב ביאַליסטאָק האָט אַזוינע גע־פעהרליכע מייז, אַזוינע געלט־פרעסער —

פ אַ ר ו ו אָ ס לאָזט מען, דורך אינטריגען וועגען עלטסטע אין קאָמיטעט, אַזוילאַנג ליגען גאַנצע זיבציג טויזענט רובל, ווי־סאָצקי׳ס נדבה אויף אַ געוועהרב־שולע, און מען שטעלט זיך נישט בויען ! וועך איז ערב, אַז אויף וויסאָצקי׳ס נדבה וועלען די מייז קיין שליטה נישט האָבען ?

— פ אַ ר ו ו אָ ס — פרעגט מען פון בריסק דליטא, האָט זיך „הרב מרן שליט״א״ מיט׳ן „בד״ץ דפה״ פלוצלונג דערמאָנט, אַז פאַר־אַ־יאָהרען, נישט היינט געדאַכט, בשעת בריסקער שרפה, האָ־בען אידעלעך געראַטעוועט, אומגעפרעגט דעם רב, צי די שרפה איז פקוח נפש, און געווים מחלל שבת געווען, — און האָבען דע־ריבער, צו דער יאָהר־צייט פון דער שרפה, אַרויסגעגעבען דער שטאָדט אַ תשובה : אַלע „גדולים״ זאָלען פאַסטען און „נשים און חלשים״ זיך אויסקויפען — און אַז אַ פּראַצענטניק איז מחלל שבת מיט „אמירה־לנכרי״ און הייסט דעם פּריסטאַוו דעם אָרעמען בעל־חוב שבת אַראָפּנעמען די בענש־לייכטער, שווייגט „מרן הרב שליטא״, שווייגט דער בד״ץ, און מען גיט איהם קיין תשובה נישט אַרוים ?

און פ אַ ר ו ו אָ ס, פרעגט מען פון קאַליש, ש ו ו י י ג ט קהל און רב זעהענדיג, ווי צוויי תלמוד־תורה מלמדים האָבען אויפ־געשטעלט פאַר קהל׳יש געלט אַ גרויס תלמוד־תורה הויז און פאַר־שריבען עס אויף זייער נאָמען ?

און אין ליפּנאַ וואונדערט מען זיך : פ אַ ר ו ו אָ ס כשר׳ן אַלע רבנים די מקוואות, נ אָ כ ׳ ן אַפּלאָזען דאָס וואַסער, מיט

מ י ם שאובין, נאר איין ליפנער רב מיט מילך, אזוי, אז עס האט פארפעהלט דעם לעצטען שבועות מילך צו פוטער־געבעקס?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מעהר קאן איך נישט; דער קאפ דרעהט זיך פון די פאר־וואס'ען!

אז איך בין אמאל א פוןסטער מענש געוועזען, פלעג איך האבען פארשידענע חלומות, גוטע און בייזע... אמאל פלעגען זיך חלומ'ען מלחמות מיט ערד־ציטערניש, אמאל אבער שווארצע, בלויע, גרויע און אלערליי שעהנע אויגען; פון א קורצער צייט, זייט איך בין לא־עליכם א ב י ה ז געווארען, זעה איך נאר: שווארצע כלי־קודש, פעטע בעלי־טאקסעס, העקער־יוננגען מיט די העק איבער נשים הצובאות ביים קלאץ — אצינד וועל איך זעהן סאמע פראגע־צייכען...

רבונו של עולם! אני שלך וחלומותי שלך!

10.

19טען יולי, 1902.

קענט איהר די פוד־בלימלעך?

אויפ'ן אויג גאנץ שעהנע, פיינע בלימלעך; קיילעכדיגע, קינסטליך געשניצטע קעפלעך... נאר, אז איהר נעמט אזא בלימעל אין דער האנט אריין, מוזט איהר איינהאלטען דעם אטעם; פון קלענסטען בלאז צופליהט זיך דאס קעפעל אין דער לופט און ביי אייך אין דער האנט בלייבט א גרוי־שטרויען שטענגעלע.

מענער רופען די בלימלעך: „פרויען־טרייהייט"; די ווייבער רופען זיי „מענער־טרייהייט". מן־הסתם זענעןביידע צדדים גע־רעכט, און דאך האב איך פאר די בלימלעך א בעסערען נאמען, אייגענטליך דריי נעמען: אידישע חברות, אידישע צדקה, אידישע מעשים טובים... קלייבט אייך אויס, וועלכען איהר ווילט!

דאס מוזען אלע מודה זיין, אז די שטארקסטע אידישע באַ־וועגונג איז די ציוניסטישע, און פון שטעדט און שטעדטלעך שרייבט מען:

„עס איז געקומען דער „מטיף" הלא הוא... און מיט זיינע פייערדיגע רייד האט ער דערוואַרעמט די קאלטע הערצער פון אונ־זער שטעדטעל... מענער אין דער מענער־שול האבען געקרעכצט מיט א צובראכען הארץ, און דאס געוויין פון דער ווייבערשער שול האט זיך געגאסען ווי א וואסער... דאס איז געווען שבת. באלד שבת־צו־נאכט האט מען געמאכט אן אסיפה, מען האט געגרינדעט א חברה „בני־ציון", „שערי ציון", „אהבת ציון" אדער גלאט אזוי „ציון"! געפאלען זענען דרייצעהן שקלים, פארקויפט און גענומען האנט־געלט אויף גאנצע דריי אקציען — זונטאג אין דערפריה איז דער „מטיף" ארויסגעפאהרען; מען האט איהם באלייט ביז א האל־בער מייל הינטער דער שטאדט, מען איז צוריקגעקומען, און מאנ־טאג איז שוין דאס שטעדטעל צוריק איינגעשלאפען.

מען שרייבט אויפ'ן זאמד, אויפ'ן וואסער...

---

אפט איז אן אלטע שטאדט, אן אלט־רביי'שע פרומע שטארט.

נסים פלענען זיך דארט וואלגערען אין די גאסען. די גאסט־הייזער פלענען פול זיין מיט אויסגעהיילטע און האלב־אויסגעהיילטע משוגעים, און דער קול פון די אפטער לומדים פלעגט לעכערען פריהער דעם דאך פון גרויסען בית־המדרש און דערנאך ערשט אלע זיבען הימלען; התלהבות איז געוועזען — אין לשער!

מיט דער צייט איז עפעס קאלט געווארען אין אפט. עס האבען זיך באוויזען באהאלטענע און אביסעל אפענע משכילים, און עמיץ האט אויסגעזאגט א סוד, אז די מלמדים האלטען נישט פון „דינא דמלכותא“ און האבען קיין רוסישע לעהרער נישט אין די חדרים. עס איז אנגעקומען צום אינספעקטאר און ער האט געלאזט אנזאגען מיט דער גראבער פען די מלמדים, אז, אויב זיי וועלען נישט צונעמען קיין לעהרער אויף רוסיש, וועט ער זיי אלע די חדרים פארמאכען... די מלמדים זענען געלאפען מיט א געשריי צו קהל. מיט א צוואנציג צי דרייסיג יאהר צוריק, וואלט קהל געלאפען מיט א געשריי צום רבי'ן, דער רבי וואלט גוזר תענית געווען, מעשים געטאן, ביז ער וואלט נישט מבטל געווען די גזרה... היינט האבען די בעלי־בתים פשוט אן אסיפה געמאכט, א בעל־בתי'שע אסיפה. עס זענען זיך צוזאמענגעקומען די אלטע קארפען־קעפ, זיי האבען פארקנייטשט די אלטע שטערען, געקייט די לאנגע גרויע בערד אין מויל און מען האט געקלערט און געקלערט, ביז מען האט אפגעקלערט און באשלאסען, אז —

1) היות די גזרה איז, ווי עס זעהט אויס, נישט צום בטל ווערען, דאס מלכות וויל טאקע באמת, אפטער אידישע קינדער זאלען לערנען רוסיש, — און מן־הסתם האט זי עפעס א טעם דערוינען! און פאלגען דאס מלכות מוז מען, ווארים, אז נישט, וועט מען אפשר טאקע פארמאכען די חדרים, און פון די מלמדים מאכען א תל!

2) היות אבער פון צווייטען צד — קאן מען אין די חדרים קיין רוסיש נישט לערנען, ווייל רוסיש לערענט מען נישט בעל־פה, און אויפ'ן איינענעם טיש, וואו עס ליגען היילינע ספרים, וואלטען זיך געלעגט „גראמאטיקעס“ מיט „כרעסטאמאטיעס“... און דער דין איז: מעלין בקודש ולא מורידין!

3) און נאך מעהר, אז מען קאן גלאט קיין לעהרער נישט צונעמען, ווארים — וועמען וועט מען נעמען? א איד? איז ער חשוד

אויף ציוניזם מיט סיציליזם, אויפ'ן טיש וועלען ליגען ברעסטאַ־מאַטיעס, און לערנען וועט ער גאָט־ווייס־וואָס! אַ קריסט צונעמען איז אויך שלעכט. וואָרים לכבוד דעם קריסט וועלען זיצען די קינ־דער בגלוי הראש, און אַ חדר מיט ספרים און מזוזות איז כמעט אַ מקום קדוש!

על כן:

4) אזוי ווי דאָס מאַגיסטראַט האַלט אויף פאַר דער שטאָדט אַ שקאָלע, וואו מען לערענט נאָר (ביי זיי הייסט יענס אויך „לער־נען") פאַרמיטאָג, און נאָכמיטאָג שטעהט די שקאָלע לעדיג — זאָ־לען די אידישע חדרים־אינגלעך אהין געהן נאָכמיטאָג אויף צוויי שעה אין טאָג, לערנען ווי די ממשלה וויל, רוסיש און —

5) דעם לעהרער זאָל מען צאָהלען פינף און דרייסיג רובל אַ חודש שכר בטלה, זאָל ער נישט זיין אַזאַ מתמיד! געזאָגט געטאָן!

די אידישע חדר־אינגלעך געהען יעדען נאָכמיטאָג (אויסער שבת און זונטאָג, אונזערע און זייערע ימים טובים) אין שול אריין דאָמאָלט, ווען די קריסטליכע געהען אַרויס... זיי טרעפען זיך אויפ'ן וועג, די קולות געהען עד לב השמים, אידישע קינדער קומען אהיים מיט געשוואָלענע בעקלעך און איינגעפּלאַטשטע נעז, אָבער אָפּט האָט אויסגעפיהרט! קיין לעהרער, נישט קיין אידישען, נישט קיין קריסטליכען, אין חדר נישט אריינגעלאָזט —

וואָס, נישט אָפּגעאַרבייט אַ שטיק?!

---

אַ מאָדנע שטעדטעל איז דאָס בעסאַראַבישע הינטשעסט!

אַ שטיל שטעדטעל, אַ ציכטיג שטעדטעל. נישט אַזוי פרום ווי אָפּט, נאָר דערפאַר „שטיל ווי אין ריוועטש". אין אָפּט טרעפט זיך אַמאָל אַ מחלוקת, עס קאַכט אויף קעסעל און כלים ווענען רבנים, שוחטים, ציוניסטען, נאַציאָנאַליסטען און אפילו איבער אַ האַרבע שאלת־הריאה. אַלטע לומדים! אין הינטשעסט הערט מען אין גאַס, ווי די זייגער קלאַפּען אין די שטיבער, דאָס זשומען פון דער שוואַכסטער פליג אין דער לופט! און מענשען אַרום שטילע,

מיט בלייכע מידע פנים׳ער, האלב פארלאשענע אויגען, אויסער— אז מען הייצט אין באד! דאמאלט זעהט מען אמאל מענשען איילען זיך, לויפען מיט פלאמענדיגע בליקען, מיט די בעזעמלעך אין די הענט — עס לעבט! ווערט דאס באד אפגעקיהלט, קיהלט זיך אפ און ווערט פארשטארט די שטאדט און די בעלי־בתים פאלען צוריק אין דער „הינער־פלעט" אריין...

אזא שטיל שטעדטעל האט מן הסתם א שטילען רב.

מען צאהלט איהם נישט קיין וואכען־געלט, — איז נישט; באנגעהט ער זיך און שווייגט! אין זיין אייגענער שטוב כאפט איהם עמיץ אן ביי א לאץ, צי גיט איהם א גרעבערען גלעט איבער דער באק — ער רעדט נישט א ווארט; קהל שווייגט אודאי! א שוחט איז אויך פאראן א שטילער, אן אלטער קרעכצענדיגער איד. קומט א קצב און גיט איהם א מתנת יד, פארוואס ער איז נישט געקומען אינמיטען דער נאכט קוילען, באגיסט ער זיך מיט דער „רויטער יויך" און שווייגט: דער רב אויך, קהל אודאי, א קל־וחומר פון רב׳ס פעטש!

עס איז דא א בעל־בשר — א בעל־טאקסע; פלייש איז צו טייער, די וואג צו קנאפ — קהל און רב שווייגען, ווי אין פרק שטעהט: מרבה בשר — מרבה רמה, און צוליעב די ווערים אין קבר איז נישט כדאי זיך אריינצולאזען מיט׳ן בעל־טאקסע!

דאס שטעדטעל איז אזוי פארשלאפען, אז פיער יאהר האט געדויערט, איידער מען האט צוגענומען א צווייטען שוחט. די מעשה איז אזוי געוועזען. קהל האט אמאל איינגעזעהן, אז לויט דער שטאדט און לויט די בהמות, וואס מען קוילעט פאר דער שטאדט, איז איין שוחט, בפרט אן אלטער און א קראנקער, צו ווענינ.

אויף דעם סמך האט זיך א יונגערמאן אוועקגעלאזט למקום תורה, אויסגעלערענט זיך שחיטה און איז אהיימגעקומען צום רב מיט א פיינעם חלף און א פולען בויך מיט הלכות שחיטה.

דעם רב איז געפעלען געווארען אי דער יונגערמאן, אי דעם יונגענמאנס חלף; נאר אויף זיך אליין שטעלען האט ער נישט גע־וואלט און געלאזט רופען די בעלי־בתים פון שטאדט אויף אן אסיפה.

און עס זענען זיך צונויפגעקומען די ה י נ ט ש ע ס ט ע ר קארפען־קעפ, און האבען זיך אויך אוועקגעזעצט, און אנגעהויבען

שאקלען מיט די קעפּ אין דער לענג און אין דער ברייט, און בייַ־סען די שפּיץ־בערד אין די אָפענע מיילער, און קנייטשען די גרויַסע, ברייטע שטערען, ביז עס איז געבליבען „בהסכם כלם“, פון קהל און רב הייסט עס, אז קהל און רב קאָנען זיך אויף זיך אליין נישט פארלאָזען און מען מוז שרייבען צום רבי׳ן...

עס האָט געדויערט איידער מען האָט געשריבען צום רבי׳ן, נאָר געשריבען האָט מען; מען האָט געפונען א שרייבער מיט א פיינעם „לכבוד“, א „לפ“ק“ מיט א „לפ“ג“ און מיט אלעם גוטען!

דערנאָך האָט געדויערט, איידער עס איז געקומען א תשובה פון רבי׳ן. א פארנומענער מענש דער רבי! נאָר געקומען איז זי. די תשובה איז אָבער קיין קלאָרע תשובה נישט געווען... באשר בכן — אויף א בריף קאָן דער רבי נישט שטעלען, מטריח זיין ווע־גען דעם רוח הקודש אָדער אליהו הנביא איז נישט כדאי, על כן— זאָל דער יונגערמאַן אליין קומען, ער מוז מיט איהם רעדען פּה־אל־פּה...

עס האָט געדויערט איידער דער יונגערמאַן האָט זיך געשאַפט אויף הוצאות, נאָר געפאָהרען איז ער. עס האָט דערנאָך געדויערט איידער מען האָט איהם צוגעלאָזט, נאָר צוגעלאָזט סוף־כל־סוף האָט מען איהם!

און ער איז אָפּגעזעסען א צייט, און דער רבי האָט איהם צו־ריק אָפּגעשיקט צום רב!

א טביעת עין, קיין עין־הרע, האָט ער, דער רבי, נאָר אויפ׳ן אויג אליין — שרייבט ער צום רב — קאָן מען זיך נישט פאר־לאָזען! און געהערט פון שוחט האָט ער כמעט גאָרנישט! על כן זאָל איהם דער רב נאָך אמאָל פאַרהערען...

און אזוי איז דער יונגערמאַן געפאָהרען במשך פון פיער יאָהר פון רב צום רבי׳ן, פון רבי׳ן צום רב, ביז דער רבי האָט עפּעס דערזעהן צי דערהערט, און דאמאָלט ערשט האָט איהם די שטאָדט אויפגענומען פאר א שוחט...

איבער די פיער יאָהר האָבען די קצבים דעם אלטען שוחט — געפּאַטשט!

דאָס אלץ איז אייגענטליך נאָר א מאמר המוסגר. דער עיקר מיין איך די צדקה פון שטעדטעל!

און נישט איין צדקה, אסך צדקות; הכנסת כלה, בקור

חולים, תלמוד תורה, הכנסת אורחים און נישט צואוואַרפען, נאָר אַלץ אויף איין אָרט און דוקא אין אַ חורבה!

און הערט ווי אַזוי:

אַמאָל האָט דאָס שטעדטעל געהאַט אַן איינגען הויז — אַ דירה פאַר'ן רב.

אַז דאָס הויז איז איינגעפאַלען, האָט זיך דער רב איבערגע־געצויגען אין אַ געדונגענער דירה אריין. ער האָט אפילו קיין וואָרט נישט גערעדט; אַ שטילער רב, ווי עס פּאַסט פאַר אַ שטיל שטעדטעל.

אַז דער רב האָט זיך איבערגעצויגען, האָבען זיך מן־הסתם אויף זיין אָרט שדים אריינגעצויגען. עס האָט געקלאַפּט, געפּייפט פון דער חורבה, אַמאָל שטיינער ארויסגעוואָרפען...

פונדעסטוועגען, אַז עמיץ איז געקומען אַמאָל פון דער סביבה צום דאָקטאָר, בפרט בייטאָג, האָט ער זיך איינגעשטעלט דאָס לע־בען און אָפּגעשטעלט אין דער חורבה; קיין גאַסט־הייזער זענען אין שטעדטעל נישטאָ.

היימישע אָרעמע קראַנקע האָבען געזעהן, אַז דער דאָקטאָר קומט אָפּ צו דער חורבה, האָבען זיי אָנגעהויבען אויך אהין צו געהן אין עצות פרעגען. און פון זיך אַליין איז מיט דער צייט פון דער חורבה אַ בקור־חולים געוואָרען. די שטאָדט שווייגט! אַז עס האָט זיך אַליין געמאַכט, איז אַ סימן, אַז מען דאַרף!

דערנאָך האָבען געזונטע, נאָר אָרעמע לייט פון דער סביבה, אויך אָנגעהויבען קומען צו דער חורבה, כאָטש אוועקלעגען דאָס אָנגעבעטעלטע פּעקעל, און בשעת הדחק, כאָטש מיט גרוים צי־טערניש, איבערנעכטיגען! און פון דער חורבה איז געוואָרען מיט דער צייט אַן „הכנסת אורחים“ — — —

עס טרעפט פאַרט, אַז די חורבה שטעהט כאָטש אַ פּאָר מאָל אין וואָך לעדיג; עס קומען קיין קראַנקע נישט בייטאָג, קיין שנאָ־רער ביינאַכט, און די לצים לאָזען זיך ערגעץ אויף עטליכע ווינטער־נעכט אין וועג אריין, אראָפּצופיהרען שליטען מיט סוחרים פון דרך הישר... איז דער שטאָדט אַ שאָד, דינגט זי אַ מלמד און הייסט איהם פאַר דריי רובל אַ וואָך לערנען אין חורבה מיט אָרעמע קינ־דער און אין אייבוועגס וואוינען אין איהר — וואָס טוט נישט אַ

איך פאר פרנסה? שטעלט ער זיך איין דאס לעבען, ציהט זיך אריין אין דער חורבה און עס ווערט פון איהר א תלמוד־תורה!

און מען ווייסט שוין אליין נישט, וואס און ווען די חורבה איז! קומט א קראנקער, ווארפען איהם ארויס די אורחים: אז הכנסת־אורחים איז נישט קיין בקור־חולים... אמאל קומט אן אורח מיט א פעקעל, באנגענט איהם די מלמד'קע מיט א בעזעם: עס איז א תלמוד־תורה! אמאל ווייטער קומען חליים, ציהען זיך אויס אין די שטיבער — עס איז פארט א בקור־חולים...

דערווייל דארף אן ארעמע כלה חתונה האבען; קומען די קרובים פוןביידע צדדים און מאכען מיט געוואלד פון דער חורבה אז — הכנסת־כלה...

און אמאל האט גאר עמיצער א טעות, וויל געהן אין באד אריין און טרעפט צו דער חורבה, ווייל דאס באד איז אויך פונקט אזא חורבה...

אך, די פיינע פוד־בלימלעך!

נעמט, למשל „פילווירק" פון קאמיענעיעץ פאדאלסק; מאסען בעלי־טובות, מיט אפענע, ווייכע הערצער! זיי ווילען, געבעך, טון לטובת הכלל. נאר וואס?

ווערען זיי איינמאל געוואר, אז אויף דער אידישער וועלט איז היינט „תלמוד תורה" אין דער מאדע; מאכט מען אן אסיפה, און מען עפענט א תלמוד תורה. עס ווערט א קאמיטעט, מען קלייבט אויס צוויי גבאים, א גבאי ראשון און א גבאי שני, צוויי רואה־חשבונ'ס, אכט אויפמאנער פון וואכען־געלט, באשטעלט זעקס (בפירוש זעקס) חתימות, ווייל אהן זיי איז א חברה קיין חברה נישט, און א סעודה האט מען אויך געמאכט, „ווארעניקעס" גע־קאכט!

דאכט זיך גוט? האט מען אבער צוויי מ כ ו ב ד י ם נ י ש ט אויסגעקליבען. וואס טוען זיי? זונדערען זיי זיך אפ, מאכען נייע אסיפות, נייע צעטלעך אויף וואכען־געלטער, קלייבען אויס נייע „כלי־קודש" פאר כבוד, און מען עפענט א צווייטע תלמוד־תורה; מלמדים פעהלען נישט, קינדער אויך נישט!

עס זענען אבער פארט נאך לעריגע מכובדים געבליבען, עס האבען נאך שליפעס פארפעהלט, און דערווייל ווערט מען געוואר, איז אריין ביליגער קרעדיט אין דער מאדע, האט מען ווייטער

אסיפות געמאכט און געעפענט — א באנק אויף אקציעס, צעהן רובל אן אקציע — פאר קליינע סוחרים, בעלי מלאכות... און מען האט די רעשט שליפעס צוטיילט, נייע „ווארעניקעס" געקאכט, אפילו, לויט מען שרייבט, א גוט ביסעל משקה געטרונקען !...

עס זענען אוועקגעגאנגען נישט קיין גאנצע דריי חדשים:

דאס געלט פון דער באנק איז אויסגעטריקענט געווארען. גלייך עס וואלט אין ווארעניקעס מיט דער משקה אריין... די צווייטע תלמוד־תורה איז זיך צופאלען, ווי אויסגעטריקענטער זאמד, און די ערשטע תלמוד־תורה הענגט נאך אין דער לופט אויף א האר !

און נישט דוקא אין די קליינע שטעדטלעך וואקסען די פוד־בלימלעך ! אזוינס טרעפט אין גרויסע שטעדט אויך, אפילו אין ווארשוי...

ווערט געוואר אויף טווארדא גאס נומער דרייצעהן !

אז נישט, וועל איך אפשר אליין אמאל די מעשה דערצעה־לען !

## 11.

24טען יולי, 1902.

סאמע נסים, סאמע מערכות!

ווען נישט די נסים, ווען נישט די מערכות, ווייסט איין גאָט, וואָס עס וואָלט געווען!

אין קאזימיניק, קאַלישער גובערניע, איז אין טאָג פון א חתונה פארשוואונדען געוואָרען די ח ו פ ה...

מיינט נאָר נישט, חלילה, קיין שלעכטס! עס האָט קיין יבם נישט געוואָלט נעמען די יבמה, ווי אין דער תורה שטעהט; עס האָט, להכעים דער תורה, קיין כהן קיין גרושה נישט גענומען! עס האָט נישט געזאָלט זיין קיין חתונה אהן עלטערענס וויסען; מען האָט נישט ארויסגע׳גנב׳עט נישט די כלה, נישט דעם חתן! עס איז נישט געווען קיין חופה צו פארכאפען צו דער צייט, עס זאָל עמיץ ל ה כ ע י ס צונעמען די חופה; עס איז אפילו קיין פארליעבעניש נישט געווען! עס איז געווען א כשר׳ע אידישע חתונה: די כלה פון קאזימיניק, דער חתן פון דער פרעמד; נישט ער האָט זיך א י ה ר, נישט זי האָט זיך א י ה ם גע׳חלומ׳ט. אן אמת׳ער זיווג: א שדכן האָט אנגעשלאָגען, די מחותנים זענען זיך געפּעלען... און אז מען האָט זיך אויסגעגלייכט וועגען נדן, קעסט, מלבושים, מתנות און רח״ש, האָט מען מגביל געווען זמן החתונה, תנאים געשריבען; צו דער צייט האָט מען, צו מזל־וברכה, איינגעקויפט פיש, פלייש און אביסעל משקה, מען האָט כלי־זמר באשטעלט און א מארשאליק, — אלץ, וואָס מען דאַרף. און דער חתן איז געקומען צו דער צייט — — נאָר דאָ הויבט זיך אָן די מעשה!

דער חתן איז געקומען, האָט זיך ערגעץ אפּגעשטעלט, און עס האָבען זיך באלד באוויזען אלערליי גבאי צדקה! דערלאנגט שלום־עליכם, געווינשט מזל־טוב און — אויסגעשטרעקט די האנט נאָך נדבות. דער חתן האָט אלעמען געגעבען, און אלע זענען ארויסגעגאנגען צופרידען, א חוץ א י י ן גבאי פון חברה־קדישא. דער גבאי פון חברה־קדישא האָט געהאלטען די נדבה צו קליין, ער

האט זיך באלײדיגט, און איז אװעקגעגאנגען אין שול אריין, האט צוגענומען די חופּה מיט די חופּה־שטאנגען, און ערגעץ פארטראגען און באהאלטען!

די כלה איז שוין באדעקט, באשיט מיט האפּען, אפּגעשװירען װי א שאף; די װײבער האבען שוין אויסגעװײנט אלע טרערען, אויסגעזיפּצט אלע קרעכצען און לױפען ארום מיט רױטע טרוקענע אױגען. דער מארשאליק האט שוין אױסגעשאפטען אלע זײנע גראמען מיט ראשי־תיבות און לפ"ק'ען, און שטעהט לער, װי א פּאס, און הײזעריג, װי האלץ; די כלי־זמר האבען צום דרײצעהנטען מאל אנגעהױבען דעם „שטײגער", אז עס איז שוין פון דער הױט ארױסצושפּרינגען, — און קײן חופּה איז נישטא!

— א מ ע ר כ ה — שרײבט מען פון קאזימיניק — װאס „װאו תורה, דא חכמה"!

א ליטישער יונגערמאן האט אן עצה געגעבען; פיער אידען האבען זיך ארױפגעשטעלט אױף פיער שטולען (איין שטול האט געלאמט, האט מען מיט עפּעס אונטערגעשפּארט). די פיער אידען אױף די פיער שטולען האט מען דערלאנגט פיער עקען פון א טלית, יעדען איד איין עק, און תוך כדי דבור איז געװארען א חופּה מיט לעבעדיגע חופּה־שטאנגען...

---

אדם וחוה אין גן־עדן געדענקט איהר? איהר האט דאך אין א חדר געלערענט!

— זײ זענען — דערצעהלט דער פּסוק — ארומגעגאנגען אין גן־עדן אדם־נאקעט, טאקע װי גאט האט זײ באשאפען! װי אזױ אדם־הראשון האט געדאװענט אהן א גארטעל, װײסט מען נישט עד־היום, און װאס מעהר װאונדער איז — ולא יתבוששו...

אז א דעלעגאט פון חברה „מרבה השכלה" איז אראפּגעקומען קײן װאלאטשיסק (װאלינער גובערניע), האט ער אין תלמוד־תורה געפונען עטליכע בערג מיסט און צװײ עלטערע תלמוד־תורה־קינדער, און זײ האבען איהם געטײטשט: ולא יתבוששו — און זײ האבען זיך נישט פ א ר ז ו י מ ט!

אפשר װײסט איהר, װי קרח'ס װײב האט געהײסען? נײן?

די אייגענע צוויי עלטערע תלמוד־תורה קינדער האבן געוואוסט! „בן־יצהר" האט זי געהייסען! א בפירוש'ער פסוק: „ויקח קרח בן יצהר"! און די צוויי וואלין־וואלאטשיסקער לומדים האבען גע־טייטשט: און „קרח" האט גענומען „בן־יצהר" פאר א ווייב!

און זאל אייך נישט וואונדערען, פארוואס די וואלאטשיסקער תלמוד־תורה קינדער קענען אזויפיעל פסוק. די מעשה דערפון איז אזוי:

וואלאטשיסק איז, ערשטענס, וואלינער גובערניע, וואו תורה איז פון קדמונים אין דערהיים...

צווייטענס, איז עס א לייטישע שטאדט: תלמוד־תורה האט א פיין הויז, א גרויס הויז, און מען קארגט נישט קיין הוצאות: פינף און צוואנציג רובל א וואך און מעהר! מלמדים נעמט מען צו די בעסטע: פון קאפולע — א „מקום־תורה" הינטער וואלאטשיסק, וואו די בעסטע וואלינער מלמדים וואקסען! און די משגיחים פון תלמוד־תורה זענען נישט „אבי ווער"! סאמע פיינע בעלי־בתים, די וואלאאטשיסקער סמעטענע!

און פון דער סמעטענע הויבט זיך עס אן!

די משגיחים פון תלמוד־תורה צופאלען זיך אויף צוויי פאר־טייען. א י י ן צד וויל, מען זאל אין תלמוד־תורה לערנען נאר גמרא. איי וואס, עס זענען ס'רוב בעלי־מלאכה־קינדער, וואס לערנען איינגאנצען א יאהר, העכסטענס צוויי, און וועלען קיינמאל קיין גמרא נישט קענען: „לא עליך המלאכה לגמור" שטעהט — קהל נעמט אויף זיך קיין „פאדריאד" נישט, ארויסצוגעבען לומדים, דערווייל איז דאס גמרא־לערנען א מצוה און די רעשט זאכען, ווי צום בייר־שפיל — עברי, איז שוין ג א ר עפעס אנדערש, דאס ווילען שוין י ע נ ע לייט, דאס פיהרט שוין עד שאול תחתיה.

דער צווייטער צד טענ'עט: היות די תלמוד־תורה קינדער קו־קען אין דער גמרא אריין, ווי „א האן אין בני־אדם" און „זאגען נאך דעם מלמד ווי די סאראקעס" און געהען ארויס פון תלמוד־תורה אויסגעמוטשעט, אויסגעקניפען, אהן כח צו דער ארבייט און דערצו אהן עברי, על־כן — ווילען זיי, אז דער עיקר זאל מען לער־נען „עברי", זאלען זיי כאטש קענען דאווענען!

די משגיחים פיהרען מחלוקת און די קאפולער מלמדים ווילען זיך נישט אריינשטופען צווישען די בערג. זיי לערנען נישט קיין

עברי, דער ע ר ש ט ע ר צד זאָל נישט שרייען; צוליעב דעם צ ו ו י י ט ע ן צד לערענט מען קיין גמרא נישט, הכלל — מען לערענט גאָרנישט!

— און אויב — שרייבט מען פון וואָלאָטשיסק — די תלמידים פון תלמוד־תורה קענען (ווי אויבען איז געשטאַנען) אביסעל פּסוק, איז עס טאַקע מ ע ש י ־ נ ס י ם!

---

די מינסקער גובערניע האָט א שטאָדט טאָלטשין.

עס איז א כרך פון זיבען ביז אכט טויזענט נפשות (אקוראַט וועט קיין אידישער קאָרעספּאָנדענט קיינמאָל נישט וויסען, כאָטש עס איז לייכט צוצוגעהן צו דער טאַבעליצע הינטער דער שטאָדט, אָדער צו נעמען די „פּאַמיאַטנאַיאַ קניזשקאַ" פון מינסקער גובער־ניע און זעהן און פאַרצייכענען די צאָהל), הכלל, ווי געזאָגט א כרך: עס האָט א מרחץ, א כשר'ע מקוה, א שול מיט א בית־המדרש, עטליכע טוץ חסידי'שע מנינים און, פאַרשטעהט זיך — כלי־קודש מיט א רב אין דער שפּיץ.

דעם רב אבער צאָהלט קהל קיין שכירות נישט! מען האָט איהם אמאָל אוועקגעגעבען די הייוועז, האָט מען ביי איהם לעצטענס דאָס אויך צוגענומען; מען האָט מבטל געווען דער רבי'צינס מאַנאָפּאָל, און אזוי ווייטער.

איז דאָך א קשיא: היכא דמי? פון וואַנען נעמט זיך עס, אז קהל זאָל דעם רב נישט צאָהלען?

טענ'עט קהל, אז דער רב איז אן איבעריגע זאַך; מען האָט גאָר־נישט פון איהם!

שאלות פּסק'עט יעדער מלמד. א דין־תורה פּסק'עט מען נישט היינטיגע צייטען, און אויף א ו י ס נ ל יי כ ע ן איז ער צו ק ר ו ם! דברים שבצדקה, וואו א רב זאָל זיך קאָנען אריינמי־שען, ווי לינת הצדק, חונן דלים, תלמוד תורה, הקדשים, וואָס אנ־דערע שטעדט האָבען, האָבען מיר נ י ש ט! אין שטאָדט־זאַכען האָט ער קיין דעה נישט, צו קיין אסיפות רופט מען איהם נישט... זאָגט ער אמאָל אליין א דעה, טוט מען, פאַרשטעהט זיך קאַפּויר!

— נאָך וואָס האָט איהר גענומען אזא רב?

— א מקח־טעות געווען! ער האט יונגערהייט פאר אן עלוי געש׳מ׳ט; אן אייזערנער מח, האט מען געזאגט, א נייער „חתם־סופר“, אן „אורים ותומים“... האבען מיר זיך אויפ׳ן תכשיט „גע־לאמעט“! מיר וועלען איהם — האבען מיר געטראכט, אראפברענ־גען, פארזארגען מיט פרנסה, צו טון וועט ער נישט האבען, די האנט אין קאלט וואסער אריין נישט לעגען, וואס־זשע וועט ער טון? ער וועט זיצען און לערנען, ענטפערען „שאלות־תשובות“ און שריי־בען ספרים, און דורך איהם וועט שמ׳ען טאלטשין... ווער האט מתיר געווען די עגונה? דער טאלטשינער רב! ווער האט גע׳אסר׳ט געפרווירען פלייש? דער טאלטשינער רב! און אויף די שערים פון די ספרים זיינע וואלט געשטאנען לדור דורות: הרב מק״ק טאל־טשין! טאלטשין און טאלטשין, די וועלט וואלט געקלונגען מיט טאלטשין!

— נו?

— וואס נו? ער האט זיך אפגעשטעלט! מען פרעגט איהם קיין שאלות נישט, ער ענטפערט קיין תשובות נישט; ביסלעכווייז זיצט ער און לערענט, נאר קיין ספרים שרייבט ער נישט! עס האט זיך „אויסגעלאזט א בוידעם“!

— הכלל?

— הכלל? ווי אין פרק שטעהט: אם אין תורה אין קמח! האט מען איהם אויפגעהערט צאהלען שכירות, האט מען איהם צו־גענומען די הייוועז...

און דער טאלטשינער רב וואלט אויסגעגאנגען פאר הונגער, נאר — — —

— א מערכה — שרייבט מען פון טאלטשין — וואס די ערש־טע רבי׳צין איז נפטר געווארען, און די צווייטע האט א שטיקעל נחלת, לעבט מען דערפון...

---

און די שאלה „וואס לערענט מען?“ איז נוהג נישט נאר בנוגע צו וואלין־וואלאמישסקער תלמוד־תורה־אינגלעך! אין דער פוילי־שער גובערניאל־שטאדט פלאצק שטעהט די הארבע שאלה בנוגע

צו יונגע בעל־מלאכה׳ס: וואס זאל מען זיי לערנען שבת? א גאנ־צע וואך, ווי א גאנצע וואך, אבער שבת — א פרייער טאג, מיט וואס שטאפט מען זיי?

און עס איז א מחלוקת צווישען די „יונגע ציוניסטען" מיט׳ן רב.

די יונגע ציוניסטען ווילען דוקא לערנען מיט זיי: לשון־קודש, אידישע געשיכטע על־פי גרעץ, וכדומה...

דער פלאצקער רב איז אליין אפילו א משכיל, זעקס קלאסען געענדיגט, רעדט און שרייבט, זאגט מען, דייטש ווי א מזמור, רו־סיש — ווי א וואסער; לאז מען דארפען — וועט ער קענען פויליש, ווי מיצקעוויטש — א מענש מיט א קאפ! איז׳ען איז ער אפילו א שטיקעל פחות־משוה־פרוטה פון א ציוניסט; ער צאהלט א שקל, נאר ער פארשרייבט איהם אויף דער צוויי־יעהריגער טאכטערס נאמען... א י ה ר וועט עס שוין נישט שאדען! אויף איהר האבען די חסידים שוין לאנג מוציא שם געווען, אז זי שפילט פארטעפיאן! און דעריבער טאקע איז ביי די ווארשאווער וואהלען אויף א רב, אויף איינעם פון די זעבצעהן ווארשאווער רבנים, דער זכה־בגורל געפאלען אויף ראדאם, נישט אויף פלאצק... ווי איהר זעהט, א שטי־קעל אנגעריהרטער רב, און פונדעסטוועגען לאזט ער נישט די יונגע בעלי־מלאכות זאלען לערנען „ספרים־חצונים"; גמרא זאל מען לער־נען מיט זיי! ש״ס!

און דערווייל לערענט מען גארנישט... די יונגע בעלי־מלאכות, וואס זענען געוועהנט געווארען זעקס טאג צו דער ארבייט, ווערען, לויט מען שרייבט פון פלאצק, דעם זיבעטען טאג שיער נישט משוגע.

— א מערכה — שרייבט מען — וואס עס איז פאראן „קליין־ש״ס"; שפילען זיי אין קארטען!

---

כל׳עם בייז קומט ארויס פון מחלוקת.

אין זשיטאמיר איז פאראן א דאמען־פאראיין, אן עכטער דא־מען־פאראיין, (נישט קיין „עכטע" דאמען לאזט מען נישט צו), וואס פארזארגט די ארעמע תלמוד־תורה־קינדער מיט אביסעל גע־

קעכין. מיטאג־צייט באקומען זיי (איך ווייס נישט אויב אלע, אפשר נאר די  ע ר ע מ ס ט ע  און אפשר נאר די, וואס האבען נושא־חן געווען, אליין אדער די עלטערען זייערע, ביי די דאמען!) צובים־לעך זופ מיט שטיקלעך ברויט אדער זעמעל...

פלוצים איז דורכגעפלויגען א שווארצע קאץ, און אפשר א קאטער צווישען בעקער און איינער פון די עכטע דאמען.

וועגען וואס עס איז געגאנגען, ווייסט מען נישט; גענוג, אז דער בעקער האט נישט אפגעטראטען דער דאמע, די דאמע דעם בעקער אודאי און אודאי נישט, און — די דאמע האט ארויסגע־געבען א באפעהל, מען זאל אויפהערען קאכען פאר תלמוד־תורה!

און מען קאכט נישט; די קינדער געהען אהיים אויף מיטאג און נישט אלע  ה א ב ע ן  מיטאג אין דערהיים, מאסען הונ־גערען...

— עס איז נאר א נס מן השמים — שרייבט מען פון זשי־טאמיר — און מאקע א נס בתוך נס! ע ר ש ט ע נ ס, וואס אידישע קינדער זענען אזוי אויסגעהאלטען און קאנען לערנען אומ־גענעסען... און  צ ו ו י י ט ע נ ס, וואס זיי האבען נאך קיין צייט נישט געהאט צוצוגעוועהנען זיך צום עסען, וואָרים (וויי־טער א מערכה בתוך מערכה) ערשטענס, „ארבייט דער גאנ־צער דאמען־קאמיטעט איננאנצען ערשט דריי חדשים, און צוויי־טענס, האט מען די „זופען" זעלטען געקאנט אין מויל אריינגע־מען...

אזוי שרייבט מען!

---

דער גרעסטער נס איז אפשר געשעהען אין קיידאנאוו (מינס־קער גובערניע):

אין קיידאנאוו איז פאראן א מארק, וואס פלעגט דינען פאר'ן גאנצען האנדעל פון שטאדט. וואס מען האט געוואלט, האט מען דארט געקויפט און פארקויפט: תבואה, האלץ, פערד, בהמות, מיט איין ווארט, א מארק־הכולל, א כל־בו מארק!

עס איז אביסעל ענג געווען, און אפשר מעהר ווי אביסעל, נאר דעריבער זענען צופרידען געוועזען: ע ר ש ט ע נ ס, די בעלי־

בתים, וואָס האָבן מחיה־הייזער אַרום מאַרק און, צ ו ו י י ט ע נ ס — די בייטעל־שניידער, קעשענע־טאַפּער, פּראָסט אידיש גערעדט: די גנבים. פון דעם „צווייטענס“ איז אָבער די פּאָליציי נישט צו־פרידען געווען, און זי האָט באַשלאָסן: יהלוקו — מען זאָל דעם מאַרק צוטיילן: תבואה באַזונדער, פערד באַזונדער, בהמות באַ־זונדער... דאָס צ ו ט י י ל ע ן און אָפּזונדערן שוועבט היינט אין דער לופט!

און אויף אַלץ האָט מען פּלאַץ געפונען, אַהן וכוחים, אַהן מחלוקת. איין שאלה איז נאָר געבליבן, וואו מאַכט מען דעם מאַרק פאַר בהמות?

די בעלי־בתים פון די מאַרק־הייזער האָבן בסוד סודות איינ־גערוימט דער פּאָליציי, אַז דער בעסטער פּלאַץ פאַר'ן קיה־מאַרק וואָלט געוועזן דער שול־הויף, וואָס איז ג אַ נ ץ נאָהנט צום אַלטען מאַרק־הכלל. דער שול — האָבן זיי געזאָגט — וועט עס נישט שאַדטען, די בהמות וועלען דאָך נישט אַריינגעהן, און חופּות שטעלט מען סיי ווי סיי ערשט פאַרנאַכט, נאָכ'ן מאַרק! און עס וועט אַלץ גוט זיין, דער קיה־מאַרק וועט זיין אָפּגעזונדערט און די מחיה אין די מאַרק־הייזער וועט בלייבען מחיה!

דער פּלאַן איז אַ נ ג ע נ ו מ ע ן געוואָרען, נאָר איידער מען האָט איהם באַשטעטיגט, איז דער סוד אַרויס, ווי בוימאויל אויפ'ן וואַסער. עס איז געוואָר געוואָרען דער רב מיט'ן רבי'ן, עס זענען געוואָר געוואָרען בעלי־בתים, וואָס האָבן נישט קיין הייזער אַרום מאַרק און אפילו אַזעלכע, וואָס האָבן לחלומין נאָר קיין הייזער נישט, און עס איז געוואָרען אַ רעש, אַ מהומה, און מען האָט אָנ־געשריבען אַ פּאַפּיר: באשר בכן, עס איז ערשטענס אַ חלול הקדש, אַ קיה מאַרק אויף אַ שול־הויף, צווייטענס, וועט עס שאַדטען דער פרומקייט: נישט א י י ן בעל־הבית וועט נישט קומען דאַוונען בצבור, ווייל ער וועט מורא האָבן פאַר די אָקסען... אַ קשיא אויף אַ מעשה — עס קאָן זיך טרעפען אַ שור המועד, און נאָך און נאָך טעמים, און — עס איז געוואָרען אַ מחלוקת...

מאַכט זיך נאָך אינמיטען אַ מעשה, און דער אַלטער רב פאַלט נעבעך אַוועק...

ער ווערט ערגער און ערגער. קהל זעהט, אַז עס נעהט, לאָ־עליכם, צו נסיסה, אַז דער מזל פון קיה־מאַרק העננט אָפּ כמעט

נאר דערפון, ווער עס וועט זיין במקום הנפטר, הויבען זיך אן ביי־דע צדדים ארומצוזעהן וועגען א נייעם רב, ווארים היינט־מארגען וועט מען איהם דארפען...

און איין צד האט ארויסגעשיקט משולחים מיט א כתב רבנות פאר אזוינעם, וואס וועט אונטערשרייבען, אז א קוה־שטאל אויפ'ן שול־הויף איז יא א חלול־השם, און דער צווייטער צד האט ארויס־געשיקט א כתב רבנות פאר אזוינעם, וואס וועט אונטערשרייבען, אז עס איז נישט קיין חלול השם, פארקערט, עס וואלט געווען א זכר לקרבנות...

און די רבנים פוןביידע צדדים האבען געזאלט קומען, קוים וועט ער אן אויג צומאכען, צום הספד פון אלטען רב, און האבען געזאלט שוין בלייבען; און ביידע צדדים האבען שוין אנגעגרייט אלערליי כלי־זיין אויף מחלוקת, ווער עס זאל בלייבען און ווער ארויסגעטריבען ווערען, און בלוט וואלט געררונען, און א האלבע שטאדט וואלט חרוב ונחרב געווארען. — — —

— נאר א נס איז געשעהען — שרייבט מען פון קיידאנאוו — וואס דער ישיש איז פלוצים געזונט געווארען און האט זיך אויפ־געהויבען כאחד האדם...

וואס עס וועט בלייבען מיט די בהמות, ווייסט מען נאך נישט!...

## 12.

31טען יולי, 1902.

נאט אייך א האנט — עס איז דאך נאריש, קיין תקיעת־כף וועל איך אייך נישט געבען — נאר אזוי א האנט, אז איהר זועט היינט ביי מיר גארנישט טרעפען, נאט אייך!

ווען איך וועל מיך אפשטעלען און א פרעג טון: נו, טרעפט, וואס ווייטער וועט זיין, מיט וואס וועט עס זיך ענדיגען? וועט איהר טרעפען אדער גארנישט, אדער קאפויר!

איהר זאגט אפילו אלע יאהר אין דער הגדה: „כלנו חכמים, כלנו נבונים", און עס איז אמת: סאמע עגבויר־מוחות, סאמע שפיץ־ביי־שפיץ קעפלעך — נאר דאס לעבען פון אידישע שטעדט און שטעדטלעך איז קרומער פאר אייך!

אפילו אייערע רבנים, די מאורות הגדולים עם הקטנים, וואס טרעפען אלע רעטענישען אין „הפסגה" — וועלען בלייבען מיט אפענע מיילער.

איהר וועט זעהן!

---

איך הויב אן פון ווארשוי.

אין מנין פון א ווארשאווער צדקה־חבורה „לינת־הצדק" איז נעווען א הייסער וכוח...

נאר כאפט נישט, מען מוז דערצעהלען בסדר.

„לינת הצדק" אין ווארשוי איז א שטילע, כמעט באהאלטענע חברה, פונדעסטוועגען האט זי איהר אייגענעם מנין, און דער מנין האט אן אייגענעם מגיד.

דאס אלץ איז נאך קיין עולה נישט. אפילו נישט דאס, וואס דער מגיד איז אן אנטי־ציוניסט; עס שאדט נישט קיינעם, אפילו דעם מגיד נישט, צו דער פרנסה אודאי נישט!

אפילו דעם גרויסען צדיק, וואס פיהרט די גאנצע שווערע

מחנה פון רבנים אויף מלחמה געגען ציוניזם, ווייל ער וויל ברייג־גען משיח׳ן פאר דער צייט און נישט אויף אן עזעל, האט עס אויך נישט געשאדט?

נישט איהם, נישט זיינע קינדער.

דאס, וואס א געוויסע פארזיכערונגס־געזעלשאפט האט ביי די בני־הצדיק צוגענומען די אגענטור און מכריז און מודיע געוועזען אין אלע צייטונגען, אז מען זאל זיי על חשבון החברה מעהר קיין געלט נישט איינצאהלען, איז געוועזען, ווי אלע ווייסען, מחמת טעותים אין חשבונות, נישט, חלילה, פאר אנטי־ציוניזם; דאס איז נאך אלץ געוועזען איידער א רבני׳שער האן האט געקרעהט!

א שטיקעל הקול־השם איז עס געוועזען, אבער נישט, חלילה, וועגען אנטי־ציוניזם!

הכלל — דער מגיד פון לינת־הצדק־קלויז איז אן אנטי־ציוניסט און עס האט איהם, חלילה, נישט געשאדט, נאר פארקערט, דאס איז אין ווארשאווער לינת־הצדק א מעלה; ווארים אין ווארשעווער לינת־הצדק, אויסער עטליכע יונגע אינגלעך, וואס זענען אלע צו־זאמען אפשר קוים אזוי אלט, ווי דער מגיד, וויל קיינער פון ציוניזם נישט וויסען.

און אט טאקע צווישען די אינגלעך מיט׳ן מגיד איז געווארען א ויכוח, פארשטעהט זיך — וועגען ציוניזם...

אנגעהויבען האט דער מגיד: ער האט א הייסע דרשה געהאל־טען געגען ציוניזם און אפילו א פיין משל געזאגט.

— משל למה הדבר דומה — האט ער געזאגט — א איד דארף פאהרען, למשל — צוםביישפיל — קיי האציפלאץ...

נאך וואס פאהרט א איד קיין האציפלאץ? א דאגה נאך וואס א איד דארף פאהרען קיין האציפלאץ!

ער האט א ירושה אפצונעמען — שרפ״ט אלפים א ירושה!

ער האט נאר א מעקלעריי אין האציפלאץ, ער קאן נתעשר ווערען!

און אפשר איז ער נאר א געבירטיגער פון האציפלאץ, האט אין קורצען יאהר־צייט און איילט זיך קיין האציפלאץ אויף קבר־אבות!

— הכלל — ער דארף, ער מוז פאהרען קיין האציפלאץ! עס ציהט איהם ווי מיט צוואנגען קיין האציפלאץ!

נו, וואס מוט א איד, אז ער דארף, אז ער מוז פאהרען קיין האציפלאץ?

ער טוט, וואס אלע גלייכע מענשען טוען:

קיין האציפלאץ געהט א באהן, — געהט אונזער אידעל אין קאסע אריין און קויפט זיך א בילעט קיין האציפלאץ...

פון די, וואס פאהרען אהן בילעטען, רעדט מען נישט; אטו בשופטנא עסקינן!

הכלל, ער האט שוין א בילעט, וואס טוט ער נאך?

גארנישט! ער דערזעהט א באנק, זעצט ער זיך אנידער אוןווארט.

— סטייטש, ווי זיצט עס א איד מיט פארלעגטע הענט און ווארט?

— איך ווארט — ענטפערט דער איד — אויפ'ן צוג.

קומען וועט ער דער צוג! יעדע מינוט קאן ער קומען! נאר נישט מיט אמאל קומט ער: פריהער וועט מען בלאזען, דערנאך וועט ערשט געהן א רויך... דערנאך ערשט — וועט ער קומען!

דערווייל זאגט אונזער אידעל תהלים, צי ער דאווענט, אפשר קוקט ער נאר אין חוק'ל אריין... אז עס וועט זיך הערען פייפען, וועט ער צוזאמענבינדען דאס פעקעל; אז ער וועט דערזעהן דעם רויך, וועט ער אויפשטעהן, און אז דער צוג וועט פארפאהרען, „מובטח אני" — זאגט דער מגיד — אז ער וועט אריינשפרינגען אין וואגאן!

— אזוי — זינגט ווייטער דער מגיד — טוען פשוט'ע, עהר־ ליכע אידען; אידען מיט אמונה, מיט ישוב הדעת...

— און עס זענען — איז ער מבטיח בנאמנות — קיין קאלטע און חם־ושלום, קיין פוילע אידען נישט.

עס ציהט זיי קיין האציפלאץ, ווי מיט אייזערנע צוואנגען ציהט זיי! א שפאס — קבר אבות, א ירושה פון שרפ"ט, צי נאר אן עסק'ל — א מעקלעריי נתעשר צו ווערען!

נאר לויפען א ק ע ג ע ן דער באהן, ווייסען זיי, טאר מען נישט!

— ווי איז אבער — פרעגט דער מגיד — דער דין, אז א אי־ דעל, וואס וויל פאהרען קיין האציפלאץ, ווערט, נישט פאר אייך געדאכט, נישט פאר קיין שום איד געדאכט — משוגע?! הא?

אז דער משוגע׳נער איך כאפט זיך פּלוצים ארויף, און לויפט, נישט אפוואָרטענדיג אויף דער רעכטער צייט, אויף „עת לחננה“ — אַקעגען דער באהן?

דער מגיד האלט איין א ווײלע און שיסט אוים מיט אמאָל:

— גע׳הרג׳עט ווערט ער, דאָס אידעל!

— עס איז אפילו א שאָד — זאָגט ער שוין מיט א ווייכען קול — עס איז אפילו א שאָד א נפש מישראל — אן אות פון דער תורה הקדושה — נאָר גע׳הרג׳ט מוז ער ווערען!

---

איך ווייס נישט, צי איך האָב אייך ריכטיג איבערגעגעבען דעם מגיד׳ס רייד. עס פעהלט מיר זיין לשון, נאָך מעהר — עס פעהלט מיר זיין נגון, זיין הארצעדיגער, זינגענדיג־וויינענדיגער נגון, וואָס ציהט זיך און גיסט זיך אין א אידיש הארץ אריין, ווי א „שמן זית זך“ — ווי אן אמת כשר׳ער בוימאויל...

סיי־ווי־סיי אָבער דער נמשל שווימט אליין ארוים:

וואָס איז ארץ־ישראל? פרנסה מיט׳ן פולען מויל — זעמעל וועלען וואקסען אויף די ביימער, אפשר א מעקלעריי; אמאָל איז עס געווען צווישען מצרים און בבל, היינט וועט דאָס געשעפט ברייטער און גרעסער זיין: א פאַקטאָריי צווישען אזיע און אייראָפּא! און אחוץ דעם — קבר אבות! דאָס איז אפשר גאָר דער עיקר! און א באהן געהט, דער צוג מוז קור־מען!...

און דעם בילעט צו פאָהרען, (פון פאַהרען אהן בילעטען, פון גלגול מחילות אונטער די בענק, רעדט מען נישט!) דעם בילעט — דעם זכות אויף דער גאולה — קויפט מען אין גלאָזנע־קאַסע ביים רבונו של עולם פאַר בארע תורה, מצוות און מעשים טובים, אָדער אין דער הילפס־קאסע, אין דער פיליע ביים רבי׳ן פאַר פדיונות...

נאָר אפילו מען האָט שוין דעם בילעט, מוז מען נאָך אלץ וואַרטען!

פריהער „וועט מען בלאָזען“. דאָס איז שופר של משיח!

דערנאָך „וועט זיין אַ רויך!“ באַ, מעהר ווי אַ רויך — עס וועט זיין דם ואש ותמרות עשן, — אַ קל־וחומר פון מצרים!

אבער די „ציוניסטען“, וואָס לויפען אַ ק ע ג ע ן דעם צוג — וועלען נע׳הרג׳עט ווערען...

אזוי האָט דער מגיד געזאָגט, ער האָט זיך אַרומגעקוקט אויפ׳ן עולם מיט נצחון, האָט שוין געוואָלט ענדיגען מיט „ובא לציון גואל“ — — און שבת איז געווען, און די לינת־הצדק־לייט וואָל־טען רוהיג אהיים געגאַנגען שלאָפען און וואָלטען איינגעדריקט דאָס רעכטע אויער אין קישען אריין צו הערען אין שלאָף, אויב מען בלאָזט נאָך נישט... איז אבער, ווי להכעיס, ארויפגעשפרונגען איי־נער, פון י ו נ ג ע צ ו ו י ש ע ן י ו נ ג ע, אַ צעיר שבצעירים אויף דער בימה, און האָט אַ געשריי געטאָן:

— רבותים!

— רבותים, ער האָט אַ טעות, דער מגיד!

און ער האָט זיך אויפגעשטעלט אויף די שפּיץ נעגעל פון די פיס, און דאָס יונגע קול׳כעל האָט נעקלונגען, ווי אַ ניי־זילבערען גלעקעל: ער האָט אַ טעות, דער מגיד!

דאָס ניי־זילבערנע גלעקעל האָט אַן אנדער נוסח פון דעם איינענעם משל!

— קיין האַציפּלאַץ, — זאָגט ער — נעהמט טאַקע אַ באַהן — אבער אונזער אידעלע זיצט נישט אויף דער סטאַציע!

און — ו ו ע ר סטאַציע, ו ו ע ן סטאַציע?

„די סטאַציע ווילען מיר ערשט בויען!“

דאָס אידעלע זיצט אין אַ וויסטען מדבר, אונטער די הרי־חשך זיצט ער! צווישען נחשים ועקרבים און פּיפּערנאַטערס זיצט ער! עס חלומ׳ט זיך איהם נאָר די באַהן! אַן אַלטער חלום, פון וועלכען ער האָט דעם פּתרון פאַרגעסען; און ער לעגט זיך נאָך שלאָפען, ער לייענט קריאת־שמע, קלאַפּט זיך אין הארץ אריין „על־חטא“! און קוים וועלען זיך איהם די אויגען צומאַכען, וועלען קר־מען די „ווילקאַלאַקים“, די חיות רעות, די הונגעריגע וועלף און וועלען איהם בייסען, און ער וועט אפילו נישט פּיהלען! ער וועט זעהן מיראַזען (אַ ליטוואַקעל, נעבעך!) חלומות... און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער...

און מיר — האָט ער געענדיגט — שרייען טאַקע: לויפט צו דער סטאַציע וחיו! איהר וועט ג י ש ט נע'הרג'עט ווערען!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

צווישען דעם מגיד מיט די אינגלעך וויל איך מיך נישט אריינ־מישען; וועלכער נוסח עס איז דער ריכטיגער, איז נישט מיין זאַך צו זאָגען. ווען פ ר י י ע א ר ט און צ י י ט, וואָלט איך אפשר פאַר אייך א ד ר י ט ע ן נוסח, און אפשר גאָר'א ניי משל געהאַט; אגיט, וואָלט איך אייך גאָר א ליערעל געזונגען, איך האָב שוין אַזוי לאַנג נישט געזונגען! נישט אין דעם אָבער געהט עס...

עס געהט אין דעם, אַז אין לינת הצדק איז געוואָרען א ויכוח, א הייסער ברענענדיגער ויכוח! די לינת־הצדק־לייט זענען אויפגע־ריהרט געוואָרען, דער „שינה־בשבת־תענוג" איז דעם שבת בטל ומבוטל געוואָרען, — און אפשר אויף ווייטערע שבתים אויך... דאָס, אייגענטליך, שאַדט נישט — מען האָט אפילו אַן אסיפה געמאַכט, און דערנאָך — נאָך אַן אסיפה, און נאָך אַן אסיפה...

פּרואווט אָבער און טרעפט — וואָס פון די אסיפות איז גע־בליבען!

— עס איז געבליבען, ברידערלעך, עס איז געבליבען, אידעלעך, אַז פון היינט אָן זאָל לינת הצדק קיין קראַנקע אָרעמע ציוניסטען — מעג זיין ו ו י קראַנק און ו ו י אָרעם, — קיין לינה נישט שיקען!

מען האָט זיך נוקם געווען אַן קראַנקע!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַז מען רעדט פון א ברונעם, דערמאָנט מען זיך אָן עמער. וואָס שעפּט פון ברונעם; און אַז מען רעדט פון קראַנקע, קומט אויף די געדאַנקען דער רופא, וואָס ציהט פון דעם חיונה!

שטעלט אייך פאַר א רופא. —

און איהר שטעלט אייך פאַר—א „טוב שברופאים לגיהנום"—

און, אויב איהר האָט אייך אמאָל ביי א רופא א צאָן געריסען, דערמאָנט איהר אייך אָן א רויטע ברודיגע פאַטשיילע, מיט וועל־כער מען האָט אייך, צום דערשטיקט ווערען, דאָס מויל פאַרשטאָפּט; דעם גרויסען אייזערנעם שליסעל, א שטאָל צו עפענען, מיט וועלכען

מען האט אייך אפערירט, און עס שרייט אין אייך: טוב שברופאים לגיהנום!

און איהר דערמאנט אייך נאך אפשר אז ארעם קראנקען־בעט...

אלע צוויי און פיערציג אלטע ווייבער, אלטע קרובות און אזוי גבאי׳טעס, האבען מיט אלערליי סגולות נישט געהאלפען, צעהן מלמדים האבען אפגעשפראכען עין־הרע׳ס — און די קרענק ריהרט זיך נישט פון ארט... מען האט געבראכט פון „איהם, זאל לעבען" קמיעות — די זינד לאזען די תפלות נישט צו, לעגען זיך אויף דער קמיעא... און דער רופא שטעהט שוין ביים בעט...

וואס נעמט ער איינגאנצען, דער רופא? א צעהנערעל! נאר ער קומט דריי פיער מאל אין טאג... ער שמירט, רייבט, קלאפט אריין עטליכע באנקעס, שטעלט אוועק עטליכע פיאווקעס, א שפאניש פליגעלע... א בענקעל איז ארויס פון שטוב, דערנאך א טיש, דערנאך מלבושים, דערנאך דאס קישען פון אונטער׳ן קאפ — דער־נאך ערשט, זאגט ער, דער רופא: רופט א דאקטאר!

„טוב שברופאים לגיהנום!" קלאפט אייך אין די שלייפען!

איהר דערמאנט אייך נאך אין גרויס־שטאדט׳ישע רופאים פאק־טוירים, רופאים, וואס לאקערען ביי גאסטהייזער אויף ארעמע און נארישע פראווינץ־קראנקע, ווי די פאסקע־שפילער, בייטעל אינטער־ווארפער... ווי די וועלף אויף פארלוירענע שאף! און די שותפים של עמלק — פון שווינדלער, שארלאטאנעס דאקטוירים, וואס טיילען צווישען זיך און די רופאים דעם ארעמען קראנקענס פעל... די יד־אחת־לייט מיט פאלשע קינצען־מאכער־פראפעסארען, וואס מאכען די קרענק אוועק מיט דער ל י נ ק ע ר  האנט, בשעת ווען די ר ע כ ט ע  גראבעלט אויס דעם לעצטען גראשען פון אונטער׳ן קראנקענס קישען... און אין יעדען טראפען בלוט רופט אין אייך: טוב שברופאים לגיהנום!

און אפשר האט איהר קרובים, באפרייטע פון מיליטער — אויפ׳ן בית־עולם? אפשר ליגען אייך זייערע אלמנות און יתומים אויפ׳ן האלז? וואס האט ער דען געטאן? עטליכע טראפען אין אויג צי אין אויער אריין, עפעס ערגעץ א ביינדעל איבערגעברא־כען... אפשר קענט איהר רופא׳ישע הייזער פאר געמאכטע קרענק און פעהלער — — — אפשר האט איהר נאך א קרובה, וואס דער

רופא האט זי באפרייט פון צער־גדול־בנים מיט'ן לעבן צוזאמען?
און איהר קריצט מיט די ציין: טוב שברופאים לגיהנום...
און איהר פרעהט אייך שוין מיט דער הייסער סמאלע באד, וואס איך וועל מאכען א רופא...
איהר האט אבער נישט געטראפען...
איך האב א רופא אין גן־עדן אריין! נישט באלד, חס ושלום; איבער הונדערט און צוואנציג יאהר, מיין איך!
געוואוינט האט דער רופא אין גערשאנקאווע (פאדאליער גוב.), אין דער קאלאניע גערשאנאווקע, וואס ליגט אין דערמיט צווישען צוויי באהן־סטאציאנען ווארנאווקע און קאלבאסנע, צו פינף ווערסט פון יעדערער.
אפשר פאהרט איהר מיט יענער באהן, כאפט אייך אהין אדער צוריק־צו־וועגס אראפ קיין גערשאנאווקע; איהר וועט, איך בין אייך ערב, קיין חרטה נישט האבען. איהר וועט זעהן א גן־עדן. הייזער באדען זיך אין גרינס — סאמע גארטען. טאמער פאהרט איהר ערשט א פאר יאהר שפעטער, וועט איהר שוין זעהן א גאנצען פארק!
און אין דעם פארק, אין גערשאנאווקער גן־עדן האט דאך ערשט נישט לאנג זיך ארייגעכאפט דער הונגער... אין 1900־1 — ווען בעסאראביען האט געהונגערט...
פאר בעסאראביען האט זיך געמאכט אין קישענעוו א קאמי־טעט, וואס האט געזאמעלט נדבות ביי דער גאנצער אידישער וועלט, און ווי עס איז געהאלפען. גערשאנאווקע ליגט אבער אין פאדא־לער גוברניע! קריסטליכע קאלאניסטען האבען ווי עס איז הילף באקומען פון דער דומע, אידישע קאלאניסטען האבען פון ערגעץ קיין הילף נישט געהאט...
די שפייכלער זענען געשטאנען פוסט, ריין ווי אן אויסגע־לעקטער טעלער, שטיבער זענען געשטאנען טויב־שטום און פאר־וויסט, מענשען האבען זיך געבויגען, ווי דארע פארשווארצטע שא־טענס... נאכ'ן הונגער געהט טיפוס פאר הונגער...
און דא האט זיך באוויזען דער רופא...
— און האט געהיילט, ממש מחיה־מתים געוועזן?...
— ווייטער נישט געטראפען, ער האט זיך גאר אויפגעהויבען און איז אוועק קיין קישענעוו, צום קישענעווער קאמיטעט, און אזוי לאנג גערעדט און גערעדט, און אזוי פיעל רחמים געבעטען פאר

די גערשאנקאווער קאלאניסטען און געוויינט, ביז — — —

— ביז מען האט געמאכט א נייעם קאמיטעט פאר גערשאַנאַווקע...

— ניין, דאס וואלט צו לאנג געדויערט, עס מוז אנשלאגען אין פעטערבורג. ער האט ביי זיי גע'פועל'ט, זיי זאלען געדענקען, אז דאס געלט איז פון כל ישראל, פון גאנץ תפוצות ישראל, און די נאהנטע גערשאנאווקע איז נישט שולדיג, אז די פאליציי האט זי פארעכענט צו פאדאליען... אז הונגער איז הונגער אין בעסעראביען, ווי אין פאדאליען...

און דער קאמיטעט האט נישט געקוקט דערויף, וואס ער איז א קאמיטעט פאר'ן הונגער אין בעסאראביען און האט דורכ'ן רופא געשיקט הלוואות פאר די אידישע קאלאניסטען אין פאדאליען!

און דער רופא איז אהיים געקומען מיט געלט, און די קאלאניסטען האבען איהם אויסגעקליבען, ער זאל צוטיילען דאס געלט, לויט הונגער, לויט נפשות אין דער פאמיליע...

און דער רופא האט עס געטאן!

— אומזיסט?

— נאר אינגאנצען אומזיסט. אפשר האט ער אין הארץ, ווי לינת־הצדק־לייט, גערעכענט אויף עולם־הבא, עס קאן זיין; „א אידישע קישקע קאן מען נישט שאצען", טאקע א רופא, נאר דאס פינטעלע איד, פארט א נשמה פון בארג סיני, נאר דא אויף דער וועלט האט ער גארנישט גענומען.

— און דאס האט ווירקליך א רופא, א פראסטער רופא געטאן?

— נעווים... נאר טאמער קאנט איהר טרעפען, וואס די קאלאניסטען האבען געטאן...

— נאכ'ן הונגער א פיינע מתנה געשענקט?

— ניין!

— אויף זיין נאמען א קרן־קימת געמאכט?

— ניין!

— אן אדרעס געשריבען און געשיקט מיט גאלדענע אותיות אויף פיין פאפיר?

— ניין!

— געשענקט איהם אן ארט אין שול ביי דער מזרח־וואנט?

אויף אייביג אויסגעגעבען אתה־הראית, חתן תורה צי פתיחת נעילה?

— ניין!

— אויפגעהאנגען, ווייל א רופא איז א דייטש, זיין פארטרעט אין „שקאלע“?

— אויך נישט!

— וואס דען צו אל־די־שווארצע יאהר?

— בייזערט אייך נישט און רעדט נישט קיין נבול־פה... איך האב אייך פריהער געזאגט, אז איהר וועט היינט ביי מיר גארנישט טרעפען...

הערט, וואס די קאלאניסטען האבען געטאן! איינגענטליך נישט אלע, נאר די, וואס האבען וועניגער הלואות באקומען, ווי זיי האבען געוואלט. זיי האבען דעם רופא גע'מסר'ט...

— טעותים אין חשבונות?

— דאס איז געוועזען ביי די בני־הצדיק, נישט ביים רופא!

— אז ער האט נישט ע ה ר ל י ך געטיילט, נושא־פנים געוועזען...

— חס־ושלום!

— וואס דען?

— מען האט איהם גע'מסר'ט, הערט, אידען — מען האט איהם גע'מסר'ט, אז ער פארקויפט שטילערהייט ארצניי־מיטעל! און דאס טאר מען נישט...

— און דאס האט ער כאטש געטאן!

— אפנים — אויך נישט! דאס געריכט, וועניגסטענס, האט איהם אינגאנצען באפרייט...

זעהט איהר, נ י ש ט געטראפען!

און איך האב נאך, און — סחורה, ווי גאלד!

ווארים, אז איך רעד פון רופאים, דערמאן איך מיך אן זייערע שותפים...

אן מאנכע „באריהמטע“ דאקטוירים — איהר קענט זיי אפשר די נאכגעמאכטע פראפעסארען, אויפגעבלאזענע ספעציאליסטען, מיט די שווארצע רעק און גלאנצענדיגע צילינדער מיט ווייסע האנט־שוה און קראוואטען אין מיטען דער וואך...

און, אז איך דערמאן מיך אן די יד־אחת־לייט מיט די רופאים,

וואס שטעהען  ה ע כ ע ר  און טויזענט מאל  נ י ד ע ר י ג ע ר פאר די רופאים, דערמאן איך מיך אז מלאך־המות, ביי וועלכען זיי שטעהען אין דינסט, אז די בית־עלמינ׳ס, וואס זיי פלאנצען!

און פלוצים — אין מיט׳ן רווישענדיגען זידענדיגען בית־עלמין לענט זיך מיר אויס א בית־הקברות!

שא, שטיל!

דא און דארט א גרין ציטעריג בוימעל — — —

ווייסע שטיינער, סאמע ווייסע שטיינער, אחוץ עטליכע אלטע, מיט מאך־באוואקסענע, האלב, דרייפיערטעל און גאנץ איינגעזונ־קענע.

שא — צדיקים שלאפען, מורינו׳ס, מורה־מורינו׳ס און מורה־מורה־מורינו׳ס...

סאמע צדיקים, סאמע נדיבים, — תורה, חכמה וגדולה במקום אחר — אין דער ערד!

טייערע מענער, טייערע ווייבער, בריליאנטענע קינדער!

ווייסע נשמות, ווי די ווייסע שטיינער, גאלדענע הערצער, ווי די גאלדענע אותיות, און טיפע, טיפע נשמות, ווי די איינגעזונקענע מצבות...

שטיל, לאזט זיי שלאפען!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאר טאמיר ווייסט איהר, ווען אין טאלאטשין, למשל, אין טאלאטשין, מינסקער גובערניע, ווער עס געהט דארט אממעהרסט אויף קבר־אבות?

— טאלאטשין — זאגט איהר — איז באריהמט מיט איהר טיפער בלאטע, מען קאן, אויסער אין די גרויסע פרעסט ווינטער, אדער תמוז אין די גרעסטע היצען אין שעהנעם העלען טאג איננמי־טען גאס דערטרונקען ווערען...

מן־הסתם — ווייסט איהר אייך דעריבער — געהען אויף קבר־אבות נאר די נאהנטסטע שכנים...

נישט געטראפען! אז מען האלט ביי קבר־אבות, איז בלאטע — בלאטע! א פוס ארויס, א פוס אריין און מען שפרייזט! הלמאי, אז מען זעהט פון דערוויטענס א בליץ פון א קופערנער קאפיקע?!

— כלי־קדש אין לאנגע שטיוועל —

אויך נישט; די געהען בארוועס!

— אהא! דער גבאי!

איהר האט געהערט, אז אין טאלאטשין איז פאראן א באַ־ריהמטער גבאי, א צוויי איילענדיג אידעלע מיט א שפאן און א פאר גרויסע שפאקולען...

אבער גאר לא, און דוקא מיט א ספארעק!

דער גבאי, פארשטעהט איהר מיך, האלט אן אפטייק; א קליין אידעלע און א גרויסע אפטייק! אויפ'ן ווייבס נאמען האלט ער זי, די אפטייק... גוי'ש לייענען אבער קאן ער נישט. נישט ער, נישט זוגתו הצנועה... טרעפען זיך אודאי טעותים... נישט אין חשבונות חלילה, מישט מיר ווייטער נישט אריין די בני־הצדיק שיחיו, נאר אין די רעצעפטען...

און דער גבאי ציטערט פאר'ן בית־עולם... וואו דער פעפער וואקסט אנטלויפט ער פאר'ן בית־הקברות...

ווארים, וואס טוט אזא קליין אידעלע פון צוויי איילען און צוויי שפאן מיט א פאר גרויסע שפאקולען, אז א מצבה גיט זיך ראפטום א רוק אוועק און פון דער הייליגער ערד ברעכט ארויס און באוויזט זיך א ביינעריגער גולם מיט אויסגעהוילטע אויגען און פון אן אויסגעפוילטען לאך, במקום א מויל, שרייט פלוצים ארויס: רוצח!

ניין, דער גבאי געהט נישט אויף קבר־אבות...

— הכלל, ווער דען? אזוי פרומע אידענעס, גבאי'טעס, קברים־מעסטערינס, ליכטלעך־ציהערינס, אל־מלא־רחמים מאכע־רינס, שול־ און ארון־קודש איינרייסערינס...

— ניין, ברידערלעך! הוא אשר דברתי — איהר וועט היינט ביי מיר גארנישט טרעפען!

חזירים, ברידערלעך, געהען אויף קבר־אבות, בהמות, אידע־לעך, געהען...

אהן א צוים איז דער טאלאטשינער בית־עלמין, אהן א צוים!

---

און אפשר וועט איהר כאטש טרעפען, פארוואס קראנקע עסען אין ראדאמישל פון א געוויסער צייט קיין הינער־פלייש נישט?

איך רעד נישט פון ארעמע קראנקע, די האבען אויף קיין הי־נער נישט. דאס זענען דעם בעל־טאקסעס פאראבקעס און מוזען

יוצא זיין מיט ביינער פון רינד־פלייש, — איך מיין רייכע חולאים!

עס פעהלען קיין הינער נישט, קיין שוחטים, בפרט עופות־שוחטים אודאי נישט!

נאר ווייסט איהר, וואס עס פעהלט?

עס פעהלט אן ארט, ו ו א ו עופות צו קוילען!

ביים אויסקלייבען אן ארט, וואו עופות צו קוילען, האט א דעה צו זאגען דער בעל־טאקסע, יאגט ער זיך נישט מיט'ן אויס־קלייבען! זאלען זיי דערווייל רינד־פלייש־ביינער לעקען!

און ווייסט איהר, פארוואס אדעס שטעהט אהן א רב?

מען קאן קיין קלפי נישט מאכען...

עס פעהלט נישט, חס־ושלום, קיין וועהלער... א דעה צו זא־גען, ווען אפילו נאר אויף א רב, איז א שטיקעל נחת; אמאל לעקט מען נאך א ביין, אביסעל משקה כאפט מען אודאי... רבנים, מיט אפעטיט אויף אדעס פעהלט אודאי נישט...

וואס דען?

דער דומע פעהלט אן ארט, ו ו א ו די קלפי צו מאכען!

---

און אפשר וועט איהר כאטש טרעפען, ו ו א ו די בשר'ס־טע אידישע פאבריק איז?

אין פוילישען ראדזימין איז זי!

— ווער האט זי פארלעגט?

דער רבי, זאל לעבען און געזונט זיין, אליין!

— וואס ארבייט אוים די פאבריק?

בייטעלעך ארבייט זי אוים; בייטעלעך צו קמיעות... מען רע־כענט נאך איבערצוגעהן אויף בייטעלעך צו ארץ־ישראל־ערד...

— ווער ארבייט אין פאבריק?

משוגעים ארבייטען, משוגעים, וואס קומען זיך צום רבי'ן קורירען!

---

אז ב[illegible] עטט נאך ג[illegible]ים, נאך א קליינע רעטעניש! איינענטליך נאר א פירוש אויף א לשון־קדש ווארט!

דער נייער, צוויי און צוואנציג יאהריגער טריסקער רב, ר׳ יעקב לייבעלע, זיין זכות זאָל אונז ביישטעהן, פאָהרט אַרום אויף דער וועלט, דערווייל אין לובלינער גובערניע.

געקומען קיין סווערזש — געכאַפּט אַ פּופּציגער!

אריבערגעכאַפּט זיך קיין רודא־אַפּאַלין, נישט ווייט פון סווערזש — איינגעשלגנגען אַ פינף און צוואנציגער!

וואו ער איז פריהער געווען, וואו ער וועט שפּעטער זיין, וועט אַמאָל די היסטאָריע פאַרצעהלען...

נאָר ביים געזעגענען אין רודא־אַפּאַלין האָבען די חסידים גע־בעטען דעם רבי׳ן אַ נדבה פאַר נ ש ר פ י ם.

און ער האָט געגעבען... גאַנצע דרייסיג קאָפּיקעס!

אַ ברייט הארץ האָט ר׳ יעקב לייבעלע!

נאָר טאָמער טרעפט איהר, וועלכע נשרפים מען האָט גע־מיינט?

איהר טרעפט: באַברויסק, דזשיאַלאָוויטש... איהר רעכענט אויס אַ גאַנצען אלף־בית פון נשרפים־שטעדט און — איהר האָט נישט געטראָפען!

פאַרשטאָפּטע מוחות זייט איהר! מתנגדים זייט איהר, אפשר גאָר ציוניסטען!

ביי אייך איז פרעה — פּרעה, חמץ — חמץ, זמרי־בן־סלוא— זמרי־בן־סלוא?

ביי אונז חסידים איז פּרעה דער יצר־הרע, חמץ — די קליפּה, זמרי־בן־סלוא אַ צדיק בן צדיק! און נ ש ר פ י ם זענען — ברע־נענדיגע חסידים מיט טרוקענע העלזער, וואָס לעכצען נאָך תקון! נאָך אביסעלע י״ש!

פאַר זיי האָט ר׳ יעקב לייבעלע איבערגעלאָזט דרייסיג קאָ־פּיקעס.

אַ ברייט הארץ האָט ער, ר, יעקב לייבעלע!

זיין זכות זאָל אונז ביישטעהן אין דעם מדבר, אונטער די הרי־חשך, צווישען פּיפּערנאָטערס און חיות־רעות מיט די „מיראַזשען“, מיט די ווילקאַלאַקעס און חיות רעות!

## 13.

7טען אויגוסט, 1902.

פאריגע וואך האב איך אייך דערמאנט אז „טוב שברופאים לגיהנום“, נאר געמיינט האב איך פראסטע רופאים, און נישט אזוי ווייט דערפאר, וואס זיי היילען קראנקע און ווייסען קרענק, נאר איבער׳ן „עיקר שכחתי“ — ווייל זיי גאלען, כאטש איך האב עס נישט דערמאנט, אידישע בערד, און ווערען אויף אזא אופן שותפים אין די פינף לאו׳ן, וואס דער בעל־עברה׳ניק איז עובר...

און קיין איינציגער „גאל־ישראל׳ניק“ וועט זיך נישט פטר׳ן אין יום־הדין דערמיט, וואס ער איז מצער די בעלי־עברה׳ניקעס מיט ברודיגע שטיבער, אומריינע האנטיכער, שטינקענדיגען זייף און נישט גוט געשארפטע מעסער; און מען וועט אויף איהם נישט מלמד־זכות זיין דערפאר, וואס ער שניידט די בערד מיט די „וואנ־סערלעך“ מיט דער הויט צוזאמען — ווארים דערמיט טוט ער נאך ערגער: דורך איהם קומט אפ דער בעל־עברה, — אויב ער אנט־לויפט נישט צו א ראזירער א גוי, — אויף ד ע ר וועלט, און דארפען דארף ער אפקומען אויף י ע נ ע ר וועלט!

סיי־ווי־סיי קיין דאקטוירים האב איך דערמיט נישט געמיינט...

אמת, טייל דאקטוירים זענען נישט בעסער פאר די רופאים, זיי זענען אבער ג ר ע ס ע ר... וואס גרעסער דער בוים, גרעסער איז זיין שאטען; וואס גרעסער דער מענש, גרעסער איז דער יצר־הרע. עס איז, דאכט זיך, נאר א גמרא, עס איז אבער פארט אמת. א דאקטאר קריגט צוזאמען מיט׳ן דיפלאם א גרעסערען זכות אויף עולם־הזה. ער מ ו ז האבען א שעהנע דירה, ער קאן נישט געהן אויף׳ן „היי־בוידעם“ אי׳ן טעאטער, ער קאן נישט פאהרען אויף דער באהן אין דער דריטער קלאס, צי מיט׳ן טראמוויי פאר פינף קאפיקעס... ער מוז דעריבער „פארשרייבען“, נאך איידער ער ווייסט די קרענק, ער מוז באווייזען קונצען און פארטרייבען די היץ, כאטש זי איז אמאל א רפואה — ער מוז... און „אונס רחמנא פטריה!“

און דעריבער טאקע האלטען אסך רביים מיט דאקטוירים.

דער פראגער צדיק, למשל, ווייסט נישט מעהר ווי נאר קריזשע! צי ער איז „בגלופין“, צי מיט א טרוקענעם האלז, צי עס איז „שואל בעצה“ א מענש מיט א קראנקען פוס. צי מיט א מאגען, צי מיט א קאפ, איין דאקטאר איז פאראן: קריזשע...

קריזשע איז אפילו נישט מזרע אברהם, יצחק ויעקב, אבער פון די חסידי־אמות־העולם איז ער; אידישע קראנקע האט ער ליעב. ווי דאס לעבען... ער איז זיי שטארק מקרב!

אנדערע — דער גראדיסקער, דער אפטער, דער אמוואצקער וכו' — מי מנה עפר יעקב? — שיקען שוין צו אידישע דאק־טוירים, אדער שיקען בכלל נישט!

ווארים נישט אלע שיקען — נישט אלע האלטען פון דאק־טוירים!

די דאקטוירים האבען טייל מורא — ווילען צופיעל וויסען. גראבלען צו פיעל אינעווייניג!

איך וועל אייך דערצעהלען א מעשה שהיה — מיינער א באַ־קאנטער איד געוועזען.

און א איד א מוצלח; נישט קיין עושר, נאר א בעל־פרנסה. א גרויסער בעל־בטחון דערצו.

און ער האט שעהן געלעבט, אידישליך געלעבט. ווי געזאגט— מיט בטחון... דאס הייסט: מיט קיין עין־הרע, א ווייב, מיט קיין עין־הרע, קינדערלעך, מיט קינדס־קינדערלעך!

די קינדער געשיקט אין חדרים, די איידעמעס גענומען צו זיך אויף קעסט און געשיקט אין די חדרים אריין די אייניקלעך.

עס איז א מחיה געווען צו קוקען, ווי אלץ האט געהאנגען אויף איין איד: ווי איין איד האט מיט זיינע צעהן פינגער און שארפען שפיץ־ביי־שפיץ קעפעלע געשפייזט, קיין עין־הרע, אן עולם! שבת ויום־טוב — אלע ביי איין טיש, סוכות—אין איין סוכה,—הושענא רבה פלעגט מען אויסארבייטען א שעהן ביסעל מעהל אויף קרעפ־לעך! אמת אידישער נחת!

פלוצלונג איז דער איד ארוים פון „קב־הבריאה“...

ער האט דעם אפעטיט פארלוירען — מען האט גענומען פאר איהם קרעפלעך שטעלען, פיינסטע ציבעלעס מיט שמאלץ, מיט גענ־

זענע לעבערלעך — גארנישט! קיין שטיקעלע הערינג נישט, קיין שטיקעל האניג־לעקעך נישט:

און די הויט איז איהם פלוצלונג אויסגעטריקענט געווארען, ווי א פארמעט האט זי אויסגעזעהן, דאס גאנצע פנים איז איהם דעריבער פארענדערט געווארען און דערביי האט איהם שטענדיג געדארשטען!

מען וואלט זיך אפילו נישט פיעל געמאכט פון אזוינע זאכען, מאלע א מענש איז נישט בקו־הבריאה! מאכט זיך אבער א מעשה, און, שניידענדיג זיך ערב שבת די נעגעל, פאהרט ער אריין אין דער הויט און עס מאכט זיך א קליינע וואונד, מען לעגט צו שפינוועבס, עס העלפט נישט; מען פארקלעפט מיט מארקען־פאפיר, עס זייערט דורך; מען לעגט איין פלעסטערל, דאס צווייטע — די קליינע וואונד וויל זיך נישט היילען, ווי א להכעיס!

קורץ און בקצור, מען האט אנגעהויבען ביי א פעלדשער, געקומען איז מען צו א דאקטאר, און דעם דאקטאר איז פונקט איינגעפאלען נישט יוצא צו זיין מיט אויספרעגען ווענען געזונט עד סוף כל הדורות, מיט באקוקען די צונג, טאפען דעם דפק און אויסהארכען דאס הארץ מיט די פלייצעס — ער האט נאך געהייסען שיקען צו אן אנדער דאקטאר, צו א „מומחה לאותו דבר“, דעם קראנקענס „וואסער“, ער זאל זעהן, צי עס האט נישט קיין גרויסען פראצענט צוקער.

פארשטעהט זיך, אז אויב אזוי, מוז מען שוין פרעגען דעם רבי׳ן, זאל לעבען...

און דער רבי, זאל לעבען, האט געשמייכעלט:

— זאג נאר, יענקעל, — פרעגט ער, — דו פרעסט צוקער?

— חס־ושלום, —ענטפערט אונזער יענקעל, — וואס איז, א אינגעל בין איך?

— און וויפיעל שטיקלעך צוקער לעגסט דו אריין אין טיי אריין?

— איך לעג גארנישט — ענטפערט יענקעל — איך בייס צו!

— פון וואנען דען קומט צו דיר צוקער?

אונזער יענקעל זעהט בחוש, אז עס איז אינגאנצען א שטות געווען...

— און וואס איז, — מאכט ווייטער דער רבי — אז מען האט צוקער? א שלעכטע זאך צוקער? צוקער איז, דאכט זיך, זיס? הא?

און דער יענקעל איבערציינגט זיך נאך מעהר, אז דער דאקטאר איז פשוט „שאינו יודע לשאול“.

און דער רבי ווערט שוין אביסעל ערנסטער און זאגט:

— ווייסט דו: וואס, יענקעל, האסט ביז אהער נישט געוואוסט, וואס דו האסט אינעווייניג, וויים ווייטער נישט...

און אונזער יענקעל איז אהיים געפאהרען, האט שוין קיין דאקטאר נישט גערופען, און איז אין א קורצע צייט ארום פלוצלונג אוועקגעפאלען, און, נישט פאר אייך גערדאכט — געשטארבען...

— און וואס, מיינט איהר, וואלט געווען, ווען ער ווייסט, אז ער האט צוקער? ער וואלט נאך אפשר פריהער געשטארבען, פאר שרעק!

אזוי האט מיר א חסיד פארטייטשט...

---

דער גערער צדיק איז אויך נישט קיין מאמין אין דאקטוירים...

דאס איז שוין אין ווארשוי געשעהען:

אויף דער קראכמאלנע גאס איז א חסיד'יש וויבעל געגאנגען צו קינד.

איך בין דערביי נישט געוועזען, נאר אזוי שרייבט מען.

און עס איז א וויבעל פון א רייך הויז און א שוואך וויבעל, און עס דארף זיין אן ערשטלינג... און גלאט — „הייזטינגע שוואכע דורות“, און א גארסעט־וויבעל דערצו... מיידעלווייז האט זי נאך אפשר, צוליעב דער פיגור, גאנצע עמער עסיג אויסגעטרונקען... און דאס קליינע חסיד'ל, צי די קליינע צנועה, האט זיך נישט געוואלט ריהרען פון ארט...

די באבע האט געוואלט א דאקטאר; דער דאקטאר האט גע־זאגט, אז עס קאן זיין, מען וועט דארפען באנוצען די צוואנג, דעם

ווייבעלס יונגערמאן האט זיך דערשראקען און — איז געלאפען צום נגערער צדיק...

— לאו! — האט דער נערער צדיק געזאגט — — — —

עס איז אפילו געווען א מערכה, וואס איידער דער יונגערמאן איז אהיים געקומען, האט דער דאקטאר זיינס געטאן און די יולדת לעבט, און דאס קינד לעבט — דאך האט מען מורא, אז דאס פאר־פאלק וועט שוין, חס־ושלום, קיין גוט לעבען נישט האבען...

דער אטוואצקער רבי לעבט פאר אזא מעשה שוין פופ־צעהן יאהר אהן א ווייב...

---

דערפאר טאקע קורירען אסך גוטע אידען אליין!

דער איד, זכרונו לברכה, איז, ווי די וועלט ווייסט, א גרויסע בריה געווען, לא עליכם, צו אומריינע קעפלער. קונציג פלעגט ער די הערלעך רייסען; געשיקט — נישט מיט'ן אויג צו דערזעהן! ס'רוב גוטע אידען, פון בעל־שם ביז'ן ביכאווער, זענען גרויסע מבינים אויף עקרות... זכרונו לברכה דער אישביצער, סוף ימיו — דער ראדזשימינער — האט געהאט זיין אייגענס אן אלט ספר פון רעצעפטען, אפילו אויף דייטש, נאר נאר פון קדמונים, און האט געהיילט אהן אן אויסנאהם אלע קרענק...

דערפאר איז, למשל, דער קאריעניצער רבי אן אמת'ער מומחה פאר מקשה לילד'ס!...

און מאכען מאכט ער גאר פראסט.

אז עס קומט א דאקטאר, פארקאטשעט ער די הענט, גלייך ער דארף עמיצען פאטשען, כאפט א צוואנג, ווי א קאוואל, און לויפט צו צו דער ארעמער אידענע, ווי א גזלן...

דער קאריעניצער דארף נישט די אלע זאכען; ער ריהרט זיך אפילו פון ארט נישט!

ער שיקט צו דער מקשה לילד דריי שמעק טאביק פון זיין הייליג פושקעלע; ח"י גדולים א שמעק טאביק... ער הייסט, די באבע זאל זיך נאר א דריי מאל וואשען די הענט און זאגען דריי פסוקים איננאנצען!

נאכ'ן ערשטען מאל די הענט וואשען: והוא כחתן יוצא מחופתו...

נאכ'ן צווייטען מאל וואשען: שערים ראשיכם... און ווי ווייטער שטעהט.

און ערשט נאכ'ן דריטען מאל אפוואשען דעם לעצטען פסוק: והשער הפונה קדמה לא יפתח בלתי לה' לבדו...

ווער עס ווייסט נישט די טייטש פון די פסוקים, זאל אנ־פרעגען ביי א קאפולער מלמד פון וואהלינער וואלאטשיסקער תלמוד־תורה...

נאר נישט אלע יולדות היילט ער! נישט אלע וויל ער היילען!

טראגט א אידענע א שייטעל, נישט א האר־באנד; כאפט זי זיך אמאל ארוים אין א לבנה־נאכט מיט'ן מאן שפאצירען, ווער שמועסט, אז זי לייענט א אידיש ווארט, אחוץ תחנות און צאינה וראינה — זאל זיך די וועלט איבערקערען, וועט ער איהר קיין שמעק־טאביק פון זיין פושקעלע נישט שיקען, סיידען, אז זי וועט צוזאגען תשובה צו טון...

און אז מען נארט איהם אפ (עס טרעפט זיך!) און ער ווערט דערנאך געוואר, אז ער האט געראטעוועט נישט קיין פרומע נשמה, ווערט ער אש־להבה, שטורעמט ער הימעל און ערד, ווערט ער טאקע „להשמיד ולהרוג" — סיידען, אז מען שיקט איהם צו נאך ח"י גדולים...

הייסען הייסט ער ר' דוד'ל...

זיין זכות זאל אונז ביישטעהן!

---

און נישט נאר רופאים, דאקטוירים און גוטע אידען היילען—

אין ווארשוי איז פאראן א פשוט אידעל, נישט קיין רופא, נישט קיין דאקטאר, נישט קיין רבי און מאכט אויך גאנץ גוטע געשעפטען —

ער היילט אלע קרענק, און דוקא מיט איין רפואה — מיט פארע...

ער האט זיך זיין אייגענע קעסעלע, מיט אן אויוועלע, מיט א קוימענדעל — מיט א קליין מאשינדעל דערצו...

אין קעסעלע גיסט ער אריין וואסער, און שיט אויף פארשי־רענע קרייטעכצער... דאס אויוועלע הייצט ער אונטער מיט האָלץ, מיט קוילען, אפילו מיט נאפט, אבי עס ברענט. פון דעם וואסער מיט די קרייטעכצער לאזט זיך דורכ'ן אויוועלע א רויך — א פארע, די פארע לאזט ער מיט דער היץ פון מאשינדעל דעם קראנקען אונטער דער הויט...

עס געהט צו איינס, צוויי, דריי! — ער „באלאמוטשעט" נישט! באקוקט נישט קיין צונג, טאפט נישט דעם דופק, פרעגט אפילו נישט, צי האט זיך עמיץ אין דער משפחה געהאנגען און וואו עס טוט וועה — — — ער פרעגט נישט, און רעדט נישט א ווארט און לאזט אריין פארע!

און די פארע ווירקט, נאך ווי אזוי!

— געוואלד, ר' איד, — שרייען די קרובים דערשראקען, — עפעס ווערט ער דאך דער חולה אנגעבלאזען —

— גוט אזוי, — ענטפערט ער, ער וועט נאך ווערען גע־שוואלען...

און עס איז אמת, דעם צווייטען טאג זעהט מען שוין דעם חולה קיין אויג נישט ארויס.

די קרובים שרייען נאך מעהר געוואלד, און ער ענטפערט נאך קאלטבלוטיגער:

— גוט אזוי — ער מוז ווערען ווי אן אנגעבלאזענער פענכער!

און צום דריטען טאג:

— עוכר ישראל, ער שטארבט!

— מאלע, א מענש שטארבט! אבער וויפיעל האב איך גע־ראטעוועט?...

---

נאר דאס איז שוין פאר בעלי־בתים — — פאר סוחרים פון דער פראנצישקאנער גאס, פון גענשא גאס, פון די נאלעווקעס...

פראסטע אידען הענגען נאך אן רופאים מיט גוטע אידען...

צולעצט קומען ערשט די דאקטוירים...

גיטע געשעפטען מאכען די, וואס האבען שותפות מיט רופאים; בעסערע די, וואס האבען א שטיקעל שייכות מיט גוטע אידען...

א ז ו י דאקטוירים זענען נישט פון די גרויסע זאכען.

ס׳רוב זענען שולדיג די דאָקטוירים אַליין.

אין קאָרעניץ, למשל, איז געוועזן אַ דאָקטאָר, האָט ער גע־האַט צוויי מאָום׳ע חסרונות: ערשטענס, איז ער געוועזן אַ איד און אַ אידישען דאָקטאָר האָבען אידען, בפרט קאָרעניצער אידען, בפרט קאָרעניצער ליבאַוויטשער חסידים, נ י ש ט ליעב; צוויי־טענס, האָט ער זיך גאָרנישט אויפגעפיהרט ווי אַ דאָקטאָר: נישט פאַרשריבען קיין טייערע רעצעפּטען, טיילמאָל אליין פאַר אַן אָרע־מאַן אַ רעצעפּט געמאַכט; טיילמאָל איז ער גאָר ארויס פון די כלים און האָט איבערגעלאָזט ביים אָרעמאַן עטליכע גראָשען אונ־טער׳ן קישען, און דוקא נישט אויף אַ רעצעפּט, פון דעם האָט ער ווייניג וואָס געהאַלטען, נישט אויף „באַבסקע־רפואות״, אויס זיי האָט ער געלאַכט, נאָר אויף פּשוט עסען און טרינקען! ער האָט שוין געהאַט אַזאַ איינרעדעניש, אַז קראַנקע, ווענינגסטענס טייל קראַנקע, דאַרפען עסען און טרינקען...

אַ טשערקעסין ווײַנט און ברעכט די הענט, אויב דער מאַן שלאָגט זי נישט במשך פון אַ וואָך. „ער קוקט זיך אויף מיר נישט אום — קלאָגט זי זיך — ער זעהט מיך נישט! עס איז גאָר קיין מאַן נישט!״ און ביי אַ אידישער קאָרעניצער קהלה איז אַ דאָקטאָר, וואָס צאַפּט נישט קיין בלוט, מאַכט נישט רייך דעם אַפּ־טייקער און רייסט נישט אויס ביים אָרעמען קראַנקען די לעצטע קאָפּיקע, וואָס רייניגט נישט די קישקעס מיט דער קעשענע צו־זאַמען, ווי אַ הונט לעקט אויס אַ טעלער — קיין דאָקטאָר נישט...

און אַז נאָם האָט געהאָלפען און דער דאָקטאָר בלומבערג האָט זיך אַנגעשטעקט ביי אָרעמע לייט פון אַ טיפוס און מען איז זיינער פּטור געוואָרען, האָט מען איהם געלעגט הינטער׳ן פּלויט... און אַז זיינע גלייכען, דעם דאָקטאָרס קאָלעגען האָבען געבראַכט פאַר׳ן קבר ווענען אַ מצבה — האָט מען זיי נישט אַריינגעלאָזט!

---

און געגען וואָס, מיינט איהר, האָב איך דאָס אַלץ דערצעהלט?

איהר זאָלט נישט אַזוי מורא האָבען פאַר קרענק...

אַחוץ עין־הרע אָפּשפּרעכען, אַחוץ תוספות׳לעך אויף קרחת, אָפּ׳מאָוס׳ען רויזען... אַחוץ ציגיינערשע, זנאַכאַרשע און באַבסקע

רפואות, און אחוץ בעדער פאר רייכע לייט, האט איהר נאך: רופאים, דאקטוירים, גוטע אידען, און אזוי אידען, וואס היילען קרענק מיט פארע, מיט וואונדערליכע פלאסטער, מיט ווייס איך וואס...

## 14.

14טען אויגוסט, 1902.

אז מען לייענט אונזערע בלעטער, מיינט מען די ו ו ע ל ט געהט אונטער; די אידיש־רוסישע און די אידיש־רוסיש־פוילישע מיין איך. ריין גיפט זענען די בלעטער, א מרה־שחורה באפאלט, משוגע צו ווערען. און משוגע ווערען איז היינט קיין געשעפט נישט; עס פעהלט פלאץ פאר משוגעים אפילו אין ו ו א ר ש א־ו ו ע ר שפיטאל, און ארומלויפען משוגע'נעי־היים אין די גאסען — ב ר ר! א קעלט געהט דורך די ביינער —

און וואס א בלאט — א בכיה לדורות, וואס א נומער — א קלאג־ליעד! מען הערט נישט מעהר, ווי נאר חוסר־פרנסה, ציין אויף דער פאליצע; קרעמער זיצען גאנצענע טעג אהן א „פאר־טשאנטאק”, „גבירים טראגען ביינאכט אונטער די ארים דאס בעט־געוואנט צום מלוה, דערנאך — הענגען זיי זיך! שניידער לויפען ארום בארוועס, שוסטער נאקעט און בלויז, שטיינער־קלאפער האקען זיך מיט די האמער אין קאפ אריין...

גאנצע קהלות געהען, חס־ושלום, אונטער!

די קיעווער־קאוולער באהן האט, אויסמיידענדיג ראדא־מישל, ארויסגעווארפען דאס שטעדטעל פון דער האנדעלס־וועלט, אבער גאר אינגאנצען! הונגעריגע קרעמער באפאלען, אז מען דער־זעהט א קונה, ווי די היישרעקען, ווי די חיות רעות... בעלי־מלאכות געהען ארום „פוסטע־פאס” מיט גרינע פנימ'ער און פרעמד־פייערדיגע אויגען... און דער יקרות איז גרויס, צוואנציג קאפי־קעס א פונט פלייש...

עס זענען פאראן עטליכע רייכע בעלי־בתים, „מישען” זיי זיך נישט מיט ארעמע לייט! זיי לעבען זיך גאר באזונדער! א באזונדער שול, א באזונדער באד, א באזונדער רב, רבי צי ראבינער... (איך האב עס אויף גוי'ש געלעזען)...

זיי וועלען זיך נאך אפשר מאכען א באזונדער בית־הקברות... מיט אן אייזערנעם צוים, גאלדענע שפיצען... דעם ערשטען גביר—

א נפטר וועט אין דער התחלה זיין אביסעל אומעטיג, מיט דער צייט וועט זיך דער בית־הקברות, מיט גאָטס און די דאָקטוירימס הילף, פארפולען...

— „מען אנטלויפט פון יעקאטערינאָסלאוו... ווער קיין פּאַ־לעסטינא, ווער קיין ארגענטינא... אלע געשעפטען געפאלען, אלע האָפנונגען אויף בעסערע צייטען האָבען אָפּגענארט...“

איך ווייס נאָרנישט, ווען זיי זענען געוועזען...

— „אוסטילוג, וואָהלינער גובערניע... אמאָל א גרויסער האַנ־דעלס־פּונקט... צווישען וועלדער, ביים בוג... עס האָט געווימעלט פון דאַנציגער סוחרים, סקיפּער, שרייבער, שווימער, בינדער, בראַ־קירער, סאָרטירער, אחוץ פאַקטוירים... עס האָט געקאָכט, ווי אין א קעסעל — — היינט פּארוויסט!

די עמיגראציע וואַקסט פון טאָג צו טאָג, עס העלפט אבער נישט, דער דלות וואַקסט נאָך גשעווינדער...

פון די עמיגראַנטען קומען בשורות רעות; עס העלפט נישט — ערגער ווי שלעכט קאָן נישט זיין!“

— מען עמיגרירט פון אלע „סיעווערא־זאפּאדניע“ גובערניעס... קיין ענגלאנד, טראנסוואל, קאנאדא... וואו די אויגען טראָגען — דער הונגער טרייבט!

— „מען פארלאָזט אָפּ־ און נאָך־נישט־אָפּגעברענטע שטעדט און שטעדטלעך... פון פריש־פארברענטען קאמיעניעץ ליטאָווסק, גראָדנער גובערניע, גייען אויף דער וועלט ארויס עמיגראַנטען און אזוי בעטלער...“

— „אין ווילנא איז אן איינפאכער הונגער, בעלי־מלאכות כאַ־פּען זעמעל פון די שטעלען... אנדערע — בעטלען! וואָס־עס־איז ארבייט צו שאַפען, הייסט די פּאָליציי איבערפארבען די צוי־מען ביי די הייזער...“

— „דורך ענגשאפט, אומריינקייט און הונגער שטאַרקט זיך אין וואַרשוי דער פלעקען־טיפוס פון יאָהר צו יאָהר; ס׳רוב ביי אידען... אין יאָהר 1900 זענען געוועזען צוויי און זיבעציג אידען אויף ניין און ניינציג קראנקע; אין 1901 נישט בעסער: הונדערט דריי און פיערציג אידען אויף צוויי הונדערט דריי און פיערציג קראנ־קע, און אידען זענען דאָך נאָר א דריטעל איינוואוינער... דאָס יאָהר

1902 פיהרט זיך נישט בעסער: אין יאנואר איז געווען דריי־צען אידען אויף זעקס און צוואנציג קראנקע, פעברואר — נײַנצעהן אויף זיבען און דרייסיג, מערץ — פינף און דרייסיג אויף פופציג, אפריל — אכט און דרייסיג אויף ניין און פופציג..."
און נאָך, און נאָך...

---

און ווייסט איהר, וואס איך טו, אז איך לעז אזוינע ידיעות?
איך שטעה אויף, טו אָז דאָס היטעל, וואש מיר די הענט און בענש גומל, וואס איך בין געבוירען א איד, מיט א אידישער נשמה!
איך בין אַ איד, וואס איז געוועהנט פסח, זמן חרותנו, א מלך אויפ'ן הס'בעט, צו עסען אייער לסמן אבלות, און תשעה־באב, אין דעם שווארצען יאָהר־צייט פון אנהויב גלות, צו מאכען זיך א יום־טוב, נישט צו לעגען קיין תפילין און ווארפען זיך, שפּילענדיג, מיט בערעלעך, און אז עס פארפעהלען בערעלעך — מיט שוך און שטיוועל, מיט לייכטער, בענק און שטענדער...
איך בין א איד, און ב ט ב ע זוך איך פלעקען אין דער זון און ביי א פלעקי־געשפרענקעלט־געשטופעלטער אידענע — א שעהנע העויה, א ליעבליכען בליק...
איך בין א איד, א אידישע ביהן, און פון מ י י נ ע קאָ־רעספּאָנדענטען וועל איך אייך דוקא אויסשלאגען מעהר האָניג, ווי א גאנץ יאָהר!
ישועות ונחמות וועל איך אייך געבען!
עס איז נ י ש ט אזוי שלעכט; די וועלט נעהט אזוי לייכט נישט אונטער!
איהר גלויבט נישט?
הערט, וואס מען שרייבט:
— גאָלדענע געשעפטען מאכט מען ביי אונז אין מיראָפּאָל, וואָהלינער גובערניע...
און צו די גאָלדענע געשעפטען דארף מען קיין גאָלד, אפילו קיין געלט נישט האָבען; מען נעמט ארויס, כאָטש מען לעגט נישט אריין, אפילו נישט די האנט אין קאלט וואסער!

אַז אַ פֿרומער כּשר׳ער מיראַפּאַלער איד, אַ איד ווי אַ איד דאַרף זיין, וויל האָבען, אויסער לויתן, שור הבר און יין המשומר אויף י ע נ ע ר וועלט, כאָטש עטליכע מאָל אין יאָהר אַ פֿולקע געגזענעס, אַ שטיק פֿיש, אַ קאַרפּען־קאָפּ צי אַ מיטעל־שטיק, און אַ פֿיין גלעזעלע משקה אויף ד ע ר וועלט אויך, דאַרף ער קיין גרויסע זאַכען נישט טון, אפילו נישט אוועק למדינת הים. עס איז נענוג, אַז ער פֿאַרשרייבט זיך אין ח ב ר ה ק ד י ש א! עס פֿעלט אַמאָל אַ קאָפּיקע אין קעשענע אַריין אויך!

„אונזער געשעפֿט איז אַ זיכער געשעפֿט!“—זאָגען די שמשים און קלאַפּען פֿרעהליך צו צום טאַקט מיט דער צדקה־תציל־ממות־פּושקע...

„גאָלדענע געשעפֿטען!“ — זאָגען די גבאים און די חברה־לייט פֿון חברה־קדישא מיט אַ זיסען שמייכעל אויף די זאַטע פּנים׳ער...

און מיינט איהר — מען באַרייסט?

חלילה! דוקא מענשען מיט רחמנות, מיט אידישע הערצער!

אַט איז ערשט נישט לאַנג אַוועקגעקומען אַ אידישער לעה־רער... אַן אָרעמאַן... פֿאַרקרענקט דאָס לעצטע קישעלע פֿון אונ־טער׳ן קאָפּ... איבערגעלאָזט אַן אלמנה מיט יתומים — — מיינט איהר, מען האָט איהר די „בעבעכעס אויסגעזעצט“? חס־ושלום! איינגאַנצען אַ פֿינף און צוואַנציגער באַצאָהלט! קוים אַן אַכטעל פֿון דער סומע, וואָס די בני־חת האָבען באַקומען פֿאַר די מערת המכפּלה — און יענעס איז דאַך געווען אויפ׳ן עהרליכען וואָרט, אויף „ביני ובינך מה הוא“...

---

און, למשל, אין פּוילען...

די אָרומיגע שטעדטלעך ביי מראַזי זענען אָפּגעפֿאַלען, ווייל די קריסטליכע בעלי־בתים פֿון די מראַזער זומער־וואוינונגען לאָ־זען קיין אידען נישט אריין... דערפֿאַר הויבט זיך קאַרמשיעוו און־טער אָטוואָצק און אויך דורך דער חברה־קדישא... עטליכע מאָל אין יאָהר טרעפֿען זיך מתים אין אָטוואָצק, און וואָס פֿאַר אַ מתים, — וואַרשאַווער. סאַמע דייטשען כּמעט! מען נעמט צו ביז׳ן לעצטען

גראַשען, דעם בר־מנן שמייסט מען אָפּ נאָך דער טהרה, ער זאָל אביסעל אָפּקומען אויף דער וועלט און — געלט איז דאָ!

און דאָס געלט, חס־ושלום, גערט נישט לאבוד... מען וועט דערפאַר, חלילה, צוריק נישט אויפבויען די איינגעפאַלענע שול, קיין שויב אין בית־המדרש נישט אריינשטעלען, נישט ארומצוימען דעם בית־הקברות...

אין זומער־צייט האָט קאַרטשיעוו ס ע ז אָ ן. קאַרטשיעוו בליהט און שטעהט אויף תחית המתים צוזאַמען מיט וואַלד און פעלד, מיט די פייגעל צוזאַמען קלינגען פרעהליך־נחת'דיג די קאַר־טשיעווער זמירות...

גאָלדענע געשעפטען!

---

און ווייסט איהר פאַר וו אָ ס גאָלדענע געשעפטען?

ווייל עס איז חברות!

קוים א חברה (פרעגט לעוויצקי'ן!) איז שוין גוט!

ביי אַן אָרעמאַן, אַז מען גיט יעדען אויף א באַזונדערען טעַ־לער, זעהט מען אַרוים דעם דנאָ, אַז אפילו א פליג וועט נישט דערטרונקען ווערען! אָבער אַז מען עסט פון איין שיסעל, פרע־הען זיך כּאָטש די אויגען!

דעריבער געהען חברות אין דער מאָדע אַריין!

אין וואַרשוי מאַכען „יד אחת" שניידער, שוסטער, שמוק־לער... אין ל י ט ו ו י ש ע שטעדט — אפילו מלמדים מיט קצבים!

אוים קאָנקורענץ!

איין מלמד וועט שוין נישט זאָגען דעם צ ו ו י י ט ע ן: דו לערענסט א י י ן פרשה חומש א וואָך, איך וועל לערנען צ ו ו י י. דו לערענסט תרגום א ו נ ק ל ס, איך וועל לערנען אונקלס מיט י ו נ ת ן ב ן ע ו ז י א ל! דו שמייסט דורך דעם עולם א י י ן מאָל אין וואָך, — טאָג־טעגליך וועל איך שמייסען, איך זאָל אפילו א האַרץ־פעהלער באַקומען! בלוט וועט רינען!

און איין קצב וועט נישט זאָגען דעם צווייטען: דיר להכעיס וועל איך וועגען עהרליכער, פאַרקויפען ביליגער; אַז אמת'ען מאָרך־

ביין געבען פאר א צולאג און קיין פגירה־פלייש וועט אויף מיין קלאץ נישט קומען!

יר אחת וועט זיין: איין תורה, איין קאנטשיק צו אלע מלמדים; איינערלייביינער און איינערליי וואג — אויף אלע קלעצער, ביי אלע קצבים!

אפילו שוחטים, אויסגעווייקטע פרומע שוחטים, מאכען יד־אחת און פארלאנגען צוויי גולדען הוספה אויף דער בהמה. די קצבים ווילען נישט, זיצט די פוילישע גובערניע־שטאדט קיעלץ שוין א צייט אהן פלייש!

און די שוחטים וועלען אויספיהרען!

יעדער שוחט פאר זיך איז א ווייך ריטעל, וואס א קצב בויגט זיך ארום פינגער, אבער אלע צוזאמען זענען א בעזעם! א בעזעם פאר די קצבים, א בעזעם פאר קיעלץ!

---

און אפילו טייל ווארשעווער דאקטוירים ווילען זיך מאכען א חברה: איינער פאר אלע אין דער חברה און קענען אלע אויסער דער חברה, און די גאנצע חברה פאר יעדען פון דער חברה און קענען אלע אויסער דער חברה!...

און עס וועט אפשר געראטען. עס האבען זיך שוין פארשריי־בען ספעציאליסטען; עלעגאנט־שמעקענדיגע דאמען־טרייסטער, גאנץ־אויבערפלעכליכע הויט־קראנקהייטען־היילער, טיף־ערנסטע דאקטוירים פון דער אקושעריע, טיף־זיניגע מאגען־פארשער: אחוץ נערווען־עלעקטריזירער, בייטעל־שניידער, קאפ־צופער, ציין־דריי־סער, נאז־ברענער וכדומה... מען זאגט: עס ווילען אריין צו צוויי פאר ספעציאליסטען, ווי די עופות טמאים אין נח'ס תיבה...

די חברה האט שוין אפילו תקנות געמאכט!

שוין אויפגעשריבען! מען דארף נאר די תקנות איבערלעזען, אננעמען און דערנאך — דערנאך וועלען זיין גאלדענע געשעפטען!

איהר זאלט נישט מיינען, איך שפאס, ווי אויך צוליעב די דאקטוירים פון דער פראווינץ, גיב איך אייך דא איבער עטליכע פון די תקנות:

1) יעדערער פון דער חברה איז מחויב צו באמיהען זיך צו

האבען וואס מעהר פראקטיקע; די, וואס ער האט, צו האלטען מיט די ציין, נייע זיך צו שאפען מיט אלע כוחות, מיט גוטען און מיט בייזען, כדי ער זאל קאנען וואס מעהר פראקטעזשירען זיינע חברים!

צו דעם צוועק זענען פאראן פארשידענע עצות; עטליכע נאט אייך:

6) מען מוז זיך אויפפיהרען פיין און גוט, ווי א מענש מיט הארץ...

איז קראנק א קינד, בפרט א ציטעריג קינד, זאל מען גלעטען די מוטער... זי מעג זיין מאוס, מען דארף גערענקען, אז מען אר־בייט לטובת הכלל.

אין פאדער־הויז מוז מען צושמייכלען דער דינסט; ס'רוב האט זי אויך א דעה...

באמערקונג: דאס איז נאר נוהג ביי רייכע פאציענ־טען. ארעמע איז בעסער צו האלטען פון ווייטען, טראקטירען פון דער הויך... ווינטער מעג מען צו אן ארעמען קראנקען אריינפאלען פארשנייט און אין פאלטא מיט די קאלאשען, ארויסכאפען דאס קינד פון וויג און צולעגען מיט די לונגען צום אויער... עלטערע נישט צולאזען צו זיך, מאכען פאר זיך מיט'ן שטעקען, ווי א מיהל — פון ווייטען באזעהן די צונג...

7) ביי רייכע קראנקע — ווארטען, ביז מען וועט ברענגען דאס פלעשעלע פון אפטייק און אליין איינגעבען דאס ערשטע לע־פעלע. ביי די מיטעלמעסיגע בעלי־בתים הייסען זיך שיקען זאגען, ווי דאס קינד איז ביינאכט געשלאפען...

11) עטליכע וואכען נאכ'ן געזונט ווערען פון קראנקען, אריינ־פאלען אמאל און פרעגען, וואס עס הערט זיך. נאר דערפאר קיין געלט נישט נעמען. מען זאל אפילו האבען א פול מויל מיט וואסער!

23) די קראנקע, און אלע אהום קראנקען, דארף מען איבער־שרעקען... אלץ אויפבלאזען, ווי א לונג און לעבער, מען דארף מא־כען: פון א קאטאר — אן אנצינדונג, פון בויך־וועהטאג — א טי־פוס, פון א פשוט'ער אנגינא, קוים דאס העלזעל רוימעלט זיך — אסכרה; בעסער נאך דיפטעריט און רופען א ספעציאליסט פון דער חברה. ער זאל אריינשפריצען סוראוויצע...

לאזט זיך בלוט פון דער נאז — א פאליפ, און באלד, טאקע תוך כדי דבור, אפשיקען צו א ספעציאליסט א חבר צום אויס־ברענגען!

פון א בראדאווקע איז לייכט צו מאכען א בייז־ווילד־פלייש, און כאטש דריי הברים רופען צו א קאנסיליום...

פארדרייסט זיך א נאגעל, זאל מען דערמאנען אין גאנגרענע...

און נאך, און נאך...

און דער טעם דערפון איז א פשוט'ער! ממה נפשך: ווען אויסגעהן צו גוטען, איז ער דאך טאקע א דאקטאר, נאך ווי הייבט א דאקטאר! סכנת־נפשות געווען! און ווען, חלילה, נישט — על כל פנים — האט ער פ ר י ה ע ר געוואוסט, „א שטיק נביא איז ער“...

און, אז דער עולם ארום, מיט'ן קראנקען צוזאמען, זענען שוין גוט איבערגעשראקען, זאל מען זיך נעמען צו דער ארבייט בכח — „איבערצורייסען“ אדער „פארכאפען“ די קרענק! פיאווקעס, באנקעס, אלערליי פלעשער, פולווער, שפריצען אונטער די הויט, צו א יולדת באלד צו מיט דער צוואנג... דער עולם זאל זעהן, אז מען טוט, מען ראטעוועט...

אזוי זאגט פאראגראף צוויי און זעכציג!

און, דער עיקר איז, שטענדיג צוצוציהען איינעם פון דער חברה.

קומט אמאל אויס, מען מוז צורופען איינעם נ י ש ט פון דער חברה, למשל, ביי אויגען (קיין אקוליסט האט זיך נאך נישט פארשריבען), זאל מען רופען איינעם פון י ע נ ע ר זייט וואד־שוי... מען זאל איהם נישט האבען אונטער דער האנט! אזוי זאגט פאראגראף זיבען און אכציג!

אויסער דעם איז פאראן א גאנצער פרק, ווי אזוי מען זאל זיך נוהג זיין, אז מען קומט צו א קראנקען, וואו אן אנדער דאק־טאר, נישט פון דער חברה, איז שוין געוועזען. איז עס א יונגער געווען, לאז מען פשוט ארויסווארפען דעם רעצעפט דורכ'ן פענס־טער; אדער מיט בזיון, אדער מיט כעס, ווי עס פאסט... איז עס אביסעל אן עלטערער — זאל מען א קרים טון מיט דער נאז און זאגען: א גוטער רעצעפט, נאר א י ך האב א בעסערען, א פריי־

שערען, ערשט א ניי מיטעל, ערפונדען אין פאריז... און פארשרייי־בען זאל מען דוקא דאסזעלבע, נאר אויף אן אנדער אופן. איז גע־ווען א פלעשעלע, זאל זיין פולווער און פארקערט... טיילמאל עפעס צוגעבען; נאך א פיאווקעלע, א שפאניש־פליגעלע, באדיי א פלעס־טערל...

ווי איהר זעהט, אויב די חברה וועט זיך מאכען, און עס האלט דערביי, וועט זיין פרנסה, וועלען זיין גאלדענע געשעפטען!

נישט אומזיסט האט דוד המלך געזאגט: לכו והתפרנסו זה מזה!... נאגט איינער דעם צווייטען!

איך בין אייך מבטיח, אז עס וועט גוט זיין, אויסער, אז עס וועט זיך מאכען נאך א חברה!

---

ווארים, ווי קאן זיין א בעסער געשעפט, ווי חברה־קדישא, און פונדעסטוועגען ליגט אין וואסילקאוו, גראדנער גובערניע, שוין א צייט לאנג הונדערט און פופציג רובל קבורה־געלט און קיינער לעקט נישט אפ א ביין... און ווייסט איהר פארוואס? ווייל עס זענען פאראן צוויי חברה־קדישות...

די הונדערט און פופציג רובל קאנען אזוי ליגען „עד שיבא אליהו“, ליגען גאנץ, ווי א טויטער אינדיק צווישען צוויי הינט. וואס שטעהען זיך אקעגען איינער דעם אנדערען, ביידע בילען און איינער לאזט דעם צווייטען זיך נישט ריהרען מיט א צאן!

הכלל, חברות, מאכט חברות! דאקטוירים, אדוואקאטען, אינ־זשענירען...

דאך נישט אלע דארפען חברות...

שוואכע קעניגלעך האלטען זיך צוזאמען, לייבען געהען שוין יעדערער באזונדער... גוטע אידען דארפען קיין חברות נישט, יע־דערער לעבט זיך אויף זיין אייגענער פויסט!

הערט, למשל, וואס מען שרייבט פון לובאמיל (וואהלינער גו־בערניע):

— ער איז געקומען איינער אליין, ר׳ לייב צדיק... און גע־

עפּענט האָט ער זיך זיין קרעמעל פון בנן, חיי, מזוני מיט א צולאָג אביסעל נביאות אין אז אכסניא, און ער לייזט, ברוך השם. דער עולם לויפט, ווי נאָך מצה־וואסער! ער — מאכט נ אָ ל ד ע נ ע נ ע ש ע פ ט ע ן...

זעהט איהר שוין — עס איז נ י ש ט אַזוי שלעכט!

## 15.

21טען אויגוסט, 1902.

היינט וועט נעהן נאך א נייע סדרה.

די פ א ס ט איז צו קליין, ווענינ נייעס!

די קארעספאנדענטען, ווי עס זעהט אויס, זענען זיך צולאָפען: ווער אויף פרישע לופט, ווער אין בעדער, ווער קיין אמעריקא, ווער קיין טראנסוואל...

נאר שרעקט אייך נישט, עס איז נישט קיין „בכיה לדורות"... פון „פרישע לופט" און בעדער קומט דאס רוב צוריק, און אפילו די, וואס זענען געפאהרען קיין ט ר א נ ס ו ו א ל, וועלען אויך, אם ירצה השם, צוריק קומען! עס ווייזט זיך אויס, אז ענגלאנד, וואס האט געשלאגען די בורען, ווייל זיי זענען זיך שלעכט באַגאנגען מיט פ ר ע מ ד ע און נישט אויף דער רנע צוגעלאזט צום קרעפעל, אז דאסזעלבע ליבעראלע ענגלאנד האט, נאכ'ן איינ־נעמען טראנסוואל, די גרענעצען פארשלאסען, און לאזט קיין פרעמ־דע נאר לחלוטין נישט אריין!...

און די אמעריקאנער וועלען אויך נישט פעהלען; איבער דער וואך וועלען, מיט גאטס הילף, אויף זייער ארט אויפוואקסען נייע, שפאגעל־נייע קארעספאנדענטען! און — „נייע פיינעל — נייע ליעדער" — זיי וועלען אפשר באריהרען נייע זייטען פון אידישען לעבען און נישט שטאפען אייך אלץ מיט סאמע אלטווארג: מיט קאראבקע, כלי־קודש, חברה'לעך... סיי־ווי־סיי — שרייבען וועט מען; אויב „שרייבען" איז נאך קיין געשעפט נישט, א יצר־הרע איז עס!

און א י ך, פון מ י י ן צד, זאג אייך צו מויערען דורכ־צוברעכען און שטעדט און שטעדטלעך זאלען זיין!

דערווייל אבער וועלען מיר זיך פארנעמען מיט די הכחשות, וואס זענען איינגעפלאכען. זייט איך האב מיך ביי אייך פאר א „ביהן" נעשטעלט! מיט די האלבע און גאנצע פראטעסטען, וואס איך האב איבער דער קורצער צייט באקומען.

און איך טו עס גאנץ נערנווייליג.

איך האב אייך קיינמאל נישט ערב געווען פאר'ן מאטעריאל, פון וועלכען איך בוי די „שטעדט און שטעדטלעך"... נישט מיין מא־טעריאל; האט מען מ י ך גענארט, האב איך א י י ך גע־נארט!

און ווערט זיך אויסווייזען, אז איך א ל י י ן בין אריינגע־פאלען, איז אויך, חס־ושלום, קיין אומגליק; וועל איך אויף דער שטעל חרטה קריגען, קלאפען זיך אין הארצען אריין על חטא: חטאתי, עויתי, פשעתי און — וועל ווייטער שרייבען!... וועט זיין „אחטא ואשוב" — א דאנה איך האב!

און במבע בין איך גארנישט קיין „כיון־שהגיד־שרייבער", איך בין קיינמאל קיין עבד־כנעני נישט צו דעם, וואס איך האב געזאגט, געשריבען און אפילו נעדרוקט!

איך בין אפילו מודה על האמת — אז איך בין די פ ע ס ט ע שרייבער נישט מקנא!

און ווייסט איהר, פארוואס איך בין זיי נישט מקנא? ווייל די פ ע ס ט ק י י ט איז נישט פון א י נ ע ו ו ע נ י ג. נישט די נ ש מ ה איז ביי זיי פ ע ס ט... נאר פארקערט: דאס זענען ס'מעהרסט ו ו י י כ ע און דערצו נאך אזוינע ש ו ו א כ ע מענשען, אז זיי קאנען די פארע, וואס זיי לאזען ארוים פון איי־נענעם מויל, פון זיך נישט אוועקבלאזען!... די פארע האלט זיך ארום זיי, זי קלעפט זיך צו זיי צו, זי ווערט פארגליווערט, פאר־הארטעוועט, פארשטיינערט אויף זייערע פנים'ער, און דער שריי־בער זעהט רעריבער אוים ווי א נ ע ה ע נ ד י ג ע מצבה! גלייך מען וואלט איהם אפגע'טובל'ט אין א קארלסבאדער הייסען שטרו־דעל! דעם קאפ נישט איבערצודרעהען! — —

און דערפון טאקע האלט איך נישט! קוים ווייס איך, אז איך בין קיין שכור נישט, בין איך נישט מחויב צו ווייזען א קונץ, אז איך געה שטענדיג אויף איין ברעט! אונזערע ליטעראַרישע ארזי הלבנון זענען אפשר שעהן, נאר זיי וואקסען נישט, בליהען נישט, און א בליץ מיט זיינע זינגזאנגען געפעלט מיר פארט בעסער...

און אז איך בין שוין אראפ אין א זייט און רעד וועגען די, וואס איך בין נישט מקנא, מוז איך אייך שוין זאגען, וועמען איך פלעג אמאל י א מקנא זיין — די פיין־שרייבער!

איך פלעג מיר זאגען: רבונו של עולם, די וועלט דארף פער־פומעס צום לייב. צו די האר... און די וועלט (אויסער דאס ביסעל קבצנים) דארף לעדער אויך אויף שיך, שטיוועל און האנטשוה... פארוואס זענען מיינע חברים פערפומעס־מאכער און איך דוקא א גארבער, און מוז בייטשען און שניידען דאס פעל פון אלערליי חיות ובהמות?

פארוואס האט מען מיר געגעבען אין דער האנט אריין א בע־זעם פאר א פענזעל, און געשטעלט מיר א שאף סמאלע במקום פארב און געהייסען — שמירען!

און וואס מעהר איך שמיר, פינסטערער ווערט מיר פאר די אויגען, ווארים די, וואס איך שמיר, — קהל'ס־לייט, בעלי־בתים, יחידי־סגולה, גבאים, כלי־קודש — די אלע קומען ארויס, ווי די קוימען־קעהרער, ווי די מלאכי־חבלה!

צי וואלט איך נישט געקאנט — פלעג איך מיך קלאגען — א ו י ך זיין א פיין־שרייבער און טונקען א רויזענשטענגעלע אין רויזענאויל און גלעטען די בעקלעך ביי דער כנסת־ישראל!

דאס אלץ אבער איז געוועזען אמאל...

ה י י נ ט זאג איך: גם זו לטובה!

פיין־שרייבער באקומען קיין הכחשות, קיין פראטעסטען נישט... זיי רינגלען ארום סאמע כינעזישע פיגורלעך, וואס שאקלען מיט א פארגליווערטען זיסען שמייכעל די שפילקע־קעפלעך: יא, יא! (אויף לשון־קודש: חן, חן!) און קיין איינציגער פון די פיין־שרייבער וואלט היינט אויף מיין ארט קיין שטערט און שטעדטלעך נישט געהאט...

און אצינד, אז איך האב מיר שוין אביסעל אפגערעדט פון הארץ, וועלען מיר זיך נעמען צו די הכחשות!

---

און פריהער פאר אלעם מוז איך מיר קלאפען אין הארץ אריין על חטא שחטאתי כנגד הגעאגראפיע...

לויט מען שרייבט מיר, האב איך עובר געווען אויף „לא תוסיף“ מיט „לא תגרע“, איך האב זי געשלאגען, די געאגראפיע, מיט „חסיר“ ו„יתיר“; עטליכע שטערט און שטעדטלעך האב איך

איבערגעוואָרפען פון זייער גובערניע אין פרעמדע גובערניעס אריין. עפּעס א קרעה־ווינקעל האָב איך מיט איין שטראַך מיט דער פּע־דער געזאָלט איבערטראָגען ת"ק מאות פרסא...

עס קאָן זיין, אז שולדיג איז דער בחור הזעצער, וואָס קראַצט מיך שטענדיג אין דער זיבענטער ריפּ מיט זיינע גרייזען...

עס קאָן זיין, אז שולדיג זענען די קאָרעספּאָנדענטען (בפרט די יונגע, וואָס שרייבען נאָך אויף געווירעט פּאַפּיר), וואָס נוצען ס'רוב פּאַפּיר גרינס, טינט ווייסע, און שרייבען פּאַרציקט, מלאכים־כתב, שבועות־רויזעלעך...

און אפשר בין איך אליין שולדיג, וואָרים באמת — איך קען קיין געאָגראַפיע נישט, און דעריבער טאָקע, זאָג איך קיינמאָל קיין עצה נישט, וואוהין מען זאָל פאָהרען... טייל ערטער, מיין איך, אז זיי זענען אין טיף רומעניען און זיי ליגען נאָר אין דער „טשער־טא" וכדומה... סיי־ווי־סיי, איך נעם די זינד אויף מיר; חטאתי, עויתי, פשעתי...

עס איז מיר נאָר א וואונדער אויף די פּראָטעסטאַנטען — כדאי אויף דעם פּאָסט־מאַרקען צו לעגען?... איך הויב אָן חושד צו זיין, אז אָדער עס זענען גלאַט פאַנאַטיקער און וואָלטען זיך גע־לאָזט שניידען, פאַרוואָס עס איז פאַר אַן אמת, אָדער — די פּאָסט־מאַרקען זענען ג ע װ א ש ע נ ע...

---

דורכגעהענדיג, האָב איך אמאָל דערמאָנט דווינסק (די גובער־ניע וועל איך שוין נישט זאָגען). כלאחר יד האָב איך אָנגעריהרט די דווינסקער בעל־בתי'שע טעכטער. איך האָב דערצעהלט, אז דווינסקער בעל־בתי'שע טעכטער האָבען זיך פאַר'ן לעצטען פּסח נעשטעלט לשם־שמים צום פּאָדריאַד און האָבען געבאַקען מצות פאַר אָרעמע לייט.

און איך בין אריינגעפאַלען!

צום פּאָדריאַד האָבען זיך נאָר געשטעלט אָרעמע פאַבריק־מיידלעך! דאָס האָבען ז י י, די אָרעמע מיידלעך, נאָך פיער־צעהן צי זעכצעהן שעה אַרבייט אין פאַבריק, געשטעלט זיך אויף גאַנצע נעכט צו דער אָרעמער מצה...

א' דער אומגליקליכער נומער „יוד“, וואו די מעשה איז גע־שטאנען, איז געקומען קיין דווינסק, איז געווארען א רעש, א מהומה! „גאנץ דווינסק — האט מען געשריבען — קאכט! קללות הענגען אין דער לופט. ס'טייטש, אזוינס אויסטראכטען אויף אידישע בעל־בתי'שע טעכטער!“

מילא — כל־זמן דווינסק האט געקאכט, האב איך געשוויגען. מיט בייזען פיהרט מען ביי מיר נישט אויס! נאר היינט, אז דווינסק האט זיך, ווי דער גיהנום איבער שבת, אפגעקיהלט, טו איך איהר צוליעב.

איך בין מודה ומתודה, אז איך האב א טעות געהאט, אז די העכערע דווינסקער טעכטער האבען צופיעל געשמאק, צו ווייסע אדער ראזיגע הענט, ווי אויך צו פיעל נדן — זיי זאלען זיך שטע־לען צו א „מיירע“...

איך קלאפ מיר ווייטער אין הארץ אריין: חטאתי, עויתי, פשעתי!

מיט די פאבריק־מיידלעך וועל איך מיך ערגעץ אנדערש, צי אן־אנדערש מאל אפרעכענען!

ווארים באמת — ארבייט איז טאקע הייליג, אזוי זאגט קהל און רב און דאס גאנצע פעקעל בעלי־בתים, און נישט דוקא דווינס־קער, אבער פיערצעהן צי זעכצעהן שעה איז לכל הדעות גענוג...

---

אצינד געהט א גראבע הכחשה, און הכחשה בעל־פה...

ביי מיר איין שטוב און הכחשה!

עטליכע וואכען צוריק, איין א שעהנעם העלען פריהמארגען (אסך ראמאנען הויבען זיך אזוי אן אויפ'ן פאפיר, באמת איז די לבנה מעהר בר־מזל דערצו), הכלל — צומארגענס עטליכע וואכען צוריק, קומט צו מיר אריין א הויך־געוואקסענער יונגערמאן אין א גאליצישען קאפעלושעל — פארשטעהע איך שוין א כלי־קודש.

און א שעהן שטיקעל כלי־קודש. א ה ו י כ ע ר יונגער־מאן, א געוואשענער. דאס בערדעל פארקעמט, א קאפאטע — קיין מעשה נישט, ריין, אפילו אביסעל עלעגאנט. א פאר אויגען גארנישט קיין נארישע! אביסעל קאלטליך, אביסעל דורכבוירענדיג, אביסעל

אומרוהיג, נאר קלוג !... דאס איז א מענש — טראכט איך — וואס האלט זיך נישט פאר מחויב צו קוקען נאר זיך און יענעם אויף די פיס, ער קוקט אמאל אפשר אין הימעל אריין אויך!

איין האנט האלט ער ביים גארטעל, און דער גארטעל — א פיינער, א זיידענער, די צווייטע האנט ביים קאפעלוש. ער קלערט: יא אראפנעמען, נישט אראפנעמען. עס בלייבט יא, און עס באַ־ווייזט זיך א יארמולקע, א שפיצינע, נאר אהן פעדערען, א פיינע שווארץ־סאמעטענע יארמולקע.

עס מאכט זיך א שמועס:

— גוט מארגען.

— גוט יאהר.

— מיט וועמען האב איך די עהרע?

— ווארשעווער דיין...

— א! זעהר אנגענעהם — זיצט.

ער דאנקט און זעצט זיך...

— וועמען אדער וואס האב איך צו פארדאנקען — — —

— אזוי... איהר זייט דאך די „ביהן"?

— איינמאל אין דער וואך...

— האב איך געוואלט זעהן א „ביהן", וואס בייסט אזוי רבנים...

— נישט דוקא רבנים...

— דער עיקר...

— אפילו נישט דער עיקר... ביי מיר איז אלץ איינס א שטריי־מעל, א ספאדעקעל, א קאשקעטעל, א צילינדער — וואו חיונה...

— סיי ווי סיי איז דער מיין: חלול השם, מבזה זיין די תורה־הקדושה, אפשוואכען אידישקייט...

בייז ווערען טאר מען נישט, א י ך בין דאך בעל־בית, ע ר — מיין גאסט, זאג איך געלאסען:

— איהר האט א טעות, רבי! ווער עס וויל אפשוואכען אי־דישקייט, וועט אזוינע רבנים, וואס איך ביים, אויסשמירען מיט האניג! וואס מעהר אזוינע רבנים — מעהר חלול־השם, מעהר בזיון פאר דער תורה... וואס מעהר איהר דערווייטערט זיך פון לע־בען, מעהר דערווייטערט זיך דאס לעבען פון אייך! וואס וועניגער איהר פארשטעהט דאס לעבען, וועניגער גלויבט מען אייך, ווארים...

— זייט מוחל, איך וויל מיט אייך קיין וכות נישט האבען...
איך האב אייך נאר געוואלט זעהן, און — —

— און וואס נאך?

— און זאגען אייך — — —

— אז וואס?

— אז מיין חבר ר' פתחיה'ן האט איהר א גרויסע עולה געטאן... איהר ריהמט דאך אייך מיט גוטהארציגקייט, מיט מענשליכקייט, מיט עהרליכקייט — און עולות טוט איהר — — —

— וואס פאר אן עולות?

— למשל ר' פתחיה — —

— וואס זיצט אין וו א ר ש ו י און האט ארויסגעגעבען א הכשר קיין ו ו י ל נ א אויף געברידער פאפאוו'ס טיי פון מ א ס ק ו ו ע?

— יא...

— ער איז טאקע געוועזן אין מאסקווע? אראפגעכאפט זיך בסוד?

— חס־ושלום, נישט געריהרט זיך פון ארט!

— וואס דען? געברידער פאפאוו האבען צוליעב דעם הכשר איבערגעשיקט דעם גאנצען לאגער טיי פון מאסקווע קיין ווארשוי צו ר' פתחיה דין?

— איהר מאכט חוזק... ר' פתחיה, מוזט איהר וויסען, קאן לערנען, ער האט נאר געמאכט א גזרה־שוה אויף טיי פון ווייץ...

— דהיינו?

— איהר ווייסט, ווי אזוי מען איז מכשיר, למשל, א קופע ווייץ אויף פסח?

— נו?

— פארגעסען, נעבעך! א נארישקייט, זאגט מען, געדענקט זיך; איהר האט דאך אין חדר געלערנט... שיט מיט גמרא־ווערטלער, ווי מיט באבקעס... הא? אפנים נ י ש ט קיין נארישקייט און דעריבער פארגעסען? וואס?

— רבי, אפשר צו דער זאך?

— זאל זיין צו דער זאך, וכוחים האב איך פיינט...

על פי שלחן ערוך, אז מען דארף דורכקוקען א קופע ווייץ אויף פסח, איז מען מחויב איבערצוקוקען קערענדעל ביי קערענדעל...

מען געהט צו צו דער קופע, מען נעמט ארויס פון דריי ערטער צוּ־ביסלעך ווייץ, מען קוקט זיי דורך, טאקע שוין קערענדעל ביי קערענ־דעל... און — אויב אין די אלע דריי ביסלעך געפינט זיך נישט קיין אויסגעוואקסען קערענדעל, קיין חשש פון א צומישונג פון אן אנדער חמץ — איז מען מכשיר...

— וואס איז מען מכשיר?

— די קופע ווייץ?

— נישט דעם פריצ'ס ווייץ פון אלע קופעס, פון אלע שפייכ־לער, פון אלע פאלווארקען?

— ניין... יעדע קופע פרוּווט מען!

— און וואס האט ר' פתחיה געטאן?

— ער איז אריינגעגאנגען אין פאפּאווס א סקלאד...

— אין מאסקווע?

— איך האב דאך אייך שוין געזאגט, ער איז אין מאסקווע נישט געווען!

— אין ווילנא?

— אויך נישט, אין א ווארשעווער סקלאד איז ער אריינגע־גאנגען... אראפּגענומען פון דריי שענק צו איינציגע פעקלעך טיי, דורכגעקוקט, קערענדעל ביי קערענדעל... גארנישט געפונען, קיין חשש חמץ נישט געפונען...

— און מכשיר געווען דעם ווארשעווער סקלאד?

— א! אזא חכם זענט איהר!

— איהר גלייכט טאקע טיי צי ווייץ! איהר מיינט, עס איז גאר איינגאנצען גלייך?

— איהר האט א טעות. הוא אשר דברתי — איהר האט אפשר אמאל געקאנט, נאר פארגעסען...

טיי איז נ י ש ט געגליכענט צו ווייץ...

טיי איז גלאט כשר!

וואו קומט חמץ צו טיי? אדרבא. איך פרעג אייך?

— נאר וואס דען גיט מען הכשרים אויף טיי?

— דאס איז שוין ר' פתחיה נישט שולדיג...

— ווער דען, איך בין שולדיג?...

— נישט ע ר און נישט א י ה ר! שולדיג (שולדיג? עס רעדט זיך נאר אזוי...) שולדיג איז וויסאצקי...

— דער נדיב?

— יא! דער טיי־פאבריקאנט...

— דער מיט די קרן־קימת'ן...

— דער אייזענער... יעדער איד האט זיך זיין טבע: דער וויסאצקי האט א טבע צו רעש'ן! גיט ער א קערבעל, גיט ער עס מיט קולי קולות... להבדיל, ווי די תורה אויפ'ן בארג סיני — מען פייפט, מען דונערט, עס קלינגט אין אלע צייטונגען, עס בליצט פאר די אויגען...

איך בין נישט אזוי פארפרומט, ווי איהר מיינט. איך לעז (אפילו בסוד) „הצפירה", „המליץ", אפילו „בודושטשנאסט" און „וואסכאד"...

— דעם „יוד" אויך...

— ניין, אידיש האב איך פיינט... יענע לעז איך... כ'וויל וויסען... מילא — שווינדעלט מיר פאר די אויגען פון וויסאצקי'ס נדבות... דא געטיילט, דארט געטיילט, דא געבלאזען, דארט געדונערט — טעלעגראפען, ווי ביי א פארצייטיגען פאדריאטשיק...

און אז אזא איד האט טיי, בלאזט דער שופר ווענען טיי... דארף ער הכשרים, פון דעם, פון יענעם רב, פון מ א ה רבנים...

נו, אז וויסאצקי האט א הכשר, וויל פאפאוו אויך א הכשר...

א ה כ ש ר אויף כ ש ר מעג מען געבען...

— און אומזיסט געלט נעמען אויך?

— א! אייערע זאכען! איהר האט ליעב רבנים צי צדיקים, וואס האקען אליין האלץ און הייצען איין ביי ארעמע אלמנות... א רב דארף אויך עסען... און אז מען וויל עסען, מוז מען — — —

— פארקויפען די תורה־הקדושה, אויפ'ן קווינט און אויפ'ן לויט...

— חס־ושלום! די תורה־הקדושה פארקויפט מען נישט! אז מען קומט א שאלה פרעגען, כשר צי טרפה, ענטפערט מען אומזיסט, גאר בחנם — — קהל צאהלט נאר שכר־בטלה — דער בעל־דין גארנישט, אויסער א פשר!... הכלל—אז מען פרעגט, ענטפערט מען אומזיסט... ווי איז אבער דער פאל, אז א בעל־דבר הייסט זיך דעם ענטפער אויפשרייבען! שרייבען איז שוין קיין תורה נישט, נאר א מלאכה, דערפאר קומט שוין געלט... איהר נעמט נישט פאר שרייבען?

און אצינד, אז עס זענען מיר אלע קשיות פארענטפערט גע־ווארען, אז איך ווייס שוין, אז טיי איז יא גלייך צו ווייץ און נישט גלייך צו ווייץ, אז א הכשר קאן זיין אויף כשר, אז געלט נעמט מען נאר פאר שרייבען, רוף איך מיינע ווערטער געגען ר׳ פתחיה׳ן צוריק...

חטאתי, עויתי, פשעתי —

מודה ומתורה בין איך, אז איין שאלה איז מיר געבליבען: פארוואס געפינט זיך נישט קיין בית־דין־צדק, למשל, אין ווארשוי, וואס זאל איינמאל מכריז ומודיע זיין, אז טיי דארף קיין הכשר נישט?

נאר איך האב א תירוץ אויף דער שאלה: איידער מען איז מכריז ומודיע, מוז מען די מודעה אויפשרייבען, שרייבען איז א מלאכה, פאר א מלאכה קומט געלט — — —

הכלל, ווי אויבען איז געשטאנען — שולדיג איז וויסאצקי...

---

עס זענען געבליבען עטליכע קליינע הכחשות:

אויף איין ארט אין „שטעדט און שטעדטלעך" האב איך גע־שריבען, אז דער רבי מיט׳ן ברייטען הארץ, וואס האט אפגעשוירען די שאף אין ס ו ו ע ר ש און אין דער סביבה הייסט ר׳ יעקב לייבעלע, און עס איז א טעות געווען!

מען שרייבט מיר, אז ר׳ יעקב לייבעלע, אויך א שארפער שע־רער, איז שוין לאנג א שוכן־עפר. די דרייסיג קאפיקעס אויף י״ש פאר חסיד׳ישע „נשרפים" האט גענעבען זיין זוהן ר׳ דוד׳ל בר׳ יעקב לייבעלע.

סיי ווי סיי — זיין זכות זאל אונז ביישטעהן: דעם פאטער, עליו השלום׳ס, אויך, וואס מעהר איז בעסער.

און אין די לעצטע „שטעדט און שטעדטלעך" איז אויך ארייין אזא מאדנער טעות. דער צדיק, וואס מאכט איינער אליין, אהן חברות, גאנץ גוטע געשעפטען, שרייבט מען מיר, הייסט נישט, ווי איך האב געשריבען, ר׳ לייב... ניין! נאר ווי אזוי ער הייסט, קאן איך אייך נישט זאגען, דער נאמען איז דערטרונקען געווארען אין א בייזען קלעקס!

עס בלייבט מיר נאך א י י ן הכחשה — די לעצטע!

איהר געדענקט אפשר נאך די מעשה, וואס איך האב אייך דערציילט וועגן א קליינשטעדטעלדיגער חופה מיט לעבעדיגע חופה־שטאנגען?

„א נארישקייט — זאגט דער ווארשעווער דין — גערעדנקט זיך“.

צום סוף שרייבט מען מיר: נישט געשטויגען, נישט געפלויגען.

דאס הייסט — די מעשה אייגענטליך איז אמת. דער גבאי פון דער חברה קדישא, וואס האט באקומען, לויט זיין מיינונג, פון חתן א צו קליינע נדבה, האט טאקע די קהל'שע חופה מיט די חופה־שטאנגען באהאלטען, און מען האט זי טאקע נישט געפונען. — אז במקום א חופה האבען פיער אידען אויסגעשפרייט א טלית, איז אויך אמת. נאר וואס דען? איך האב געשריבען, אז די אידען האבען זיך געשטעלט אויף פיער בענקלעך אין דער הויך, אז איין שטול האט געלאמט און מען האט עפעס אונטערגעלעגט, ער זאל גלייך שטעהן, דאס — שווערט דער קארעספאנדענט ביי זיין ברע־נענדיגער ליעבשאפט צו אמת — איז שקר וכזב!

קיין שטול האט אויף דער חתונה נישט געלאמט, די פיער לע־בעדיגע חופה־שטאנגען האבען זיך גאר אויף קיין שטולען נישט געשטעלט — „נישט קיין בערען, נישט קיין וואלד“, שרייבט ער.

„נישט מעהר די אידען זענען ה ו י כ ע אידען געווען, חתן־כלה האבען זיך אביסעל איינגעבויגען...“

אדרבא! איך נעם מיט'ן גאנצען הארץ מיינע רייד וועגן די בענקלעך צוריק — ה ו י כ ע אידען האב איך ליעב!

## 16.

28סטען אויגוסט, 1902.

געלויבט איז זיין ליעבער נאמען — א י ך האב געטראפען און דער יעקאטערינאסלאווער צווילינג האט געטראפען! דער צווילינג האט זיך אויפגעזעצט אין וויג און נביאות געזאגט, אז עס וועט זיין א גערעטעניש. און עס איז! אויב דער רעגען וועט לאזען בשלום אראפנעמען פון פעלד, וועט זיין א זעט — און איך האב געזאגט, אז איבער דער וואך וועט זיין א גערעטעניש אין ידיעות פון דער פראווינץ און קיין עין־הרע, א פאסט — א מחיה!

דער צווילינג איז באלד נפטר געווארען און אויפ'ן צדיק'ס באפעהל האט מען זיי באגראבען בכבוד גדול; א י ך בין אייך מוחל דעם כבוד — לאזט מיך נאך לעבען עטליכע יאהר, אלע צדיקים להכעיס, און נחת שעפען פון אידישע שטעדט און שטעדטלער...

דערפאר וועל איך אייך קודם־כל דערצעהלען א מעשה פון א אינגעל מיט א מיידעל...

נאר מאכט, איך בעט אייך, נישט קיין מאוס'ע גרימאסען... ערשטענס, וועט מען אייך נישט גלויבען, צווייטענס, וועט דערביי קיין שלעכטס נישט זיין, — קיין פונק יצר־הרע!

עס זענען, ערשטענס, נאך צו יונגע קינדער: דאס אינגעל איז אלט א יאהר זעקס, דאס מיידעל — א יאהר פיער אינגאנצען און צווייטענס, זענען זיי ווייט איינס פון צווייטען כמעט כרחוק מזרח ממערב...

די קינדער זענען פינדעל־קינדער!

דאס אינגעל האט מען געכאפט אין בראילאוו, פאדאליער גובערניע, ביי א קריסטליכען אלטען פאר־פאלק, וואס האט נישט געקאנט באוויזען, פון וואנען עס קומט צו זיי א קינד מיט א לענגליכען פנים, העלע האר, בלויע אויגען, וואס האט א אידישען פ ע ה ל ע ר און פארשטעהט נאך עטליכע ווערטער אידיש... און דאס מיידעלע מיט א אידישען מיילעכעל אויף שרויפען האט מען

געפונען אין א וואגאן פון דריטען קלאס אויף דער באהן־סטאציע כעלעם — אן עיר ואם בישראל מיט פיער רבנים: דער „טאמא־שאווער", דער „הרילאווער", ר' בנימינ'משע און ר' נטע'לע — פיער אייזערנע זיילען, אויף וועלכע די חכמה שטעהט... נאר דאס אין מאמר המוסגר.

מיט'ן איינגעלע אין בראילאוו באשעפטיגט זיך דערווייל דער סודעבני־סליעדאוויאטעל; דאס כעלעמער מיידעל האבען כעלעמער גבירות איבערגעגעבען צו אן ארעמער משפחה... זיי פארגעסען נאר צו צאהלען... דאס איז אבער א קלייניגקייט; די ארעמע משפחה האט איהרע אייגענע זיבען קינדער, און וואו וועז זיבען קינדער עסען, קאן דאס אכטע אויך אריינשטעקען א לעפעל...

מען שרייבט מיר אפילו, ווי די כעלעמער גבירות הייסען, איך וויל דאך נישט אויסרעכענען די נעמען, טאמער פארגעס איך איינע, און דאס איז א געפעהרליכע זאך... א האנאראווע שטאדט כעלעם!

פאר ארעמע קימפעטארינס האבען ערשט נישט לאנג די כע־לעמער גבירות געמאכט א חברה „תומכי־דלים"; דער נאמען איז נישט אזוי פאסענדיג, נאר וואס שאדט עס? הלמאי א ביבליאטעק אין ירושלים הייסט „בית־נאמן". עס האט שוין אפילו אנגעהויבען געלט צו פאלען, מען האט שוין צושטעלט עטליכע טעפ רומאשקעס, צושניטען עטליכע אלטע געשענקטע העמדער אויף באנדאזשען מיט ווינדעלעך... א גבירה האט א נאפעל־שער געשענקט... טרעפט זיך אבער אן אומגליק... עפעס א כעלעמער שרייבער — איינער פון די כעלעמער וואנסען־דרעהער, מיט איבעריגע ברילען און פאפירענע קעלנער — האט מודיע געווען דערפון אין „הצפירה" און נישט אלע דאמען אויסגערעכענט! צוויי אינגאנצען...

וואס קלערט איהר? די חברה איז געשטארבען א נפל'ע...

---

מקנא בין איך, נישט די כעלעמער יולדות, כאטש עס איז פאר־ראן גרייט פאר זיי א נאפעל־שער מיט עטליכע טעפ רומאשקעס, מיט אלטע העמדער אויף צווייערליי געברויך, — נישט אפילו די צוויי פינדעל־קינדער, פון וועלכע איך האב פריהער דערצעהלט,—

מקנא בין איך דעם צדיק צי דעם נביא, וואָס זיצט נאָך עד־היום בשלום ובשלוה אין ליובאָמיל...

עס נעמט איהם נישט קיין קויל! איינער א בעל־הבית א לץ איז צו איהם אריינגעקומען, פאַרגעשטעלט זיך פאַר א מלמד און געבעטען אויף פּרנסה, און דער נביא האָט איהם געגעבען א סגולה: ער זאָל טאָג ביי טאָג בודק זיין ביי די קינדער די ציצית, און דער בעלפער, אויב ער אליין קאָן נישט, זאָל זיי אלע טאָג אריינשמייסען אביסעל יראת־שמים... קהל און רב לאַכט, דער פּראָסטער עולם אבער האָט, ווי עס ווייזט זיך אויס, אזוי וועניג צוטרויען צו קהל און צום רב, אז ער האלט מיט'ן „נביא" שטאָל און אייזען... ער זאָל זיין א ש ל י ח מ י ו ח ד פון די ל"ו צדיקים!

און ער מאכט נישט קיין שלעכטע געשעפטען, דער „נביא"... עס מוז איהם נ א ר גוט געהן, אז ער לאָזט זיך גאַנץ אָפּט. אפילו אין די דריי וואכען, כלי־זמר שפּילען! און אז דער רב האָט (נאַטירליך — שטילערהייט) זיך אויסגעדריקט, אז אין די דריי וואכען ט א ר מען נישט שפּילען, האָט איהם דער רבי אריינגעשיקט א קוויטעל, נע'חתמ'עט: „שמואל דניאל המכונה „שד" בן הרב הגאון וכו' מירושלים" אין וועלכען ער ה י י ס ט, דער רב זאָל זיך צו איהם מטריח זיין מ י ט ד י ס פ ר י ם, וועט ער איהם ווייזען, אז ער האָט א טעות... אין די דריי וואכען — שרייבט ער — מ ע ג מען שפּילען, ווייל „אין השכינה שורה מתוך עצבות..."

צי דער רב איז געקומען און מיטגעבראכט דאָס פּעקעל ספרים — שרייבט מען נישט...

איך האָב מורא, אז יאָ...

א רב איז קלענער פאַר א צדיק, ווייל דער „המון" שטעלט העכער די ק ב ל ה פאַר דער ת ו ר ה...

און עס איז קיין וואונדער נישט... די קבלה קאָן צאַפּען י"ש פון דער וואנט, על־כל־פנים צ ו ז א ג ע ן פּרנסה... און די א פ ע נ ע תורה האָט, לא־עליכם, א מאוס'ע טבע. זי ווייסט נישט מעהר נאָר „לא" און „לא", לא מיט אן אלף, לא מיט א ספאָרעק — נישט גנב'ע, נישט מסר, נישט רצח'ע, אפילו אָפּנארען לאָזט זי נישט... און פון וואנען וועט זיין פּרנסה?

און א רב, א תורה־מענש, איז א ג ע ב ו נ ד ע נ ע ר מענש. ווי עס איז פסק'נען פון ד ע ר ת ו ר ה מוז ער! אבער א פרייער פויגעל איז דער צדיק... וויל ער — לאזט ער זיך כלי־זמר שפילען אפילו אין די נייז טעג... וויל ער — שטארבט איהם תוך־כדי־דבור דאס ווייב, און ער קויפט זיך א צווייטע פאר זעקס הונ־דערט רובל אפטרעטגעלט... נאר דאס איז שוין נישט דער ליובא־מילער צדיק...

דאס האט שוין א ג ר ע ס ע ר ע ר צדיק געטאן, און רבנים. אפילו למדנים גרויסע, האבען פאר איהם, נישט נאר דרך־ארץ— זיי קריכען איהם אונטער די נעגעל — — —

הערט א מעשה:

דער ביאלער רב — א איד א למדן, א גערער חסיד דאכט זיך, האט מעביר געווען אן אלטען שוחט, איינעם א ר' חיים, ווייל ער איז א „מרתת" — פאר עלטער ציטערען איהם די הענט...

עס קאן זיין, אז ער האט עס, ווי טייל מיינען, צוליעב גע־טאן די גערער חסידים, וואס זענען די גביר'ישע רעדעל־פיהרער אין ביאלע, און עס קאן זיין, אז ר' חיים, טאקע אן אלטער איד, איז ט א ק ע א מרתת! אן אנדערער אין זיינע יאהרען וואלט שוין אפשר נישט געזעהן צו שעכטען — „כי השוחט יעור..." האט א גרויסער צדיק געזאגט: שוחטים ווערען בלינד... דער עיקר איז: ר' חיים'ל האט זיך, נישט א ווארט רעדענדיג, אונטערגעגעבען. והעיר ביאלע, על־כל־פנים די גערער רעדעל־פיהרער — צהלה ושמחה — עס האבען זיך שוין געוויזען יונגעלייטלעך מיט טויזענט און מיט פופצעהן הונדערט רובל אפצוקויפען ר' חיים'לס שחיטה... ר' חיים'ל וואלט אפגעלעקט א ביינדעל, דאס פלייש וואלט אין אנדערע מיילער אריין... עס וואלט גוט געווען!

מאכט זיך אבער אזא מעשה: ויהי־היום — דער ביאלער צדיק האט זיך ארויסגעלאזט אויף דער מדינה און צוזאמענגעקאשפערט אויף הוצאות און איז (מיט'ן בני־בית, זאגט מען) אוועקגעפאהרען אין אן אויסלענדיש (ווער ווייסט, אויב נישט האקאטיסטיש) באד אריין (דער דאקטאר זיצפלייש וועט אודאי שרייבען דערפון אין ווארשעווער „איזראעליט")... און אויף דער צייט, ביאלע זאל חלילה נישט בלייבען אהן א צדיק, האט זיך אהין אפגעכאפט, אויף פרישע

לופט, הייסט עס, דער ק א צ ק ע ר צדיק מיט'ן צ ו ו י י ט ע ן ו ו י י ב...

ווייזט זיך אויס, אז ער קאן אין ביאלע קיין פלייש נישט עסען! פון א פרעמדען חסיד'ס שחיטה עסט ער נישט, און דער איינציגער קאצקער חסיד, ר' חיים'ל שוחט, איז געווארען א „מרתת"... דער רבי האט ענמת־נפש פון ר' חיים'לען, די צווייטע רבי'צין האט ענמת־נפש, ווייל דער רבי האט ענמת־נפש, — די פרישע לופט וועט נישט „פועל־יוצא" זיין... מוז נעבעך, דער ביא־לער רב, א איד א למדן, נאר — א תלמיד־חכם שאין בו דעה, מקים זיין „הפה שאסר — הפה שהתיר", און בחרפתנו לאזען אויסרופען בקהל, אז ער האט א טעות געהאט — ר' חיים'ל איז נ י ש ט קיין „מרתת", פון זיין שחיטה מ ע ג מען, עס איז אפילו א מ צ ו ה צו עסען...

---

פונדעסטוועגען זענען נישט אלע רבנים אזוי שוואך!

אין דער פוילישער גובערניאל שטאדט שעדלעץ איז פאראן א רב — אן עמוד ברזל! געזאגט איז געזאגט! עס זאל אפילו קומען צו פאלש מסר'ן, צו פאלש שווערען...

איך וויים נישט, ווי אזוי ער איז זיך נוהג בנוגע צו צדיקים, נאר מיט א אידישען לעהרער האט ער אויסגעפיהרט א שטיקעל. קומט איהם א מעדאל, נאטירליך — א א י ד י ש ע מעדאל, אהן א שתי־וערב. חס־ושלום!...

די מעשה, לויט מען שרייבט. איז אזוי געווען.

אין שעדלעץ זיצט שוין א יאהר פופצעהן א אידישער לעה־רער און ארבייט שווער און ביטער צו דערנעהרען א ווייב מיט ניין קינדער... אזא לעהרער איז אפילו א שטיקעל חמץ אין שטאדט. נאר וואס זאל מען טון, אז מען איז אין גלות. על פי דיני דמלכותא מוז מען לערנען רוסיש אין די חדרים. און קיין „רוסישער גוי" איז אונטער דער האנט נישט דא. פארבייסט מען די ליפען און מען שווייגט... דער לעהרער לערענט אפילו עטליכע ארעמע קינ־דער — נאך פופצעהן צי זעכצעהן שעה אין טאג ארבייט — אומ־זיסט. [illegible] האט ער מחזקות מיט די מרבי־השכלה אין פעטערס־

בורג. וואס זאל מען אבער טון? אזוי ווי געזאגט — מען איז אין גלות...

פאלט איהם אבער איין, דעם אידישען לעהרער, צו עפענען א „חדר־מתוקן“. ער האט נאך די העזה צו קומען צום רב, בעטען א „סווידיעטעלסטווא“ דערויף — דא האבען שוין אלע סטרונעס געפלאצט...

דער רב זאגט: לא! און עס בלייבט „לא“!

דער לעהרער (און דאס איז אפשר נישט שעהן, נאר — וואס טוט נישט א איד צוליעב פרנסה) — דער לעהרער באקלאגט זיך פאר „נאטשאלסטווא“, ענטפערט דער רב — דעם נצחון צוליעב! — אז דער לעהרער איז, נישט פאר אייך געדאכט, פון יענע לייט... א געפעהרליכער מענש, ער וויל מעביר נחלה זיין אלע בעלי־בתים. נישט גראד שעדלעצער... ער וויל, חס־ושלום, עוקר מן השורש זיין דאס מלכות... און שארפט זיך דאס גאל־מעסער אן די רצועות...

נאך א חקירה ודרישה האט זיך אפילו ארויסגעוויזען, אז דער לעהרער איז נישט עובר אויף קיין איינציגען פון די פינף לאו'ן ביי דער בארד און האלט קיין גאל־מעסער נישט אין שטוב; אז אפילו ווינטער, אין די גרעסטע נעכט, האט ער קיין הרהורים רעים, אפילו קיין בייזע חלומות נישט, ער הויבט בכבוד גדול דאס היטעל פאר'ן קלענסטען פון די גרויסע... נאטשאלסטווע האט זיך גאר איגנאנצען בארוהיגט, אבער שעדלעץ נישט! עס איז אויף שעדלעצער בעלי־בתים איין מאל פאר אלע מאל אן אימה געפאלען און דער אומגליקליכער לעהרער מוז עוקר זיין פון שעדלעץ...

האט ער אבער נישט אויף הוצאות! בעט ער, מען זאל איהם באצאהלען, וואס עס קומט איהם פאר שטונדען אין תלמוד־תורה, זאגט דער רב ווייטער: לאו! קיין גראשען נישט! און אז דער לעהרער קלאגט זיך ווייטער — קפץ ונשבע: שפרינגט אויף דער שעדלעצער רב און שווערט, אז להר"ם! עס איז גאר אין שעדלעץ קיין תלמוד־תורה נישט פאראן!

---

נאר האמת נתן להגיד: אפילו דער ביאלער רב וואלט אויך אזוי לייכט נישט אפגעטראטען.

די מעשה איז געוועזן, וואס צו הילף דעם קאצקער רבי׳ן, איז געקומען א קאצקער חסיד, א ביאלער פאדריאטשיק, א שטי־קעל קרוב למלכות...

— אדער ר׳ חיים׳ל וועט שחט׳ען — האט ער געזאגט — אדער איך וועל בעטען דין־וחשבון, וואו עס קומט אהין קהל׳שע געלט שוין א שעהנע עטליכע יאהר... און נאך... און נאך זאכען...

די גערער חסידים, וואס פיהרען אין ביאלע דאס רעדעל, האַ־בען בטבע פיינט חשבונות, נישט פאר נאטשאלסטווע, נישט פאר דער שטאדט... מאלע, וואס עס רינט דורך די שיטערע פינגער... דער רב דערוויייל איז נישט קיין עקזאמינירטער... פעלשען אן עקזאמען־שיין ווי ר׳ צבי אלימלך דינאווערס אייניקעל אין אונגאריש מונ־קאטש, פאלט איהם נישט איין, האט מען געמוזט אפטרעטען...

נאר דעם ביאלער פאדריאדטשיק בין איך אויך נ י ש ט מקנא...

שוויינען וועט מען איהם נישט...

עס האט זיך שוין אפילו אנגעהויבען. אין א שעהנעם העלען פרייטאג, אז דער פאדריאדטשיק האט זיך גע׳טובל׳ט אין מקוה, זענען אריינגעפאלען עטליכע יונגעלייט, גערער חסידים, צוגעכאפט דעם פאדריאטשיק׳ס מכנסים, אנטלאפען מיט זיי אין שטיבעל און אריינגעשמיסען. וויפיעל עס האט זיך געלאזט — שטיקער זענען געפלוינען!

ווי אזוי דער פאדריאטשיק איז אהיימגעגאנגען פון מקוה, שרייבט מען נישט...

נאר נישט דאס איז דער עיקר — דער עיקר איז, אז נישט אייביג איז מען פאדריאטשיק!

און נישט אייביג לעבט מען...

איך בין איהם נישט מקנא, אז די מתעסקים (סאמע גערער חסידים) וועלען זיך צו איהם נעמען אויפ׳ן טהרה־ברעט!...

קאלט ווערט אין די ביינער.

## 17.

4טען סעפטעמבער, 1902

איהר האט שוין צייט געהאט צו באמערקען, אז איך האב מיך ליעב צו פאררופען אויף שלמה המלך. להבדיל ווי אן ארעמאן, וואס וויל קרעדיט, אויף א רייכען פעטער אדער א גאלדענער „בן סורר־ומורה“ אויף א ירושה פון אמעריקא... אזא טבע האב איך! איך האב אפילו א שטיקעל טענה צו שלמה המלך: אליין געזאגט „ברוב דברים לא יחדל פשע“ — אז מען זאגט אסך, מוז מען אמאל ארייננפאלען, און ארויסגעכאפט זיך מיט א פסוק: „אין כל חדש תחת השמש“ — אלץ, הייסט עס, איז שוין געווען! און אויף דעם פסוק, ווי איהר ווייסט, שטעלען זיך אלע צוריק־ציהער, אלע צוריק־שלעפער און הינטערפיסלעך־טענצער, ווי די פליגען אויף א פלאס־טער האניג... פון דעם פסוק ציהען אלע אונזערע פינסטערע הייליגע שפינען ארויס די שווארצע פעדעם און שטריקען דאס דיקע פרוכת פאר דער כנסת ישראל, צו פארשטעלען איהר די ליכטיגע שיין... נאר טענות אהין, טענות אהער, דער סוף פון קהלת איז אויך נישט פון צוקער — אבער א חכם איז ער געווען, אוצר חכמות האט ער איבערגעלאזט, און מיר ארעמע ווייטע קרובים שלעפען, פולע הענט שלעפען מיר, און עס איז אפילו קיין נאהנטער יורש נישטא, ער זאל פארלאנגען נוץ־געלט...

און שטעלען וויל איך מיך די וואך אויפ'ן „את זה לעומת זה“ — אויפ'ן „איינס געגען דאס אנדערע“; יעדער מלבוש האט זיין „פארשעווקע“, יעדע מטבע זיין „רעשקע“, דורך און דורך גוט אדער שלעכט קאן נישט זיין... דאס בעסטע און געמריסטע פאר־פאלק וואלט נישט אויסגעהאלטען, עס זאל שטענדיג זיין גוט־וואך...

„איינס געגען דאס אנדערע האט גאט באשאפען“. ער האט באשאפען דעם „עץ־הדעת“ מיט זויערע עפעל, הוילע נים צי אויס־געגעסענע פשוט'ע פ י י ג ע ן, — עס איז גענוג אן אויג צו ווארפען, עס זאל שווארץ ווערען פאר די אויגען, ביטער אין מויל און מען זאל אויפ'ן ארט און שטעל באקומען לייב־שמערצען, —

האט ער דערפאר באשאפען דעם „עץ־החיים“ מיט רויטע, געזונטע, פרישע עפעל, מיט רויטע בעקלעך און א טעם גן־עדן... א שאד, וואס די מלאכים מיט די שארפע שווערדען לאזען נישט צו...

און ווידער פארקערט: ער האט באשאפען אדם הראשון, א פרייען פויגעל אין גן־עדן... אלס בחור, וואלט ער אפגעלעבט זיין עולם ועד און אפשר מיט א שמיץ, שפילענדיג, זינגענדיג און טאנ־צענדיג, אהן א קנייטש אויפ'ן שטערן — געהט ער, דער רבונו של עולם, און באשאפט איהם א צולאג: חוה די צדקת... וואס זי האט פון איהם געמאכט, ווייסט איהר פון דער תורה; וואס זיי האבען ביידע פון אייך געמאכט — קוקט אין שפיגעל אריין!...

און אזוי ווייטער — — —

און עס איז אן אמת ביז'ן היינטיגען טאג! זעלטען אן אמת זאל זיך אזוי לאנג האלטען...

נעמט, למשל, די לאנגע זומער־טעג — אן אומרוהיגע צייט. „זלידנע פליגען, קיין אויג נישט צוצומאכען... אפילו א זאמוש־טשער, צי א כעלעמער דאזאר, עפענט אמאל, בשעת אראפיאגען א פליג, א האלב אויג און טוט תוך־כדי־דבור א קלער: „אפשר פארט א יושר צו ענדיגען דאס שפיטאל... אזויפיעל יאהרען... נעלט איז דא... פלאץ איז דא...“ אפילו רבנים, דערצעהלט מען, דרעמלען אומרוהיג, באקומען הרהורים רעים, רייבען זיך פון צייט צו צייט די הויכע, ווייכע, קלוגע שטערענס און האבען א ישוב: אפשר פארט טון די האנט אין קאלט וואסער אריין! הכלל — אן אומ־רוהיגע צייט. — האט איהר דערפאר שטילע לאנגע ווינטער־נעכט, ווען, נישט נאר דאזארעס מיט רבנים, נאר גאנץ קהל הקדוש, ווער עס איז נאר א שטיקעל בעל־הבית און האט וואו דעם קאפ אני־דערצולעגען, אויב עס „טליעיעט“ איהם וואס עס איז פאר א שטי־קעל קארטאפלע אין מאגען, — ציהט ער זיך אויס, ווי א מלך אין גרר, און שלאפט, ווי נאט אין פראנקרייך...

נעמט, למשל, גבאות...

כדי דאס פינסטערע בלוט זאל אין פינסטערען גלות, אין די קאלטע לענדער און שלימזל'דיגע שטעדט און שטעדטלעך נישט פארגליווערט ווערען אין די בלאניבלויע אדערען, האט גאט, ברוך הוא, באשאפען, אויסער צער פון גלות השכינה, צער גדול בנים

ביי קליינע פראָצענטעז אין די שולעז, און אויסער דאגת פרנסה בשעת מאַנאַפּאָל — באַשאַפעז די תאוה צו גבאות! — א איד געהט ארום, ווי א גולם, צעהלט די שטיינער אין גאס מיט אָז אראָפּגעלאָזטעז קאָפּ און גלעזערנע אויגעז. — דאכט זיך, אַהן חיות, אַהן א טראָפעז בלוט... פּלוצים שפּרינגט ער אונטער ווי א ציג, ווערט רויט, ווי א בוריק, די אויגעז פלאַמעז אויף, ווי שטור־קאצעז, ער הויבט אָז צו וואַרפעז די הענט און צו מאכעז א ווינט־מיהל — וואָס איז? ער האָט זיך דערמאָנט אָז דער גאָהנטער קלפּי! — עס ווערט איהם וואַרעם אין אלע אברים, און דאָס גאַנצע שטעדטעל וועט זיך אויך דערמאָנעז אָז דער קלפי און וועט אויפקאָכעז און זידעז און שפּייעז מיט פייער — — דאכט זיך. גוט? די „כנסת ישראל" לעבט! — האָט איהר דאַגעגעז אזא שטאָדט ווי כערסאָן, וואו מען זוכט א בעל־עסקן אויף גבאות מיט ליכט אין אלע גאַסעז און מען געפינט נישט... דאָס קהל'שע הייסע, פעטע קרעפּעל ליגט אינמיטעז גאס, און קיין הונט ריהרט זיך נישט צו!

און געפינט זיך שוין אָז אַדוואָקאַט, וואָס לאָזט זיך צורעדעז, מען איז שוין, דאכט זיך, מיט איהם פאַרטיג, האָט ער אבער תנאים! רעדט ער זיך אוים אזוינע פּאַראַנדקעס, אז עס איז מויל און אויערעז אויפצושטעלעז: א באַזונדער אָרט פאַר'ן כאָר, עפּעס א קאַסע פאַר אָרעמע לייט — און גאָט ווייסט, וואָס ער וועט נאָך אויסקלערעז!

אָדער נעמט, למשל, מסירות!

א שפּאַס! דאָס איז דאָס איינציגע כלי־זין, וואָס עס האָבעז פון אונז נישט צוגענומעז, נישט די פּלשתים, נישט די גרעקעז, נישט די רוימער, און וואָס עס איז ביי אונז געבליבעז עד היום אין גלות!

ביז אהער, ווי איהר ווייסט, איז דאָס כלי־זין געוועז, ווי דאָס שאַרפע מוהל־מעסער, ווי דער הייליגער שול־קלאַפּער און קרומער ימים־נוראים־שופר, כמעט נאָר ביי כלי־קודש אין די הענט...

אין די לעצטע צייטעז פלעגעז מיט דעם כלי־זין מלחמה האַל־טעז מלמדים מיט די „חדרים מתוקנים", מיט די גלוחים — אי־דישע לעהרער... און איך האָב געמיינט, אז דאָס האָט שוין קיין

אונטערשלאג נישט... שטעהט דאך אבער בפירוש: על דאטכת אטפוך — אז איין צד האט א לאנגע צונג, מוז דער צווייטער ארויס־שטרעקען א לענגערע... שרייבט מען טאקע פון נאוואגעארגעווסק, כערסאנער גובערניע, אז דארט איז אראפגעקומען א אידישער לעהרער, טאקע א גלות, ער עפענט א חדר מתוקן און זאגט בפירוש, אז ער וועט מסר'ען די מלמדים... פאר לערנען אין טאבעלנע טעג, פאר נישט מאכען קיין וואקאציעס וכדומה...

סיידען די גאנצע מעשה איז א ליגען, אויסגעטראכט פון א מלמד!

נאר ליגען צי אמת, דאס איז אלץ קליינינקייטען...

נעמט אבער, למשל, פאטאגראפיע!

ביז אהער א פרנסה־זאך... נישט מעהר! עס האבען זיך פאר־נומען דערמיט אידען, אידענעס און אפילו א מאסע מיידלעך... מיט דער צייט, וועט עס ביליג ווערען, ווי סאדע־וואסער, מען וועט ארומגעהן אין די גאסען מיט האנט־קעסטלעך און אויסרופען, ווי הייסע קישקעלעך—, דערווייל אבער האט מען נאך פרנסה דער־פון... קודם־כל — פיהרט עס, בנוגע צו די מיידלעך, אביסעל אפ פון דענטיסטעריי, אקושעריע, — א'ניט, וואלט דארט זומער און ווינטער געשטאנען א שווערע־זויערע לופט, צום דערשטיקט ווערען! און וואס פאר זיי איז א פרנסה, איז ערשט פאר שדכנים א הילף צו דער פרנסה... א היינטיגער חתן, אין קארטען שפילט ער „ווי־זער" אויף וואס די וועלט שטעהט, און בנוגע צו א שדוך, וויל ער קיין קאץ אין זאק נישט קויפען! די כלות ווילען אויך נישט אונ־טער די אויגען! זיי ווילען, א חתן זאל קומען, זעהן און זיגען און באזינט ווערען! פאהרען טאקע ארום די שדכנים מיט פאטאגרא־פיעס! און עס איז א מעלה צו א שדוך אויך! א כלה האט א רעכ־טע באק א קרומע, פאטאגראפירט זי זיך פון דער לינקער זייט; א חתן האט אויף דער שפיץ נאז א קנעפעל — „נעמט ער זיך אראפ" בשעת ער שמעקט א רויז! עס איז פאעטיש, און דאס קנע־פעל ווערט נעלם אין דער שוים פון דער רויז!

גרעסערע שדכנים רעכענען אפילו אנצוהייבען ארומצופאהרען מיט פאנאראמען. וואס גיבען איבער די קולות פון די חתנים און

כלות, נאָר דערוויייל אָבער זענען נאָך אַלע יוצא מיט פאָטאָגראַ־
פיעס, און ווי עס איז, פרנסה האָט מען!

פרנסה איז אָבער פאָרט אַ וואַכעדיגע זאַך, און דער פאָטאָ־
גראַפיע איז באַשערט געווען צו שטייגען העכער, צו ווערען אַ
ציוניסטישע זאַך, אַ נאַציאָנאַלע זאַך... עס האָט זיך געמאַכט אין
וואַרשוי אַ חברה „לבנון" מיט'ן צוועק צו פאַרשפּרייטען אידישע
קונסט־ווערק, דערהויפּט פּאָרטרעטען פון אידישע מחברים און גאָר
ביליג, אין געשטאַלט פון פּאָסט־קאַרטען, פינף קאָפּיקעס אַ שטיק!

אַ מחיה! די בחורים פון טשאַכנאָווקע, איישישאָק און אַנ־
דערע קרעה־ווינקעל, וועלען שוין נישט דאַרפען קומען קיין וואַר־
שוי, וואַרטען שטונדענלאַנג אין אונזערע פּאַרצימער, איידער זיי
באַקומען די זכיה, אַריינגעלאָזט צו ווערען און מקיים זיין: והוי
עיניך רואות את מוריך! און זעהען באַשיינפּערליך אַ מחבר! ער
וועט עס האָבען אין דערהיים, ביים מוכר־ספרים, ביים פּאַקען־טרע־
גער. און וועט באַקומען זיין מוח־קראַצער, נערוווען־שינדער צי
הארץ־רייסער בחצי־חנם! וויל ער, נעמט ער אַ בן־יחיד איינעם
אַליין אויף אַ גאַנצער קאַרטע, וויל ער, קויפט ער פּאָר די איינענע
פינף קאָפּיקעס אַ צווילינג, אַ טרילינג... אַז עס וועט זיך אָנהויבען
חלוף מיט קאָנקורענץ, וועט די סחורה נאָך ביליגער ווערען. און עס
וועלען אַרויף נאָך מעהר מחברים אויף איין פּאָסט־קאַרטע... און
אַזאַ פּאָסט־קאַרטע שטעלט מען פאַר זיך אויפ'ן טיש, צי מען
הענגט זי אויף (אויף דער וואַנט), און מען קוקט אויף איהר אַזוי
לאַנג, ביז עס ווערט נמאס קוקענדיג, און דאַמאָלט נעמט מען די
קאַרטע, מען אַדרעסירט אויף דער ריינער זייט צו אַ חבר אויף
יענער זייט „תפוצות־ישראל" און זיך קויפט מען אַן אַנדערע. און
אַזוי ווייטער, ביז מען זיפּט דורך אַלע מחברים!

פרומע אידען קוקען נאָך דערויף מיט אַ קרום אויג; אַ חשש
פון אַ מנהג עכו"ם... יענע האָבען עס פריהער אויסגעקלערט און
איינגעפיהרט! מיט דער צייט אָבער וועלען זיי זיך צוגעוועהנען,
ווי, למשל, צו דער פּאָסט, צו דער באַהן, טעלעגראַף און טעלע־
פאָן, וואָס האָט אויך אויסגעקלערט דער „עם הדומה לחמור"... עס
וועט נאָך קומען אַ צייט, און מען וועט עס פּאַראַידישען, ווי פּלאַט־
דייטש, פ א ר ה י י ל י ג ע ן ווי'ס פּוילישע שטריימעל, עס וועט

ווערען א מנהג ישראל! דארט וועט עס בטל ווערען און דא וועט עס בלייבען א דבר שבקדושה!

און אפילו פראסטע אידען, וואס האבען נאר קיין מגע ומשא נישט מיט ליטעראטור, וועלען אויך קויפען... עס מאכען זיך אמאל לעבער אין דער וואנט, מען רייסט אויס א נאגעל פון הינטער א פארזעצטען שפיגעל, א פארקויפטער פאן וכדומה, און אזא לאך וועט לייכט זיין צו פארקלעפען מיט א פיינער פאסט־קארטע... אסך לעבער — אסך פאסטקארטען... און די בילינערע אידישע מחברים וועלען פארטרעטען די טייערע פארטרעטען, ווי נאפאלעאן מיט'ן ווייב, צי להבדיל — דעם קאזשיניצער מגיד מיט די תלמידים, און אפילו די אויסגעריסענע בילדער פון, אויף פאפיר געקויפטע, אלטע מאדען־בלעטער; דאס קאן מען בעסער באנוצען!

„וכי ישאלך בנך" — אז אזא בעל־הבית'ס א אינגעל, צי א מיידעל, וועט פרעגען: וועמענס פארטרעטען זענען דאס? וועט דער בעל־הבית, וואס האט נאר געמיינט דאס לאך צו פארקלעפען און די שטוב נישט איבערצואווייסען, קוועטשען מיט די פלייצעס און ענטפערען: דער גוטער יאהר ווייסט זיי — פארטרעטען!

דערפאר אבער, אז א ווארשעווער אידישער „אריסטאקראט" וועט אמאל פארבלאנדזשען אויף די נאלעווקעס, א ווארף טון אן אויג אין א מוכר־ספרים־פענסטער און דערזעהן אידישע מחברים, וועט ער אפשר א טראכט טון: אפשר טאקע א פאלק? פאראן א ל י ט ע ר א ט ו ר, פאטאגראפירטע ש ר י י ב ע ר!...

זעהט איהר, וואס פאטאגראפיע קאן! זי פיהרט אויפ'ן גלייכען וועג צו אויפלעבונג, עס שמעקט מיט'ן „עץ־החיים"...

קענען עץ־החיים אבער שטעהט דער עץ־הדעת..

די ווארשעווער פאליציי ווערט אלץ נעוואר... אונזער ליטעראטור שווימט פון א ו י ב ע ן. קלייבט צוזאמען דעם פאעטיש־ווייסען שוים א י ב ע ר דער פאליע, די פאליציי אבער נעמט טיפער. וואו א אידישער שרייבער פארמאכט די אויגען מיט דער נאז, דארט זענען זיי בודק חמץ און זיי פאטאגראפירען אויך... על חשבון המלכות... און פארטיילען, וואו מען דארף, א ו מ ־ ז י ס ט —אידישע פינף־הונדערט־רובעל־שטיק־מאכער, פריש־לעבעדיג־און־צאפעלדיג־פלייש־הענדלער... און — אזוי גנבים...

און „כל ישראל ערבים זה בזה“! און זיי זאָגען אויך א פאָלק איז א פאָלק!

---

איינס קעגען דעם צווייטען... איינס קעגען דעם צווייטען...

מען שרעקט זיך פאַר דעם שמד'עריי, וואָס וואַקסט אַזוי שטאַרק...

עס שמד'ען זיך אַדוואָקאַטען, ווייל עס ווערט זיי נמאס צו אַרבייטען אויף פרעמדע נעמען מיט פרעמדע שילדען, ווי פאַרצייטישע טרפה'נע שענקער... עס אַנטלויפען דאָקטוירים פאַר דער אָרעמער אידישער פּראַקטיקע... עס שמד'ען זיך סוחרים וועגען פרייע פּאַספּאַרטען און נישט צו האָבען אידישע נעמען אויף די גאָלדענע שילדען... עס שמד'ען זיך בחורים פאַר גוי'שע בתולות, און פאַרקערט...

מען טרייסט זיך אַפילו: אַז דאָס שוימט אַזוי די השגחה פרטית אָפּ די אידישע יויך! דאָס רינט אַזוי אָפּ דער ערב־רב פון מצרים, דאָס פאַלען אַוועק, ווי א פּסולת, די האַלץ־העקער און וואַסער־טרעגער פון ארץ־ישראל... פאַקט אָבער בלייבט פאַקט — געמישטע חתונות מעהרען זיך, די צאָהל פון רענדעל־בייטער וואַקסט!...

איז אָבער „את זה לעומת זה עשה האלהים“ — עס גלייכט זיך אויס... איין גר־צדיק, וואָס מיר באַקומען, איז מעהר ווערט ווי אַלע משומדים... איך מיין נישט דעם „גר־צדק“ מיין חבר פון „יוד“; דאָס איז ערשטענס, א פּסעוודאָנים, צווייטענס — מאַכט איין שוואַלב קיין זומער נישט... איך מיין אַפילו נישט די גרי־צדק אין די אויסלענדישע פרייע לענדער, וואו מען מעג און מען טוט עס צוליעב א אידישער מיידעל... דאָס טרעפט זיך אויך נאָר איינמאָל אין א יובל... פון דעם ווערט די זופּ נישט פעט! איך מיין אונזערע היימישע גרי־צדק, וואָס ציטערען, ווי א פיש אין וואַסער, אַז זיי דערהערען דאָס וואָרט „פּאָליציי“... וואָס פאָהרען אַרום אין „שטעדט און שטעדטלעך“, ווי אמת'ע גוטע אידען און לעבען און לייבען אויפ'ן חשבון פון „כנסת ישראל“...

און אויב זיי געהען אַרום אין די הייזער, בשעת די גוטע אי־

דען עפּענען פראנק און פריי, וואו זיי קומען, די קרעמלעך און לייזען, שטעהען זיי דערפאר אין אן אנדער פאך העכער פאר גוטע אידען... זעלטען, עס זאָל היינט ווערען א גוטער איד פון זיך אליין! מען מוז געבוירען ווערען פון א גוטען איד! מען מוז האָ־בען א טאַטען א גוטען איד! — און א גר־צדק איז ווי א פרייער פויגעל און קלייבט זיך אויס א טאַטען, לויט זיין הארץ געלוסט!

איינער, למשל, א גר צדק, וואָס גראסיערט היינט אין פּאָ־ראליער גובערניע, האָט זיך אויסגעקליבען א טאַטען א פּרייסישען יעדנעראל! ער איז שוין פּאָלקאָווניק געווען, און א גבור — א פּאָלקאָווניק: אין דער פּרייסיש־פראַנצויזישער מלחמה האָט ער מיט אייגענע הענט צוועלף פראַנצויזען דערשטאָכען, צי געקעפּט... דער קייזער האָט שוין אפילו געגעבען א באפעהל, מען זאָל איהם צושטעלען צו א קוש אין קאָפּ אריין... ער וואָלט אודאי באקומען אן ארדען, א גרויסען, א ניגנאָלדענעם, אויסגעזעצט מיט ברילי־אַנ־טען... איז איהם אבער ביינאכט געקומען צו חלום א מלאך, מיט זעקס פליגלען, מיט זעקס שווערדען אונטער די פליגעל, און האָט איהם געזאָגט, אז פער טעות איז אין איהם אריין א גלגול פון אי־דישען גבור בר־כוכבא, אז ער מוז זיך דעריבער, דעם טעות אויס־צוגלייכען, א איד ווערען, און תיכף אין דערפריה אָנטון אידישע קליידער און אנטלויפען אין א אידישע קהלה אריין, און לאָזען זיך מגייר זיין... און אזוי ווייטער...

האָט ער געקלערט, אז עס איז א פּוסטער חלום, וואָרים באמת — וואו נעמט מען עס אין פּרייסישען לאַנער אידישע קליידער? האָט זיך אבער באלד אין דערפריה, אזוי ווי ער האָט די אויגען געעפענט, אריינגעשלייכט אין דער פּאַלאַסטע א אידישער „האנדעל! האנדעל“! און האָט איהם געוויזען און פארקויפט אידישע בגדים...

מן־הסתם איז עס אליהו הנביא געווען...

נאָר די גרעסטע קונץ איז, וואָס ער האָט תוך כדי דבור פאר־געסען דאָס דייטש און אנגעהויבען צו רעדען אידיש, ווי אן אמת'ער בר־כוכבא...

---

בכלל דאַרף מען קיין פּעסימיסט נישט זיין; די וועלט געהט נישט אונטער...

מען האָט, למשל, צוגענומען ביי אידען די קאָלעקטע פון דער פוילישער לאָטעריע; מען האָט געמיינט, א פופציג, אפשר זעכציג אידישע פאמיליען וועלען, חס־ושלום, די פרנסה פארלירען! אָבער גאָר: לא! תוך כדי דבור האָט מען (אין גער, זאָגט מען) געמאכט אַן א י ד י ש ע לאטעריע... פארשטעהט זיך — א באהאלטענע, אויף דעם איז מען דאָך אין גלות... משומדים נעהען ארום פראנק און פריי אין די גאסען, און א גר־צדק מוז זיך היטען די נשמה... זיי מאכען צערעמאָניעס בריש גליה אין די גאָסען, און מיר מוזען מחדש זיין די לבנה ערגעץ אין א הויף... און אונזער סוכה וואו שטעהט?... אבער פרנסה דערפון האָט מען! — די לאָטעריע־מאַ־כער פארדינען שטיקער געלד, מאסען קאָלעקטאָרען האָבען פרנסה בכבוד, ארום זיי דרעהט זיך א מאסע פאקטוירים און לעגען אויך נישט די ציין אין בייטעל אריין... און „כנסת ישראל“ שמייכעלט און קויפט בילעטען, טאַנצט אונטער און צאָהלט א נייעם אָפּ־צאָהל... זי ווייסט, די כנסת ישראל, אז — „את זה לעומת זה עשה האלהים“ — איז דאָ א פוילישע לאָטעריע, מוז זיין א א י־ד י ש ע לאָטעריע...

און — „זכה, מלאכתו נעשית על ידי אחרים“ — די אידישע לאָטעריע האָט אפילו קיין „ציהונג“ נישט; מען ציהט די פוילישע, און די אייגענע נעמען, וואָס געווינען דאָרט, געווינען דאָ...

א מחיה!

## 18.

18טען סעפטעמבער, 1902

א קלונג אין טיר, ווי אויף א שרפה; א פראל אויף, ווי פאר א מענש מיט זעקס דבוקים אין לייב.

וואס איז? די באבע יאכנע פון „שטערט און שטערטלער" איז געקומען!

— ס'קאציל קומט, באבעניו! — זעץ דיך!

איך ווייז איהר אז אויף א שטול, זי זוכט אבער מיט די אויגען א קאנאפע...

— איך האב נישט, באבעניו!

זי שמייכעלט, זעצט זיך, און דער שטול קנאקט אונטער איהר, מן־הסתם פאר נחת...

אווילע זיצען מיר אזוי שטילערהייט איינס קעגען צווייטען און קוקען זיך אן.

די באבע יאכנע האט זיך נישט געענדערט: א אידענע, קיין עין־הרע, א הויכע, נאר אן איבערגעבויגענע. אביסעל צוליעב די פיס פון דער שכינה, אביסעל גלאט — ווי האלט זיך עס א מענש אזוי הויך ווי ער איז? אחוץ דעם: דאגת פרנסה, צער גדול בנים — אייניקלעך, אוראייניקלעך: אסך געבוירען, אסך פארלוירען, אסך צוזייט און צושפרייט און אסך הענגען נאך אויפ'ן האלז... קיין יונג מענש איז זי אויך נישט!

וואס זי זעהט אין מיר, ווייס איך נישט! נאר איך קאן מיר איהר פנים זאט נישט אנקוקען! עס איז פלאך, איינגעשרומפען, געל און מיט א ביינערינ־געשפיצטער נאז, די אויגען זענען נאך גרוי, נאר צופיעל וואסעריג: געה ווייס, וויפיעל טרערען זיי האבען פארגאסען, וויפיעל נעכט נישט געשלאפען... זיי קוקען ערנסט, נאר נישט הארט! און אין די אייגענע אויסגעמוטשעטע אויגען, ווי יאהרען און צער להכעיס, וועקען זיך אמאל וואונדערליכע פונקען, צווישען די שריכפען אויפ'ן פנים הויבט אן ארומצוטאנצען א שטילער גלאנץ, א פיין, דין שמייכעלע... אסך ליעבשאפט, א

קליין ביסעל חוזק — נאר דראמאלט לאזט די באבע יאכנע די אוי־
גען אראפ און ווישט אפ דאס שמייכעל פון פנים מיט א בייניגער
האנט.

געקליידט איז די באבע יאכנע, ווי אין די אמאליגע יאהרען:
א שטערנטיכעל מיט שטיינדלעך אויסגעזעצט, א ברוסט־טוך מיט
אן אויסגעהאפטענעם גאלדענעם אדלער, און אלערליי בלימלעך און
רויזעלעך ארום. אויפ׳ן האלז א שנירעל דינע פערעל, אויסגע־
מישט מיט בורשטיינדלעך און קרעלען; פון דער שנור הענגט אראפ
איבער׳ן ברוסט־טוך אן א י י ב ע ל, וואס גיט, ביי יעדער שטאר־
קערער באוועגונג פון דער באבע יאכנע, דעם אויסגעהאפטענעם
אדלער איבער דער נאז... פון די אויערען זעהען זיך פון אונטער׳ן
שטערנטיכעל נאר דער ראנד פון די נישט־געלעכערטע אויערען
ארויס, און צוויי שווערע, לאנגע גרין־געהאלטענע אוירינגען הענגען
אין די זייטען פון שטערנט־כעל אויף שנירלעך, און וויגען זיך פריי,
און שאקלען צו דער באבען: יא־יא, ניין־ניין!

— וואס מאכסט דו, באבעניו? — פרעג איך דערנאך מיט
גרויס ליעבשאפט.

— אזוי, — ענטפערט זי מיט א שמייכעל, — דער גאט פון
היינט, איז דער אייגענער גאט פון נעכטען און פון מארגען — —
מען לעבט!

— און געקומען ביסטו, באבעניו, מיר מעשיות דערצעהלען?

— ניין, כשר־קעצעלע! — א ל ט ע מעשות האב איך שוין
א ל י י ן פארגעסען! נייע ט ר א כ ס ט ד ו, ברוך השם,
אליין אוים!

— נישט איך, באבעניו! נישט איך. ווי איך ק ו י ף,
פ א ר ק ו י ף איך! אזוי ווי לעדער, אזוי די שיך! מען
ש ר י י ב ט מיר!

— און דיר אליין, פוטער פעסעלע, פ א ס ט נישט אמאל
אראפצוקומען? פארגעסען שוין מיינע מאן־קיכלעך, האניג־טייגלעך,
קאנדעל־צוקער!...

— נישט פארגעסען, באבעניו! אפילו דיינע המן־טאשען קו־
מען מיר אויך גאנץ אפט צו חלום! אפילו די שבועות׳דיגע
ווייסע ציקאריע! אין אלע מיינע גלגולים, באבעניו, בפרט זייט
איך ביז א „ביהן“, לעבן איך, בענק איך צו דיר! איך וואלט דיר

נאכגעגאנגען טריט ביי טריט, אין פוילען, ליטא, בעסעראביען, גא־ליציען, רומעניען — — איבער די הרי־חושך אפילו, נאר — איך קאן נישט!

— אז מען וויל, קאן מען!

— ניין, באבעניו! געדענקסט די חיות, וואס אלכסנדר מוקדון האט געטראפען אויפ'ן וועג? די חיות זענען צוגעבונדען מיט א שטריק צו דער ערד... מען ריהרט זיך אויף איין ארט, ווייט אוועק קאן מען נישט; אז מען רייסט איבער דעם שטריק, — פאלט מען אויף טויט!

די באבע יאכנע דערפרעהט זיך:

— דו גלויבסט?! אין אלכסנדר מוקדון'ס חיות גלויבסט דו? געזאגט האט מען מיר...

— עס זאגט זיך נאר אזוי, באבעניו! געמיינט האב איך א פערד אין דער רייטשול: אין ראד אליין איז מען אויך נישט פריי; די בייטש פייפט און דערמאנט. נאר ארויס קאן מען בשום אופן נישט... א שטארקע האנט האלט דעם שטריק!

— מילא, אז דו קאנסט נישט, קאנסטו נישט! — אבער פארוואס שרייבען דיר מיינע אייניקלעך קיין אמת נישט?

— איך ווייס? און איך האב, באבעניו, גרויס צער דערפון... אפילו אין דער היים נארט מען מיך! אט האב איך געשריבען וועגען „לינת הצדק" אין ווארשוי: א ויכוח מיט א מגיד; מען נעמט נישט אויף קיין קראנקע ציוניסטען! געדענקסט?! וואס ווייזט זיך אבער אויס? די לינת־הצדק האט קיין מגיד נישט, עס איז קיין ויכוח נישט געווען, קראנקע ציוניסטען באקומען לינות, ווי אלע קראנקע... עס הויבט זיך נישט אן, עס לאזט זיך נישט אויס! אפילו דער שעדלעצער רב זאגט מען, באבעניו, איז אויך נישט אזוי שווארץ, ווי איך האב איהם געמאלט! צי אנדערע רבנים!

— נארישקייט, — שמייכעלט די באבע, — אויב דו מיינסט עס ערנסט!

— אויף נאמנות, באבעניו!

זי פארטראכט זיך, און קוקענדיג אויף איהר שטערנטיכעל, פאלט מיר איין צו פרעגען:

— זאג נאר, באבעניו, א מ ת ' ע פערעל?

— ווער? די רבנים?

— פון שטערנטיכעל, מיין איד...

זי זיפצט אפ:

— ניין, ביהנעלע... די אמת'ע האב איך לאנג פארקויפט— זיי האט אמאל מיין אלטער פארקרענקט...

— וואס מאכט ער, דער אלטער?

— עבר ובטל נעבעך!

— און דיין געזונט, באבעניו... ביסט אפשר געקומען צו א דאקטאר?

— איך בין געקומען דיך עטליכע שאלות צו פרעגען!

— פרעג, באבעניו!

---

זי בויגט אביסעל ארונטער דעם קאפ, קוקט מיך ערנסטער אן און זאגט:

— האסט דערמאנט דעם שעדלעעצר רב!... זאג מיר, איך בעט דיך, וואס האסט דו דיך עפעס גענומען דוקא צו רבנים, צוגעקלעפט זיך, ווי א שוסטער־סמאלע! איך לייען דיינע זאכען! וואס זאל איך טון? דעם טייטש־חומש מיט אלע תחינות קען איך שוין אויסענווייניג! — זעהן זעה איך, אז עס איז אין דיר אריין א גלגול, און אפשר א דבוק, פון גארנישט קיין שלעכטען מגיד! שטראף־רייד זאגען קאנסט דו! — נאר צי אנדערע מענשען זינ־דיגען נישט? צי זענען די רבנים ערגער פאר אלע?

— ניין, באבעניו, ערגער נישט! פון זיי אבער איז דער שאדען גרעסער, דער חלול־השם גרעסער!

— האסט דיר איינגערעדט!

— ניין, באבעניו! עס איז אמת און עס זענען דא אסך טעמים דערביי!

הער, באבעניו! אז עמיצער איז נישט געווארענט מיט פייער, צאהלט ער, למשל, קנס; ווי איז אבער, אז דער גאכט־וועכטער אליין ציהט אויס פייער פון ליולקע אינמיטען גאס ביי שטרויענע דעכער...

— נו, אודאי!

— אדער אזוי א שאף בלאנדזשעט! ס'איז טאקע א שאד א

שאף! פארט אבער נאר איין שאף! אדער זי וועט צוריק קומען, אדער כאפט זי דער וואלף! אבער, אז דער פאסטוך געהט אראפ פון וועג?

— אודאי — איז די באבע מודה, — פארפיהרט ער אלע!

— און דער חלול־השם, באבעניו, איז אויך גרעסער! אז א פראסטער איד זינדיגט, ער טוט תשובה צי ניין, זינדיגט ער אליין, אבער, אז א רב טוט עס, דער שומר, וואס די תורה האט געשטעלט ביי דער טיר, זאגט מען: די תורה הייסט אזוי. על כל פנים, אז זי איז מסכים! וואס טוט ער נישט אליין! א ספר שרייבט ער און פארענטפערט זיך! כל־זמן ער לעבט און זיין דור לעבט, שמייכעלט דער עולם... נאך יאהרען, דער דור איז טויט, דער רב איז א קדוש געווארען. זיין ספר קריכט אריין אין א בית־המדרש־שאנק און שטעלט זיך צווישען די הייליגע ספרים!

— דאס איז אמת?

— אודאי! אז א פראסטער איד זינדיגט, קריגט ער, לויט דער זינד אויף דער נשמה א זומער־שפרענקעלע, איין קראץ! און — ווען אפילו א הויקער? אין א משפחה טרעפט זיך א הויקער אויך!

— נעבעך! — זיפצט די באבע־יאכנע און לאזט די אויגען אראפ און פארטראכט זיך.

פלוצים הויבט זי די אויגען אויף און ווערט א מליץ־יושר.

— הערסט, ביהנעלע, ביי זיי איז אויך נישט גוט! ביי אונז אין מסחר, וואס ווענינער סחורה, מעהר קרעמער! ביי זיי: וואס ווענינער תורה, מעהר רבנים! נישט אלע קאנען האנדלען מיט סאד־דא־וואסער! קומט טאקע ארוים דריי רבנים אויף א שטאדט...

— קויפט מען זי אויף ליציטאציע, פארברענט מען זי מיט מחלוקת...

— דלות מאכט פסלות, ביהנעניו! דער הונגער איז נאר קיין יצר־טוב נישט!

זי פארטראכט זיך טיפער; די גרויע אויגען פארציהען זיך מיט א נעבעל... איך וויל זי פארררעדען און גיב א פרעג:

— וואס זענען, באבעניו, די בריליאנטען אין דיינע אויריננ־לעך אזוי טויט... זיי אטעמען נאר מיט קיין ליכט און פארבען נישט!

— קיין אמת'ע שטיינער, קעצעלע! פאר די אמת'ע האט מען זיהן אויסגעלעזט...

---

די באבע יאכנע ציהט ארויס פון אן אונטער־טאש א גרויס פולארען טיכעל און ווישט זיך אפ דעם שטערן...

— פון גוטע אידען, מאכט זי, וויל איך שוין גארנישט רעדען, דו גלויבסט דאך אין גארנישט!

— באבעניו, דאס האט דיר א שונא געזאגט! איך גלויב! אין וואס, קעצעלע? אין דעם, וואס דיינע אויגען זעהען? קען איך א גרעסערען פילאסאף — דיר נישט צו גלייכען, א רופא־יונג! אפילו, אז ער זעהט שוין א קערבעל, גלויבט ער זיינע אויגען נישט; ערשט, אז ער באקומט דאס קערבעל אין האנט אריין, גלויבט ער. אלע זייט איהר אזוי!

— נישט אלע... אנדערע, באבעניו, גלויבען!

— אין וואס, הארץ־דעקעל מיינס!... רעד דבורים!

— אין וואס? עס וועט מיר שווער זיין דיר אויסצוטייטשען, באבעניו! נאר פרואווען וועל איך! הער, איך גלויב אין יענער זייט פון דער זאך!

— וואס איז דאס עפעס פאר א משניות? עפעס אין אונטערשלאג גלויבסט דו?

איך קריג מורא, אז איך בין אריינגעפאלען!

— אדרבה, — זאגט זי אומגעדולדיג — טייטש מיר אויס... אן אלטע אידענע איז דאך אויך א מענש!

— איך וועל פרואווען, באבעניו, נאר מיט א משל!

— אדרבה, טאקע מיט א משל! משלים געראטען דיר אמאל! און עס מאכט זיך אזא שמועס:

— צי ווייסט דו, באבעניו, — פרעג איך, — ווי א הונט איז זיך נוהג מיט א שפיגעל?

— פרעג מיך עפעס גרינגערס?

— וועל איך דיר זאגען, באבעניו! — אז א הונט דערזעהט זיך דאס ערשטע מאל אין שפיגעל, ווערט ער אנגעצונדען. ער גיט

א שרעקליכען ביל, א שפרונג צו! לאז איהם, מאכט ער דיר א חורבה פון שפיגעל. האסט א שפיגעל, באבעניו?

— א שפיגעל, ווי א שפיגעל, קיין הונט האלט איך נישט!

— זכר למיט! מען האט פון הינט אסך געליטען! נאר פאר־וואס כעס'ט זיך דער הונט? ער מיינט, עס איז אן אנדערער!

א הונט זאגט אויך: איין הונט דארף זיין אין א שטוב! א'בית ווערט די פארציע קלענער!

איז דאך אבער א הונט א בטבע א חכם, שפרינגט ער אזוי און קראצט אזוי לאנג מיט די ציין, ביז ער ווערט געוואר, אז ד ע ר הונט און י ע נ ע ר הונט זענען איין הונט! ער בארו־היגט זיך. נאר פון דאמאלט אן פארגעסט ער אן שפיגעל!

— זעהר רעכט, — זאגט די באבע יאכנע, — הלואי וואלטען מיינע שניר אן שפיגעל פארגעסען...

— דאס איז, באבעניו, שוין גאר עפעס אנדערש! דו האסט אבער, באבעניו, באמערקט, ווי דיינע קליינע אייניקלעך זענען זיך נוהג מיט'ן שפיגעל?

די באבע יאכנע רוימעלט זיך פאר נחת.

— איין אייניקעל — זאגט זי — וואלט ער פאר א שפיגעל קרעפלעך אוועקגעשטעלט! ער מעג האלטען אינמיטען געוויין, אז מען נעמט איהם נאר צום שפיגעל — א זון אין א רעגען! די אוי־געלעך נאך פול טרערען און זיי גלאנצען שוין פול פרייד: און זאלסט זעהן, ווי ער פאטשט מיט די הענטלעך, שמייכעלט, לאכט! ווי ער רייסט זיך צום שפיגעל, שטעלט אויס שפיציג דאס קליינע פיסקעלע און וויל קושען דאס „ד ז ש י ד ז ש י א ל ע“ אין שפיגעל!

מיך באפאלט א טרויער...

— האב איהם ליעב, באבעניו! — זאג איך, — ער וועט זיין א גוטער, דיין אייניקעל! ער שמייכעלט, ער האט ליעב, ער רייסט זיך צו זיינס גלייכען! צי גליקליך? ווייס איך נישט, נאר א גוטער וועט ער זיין! — און אנדערע?

— אן אנדער אייניקעל ווייטער האב איך, האט ער גאר אן אנדער טבע! ער שמייכעלט נישט, פאטשט נישט מיט די הענט־לעך, נאר ער וויל שוין וויסען, וואס אויף יענער זייט שפיגעל טוט זיך! ער כאפט זיך מיט די הענטלעך צו דער רעם, וויל זי ריהרען,

אויפהויבען... רייסט זיך אן א זייט, וויל ארונטערקוקען! אז מען לאזט איהם נישט, ווי ער וויל, וויינט ער — א שיף מיט זויער־מילך איז איהם אונטערגעגאנגען, און עס ווערט איהם גארנישט נמאס!

— פון דעם וועט ארויס א מענש, באבעניו! א מענש, וואס וויל זעהן י ע נ ע זייט, די עיקר־זייט פון דער זאך!

— דאס שפינוועבס פון מיין שפינעל? — צולאכט זיך די באבע יאכנע.

— לאך נישט, באבעניו! אין משל מעג זיין שפינוועבס! אבער א מענש וועט דיין אייניקעל זיין! זיך אליין דערקענט ער נאך נישט, און וויל שוין וויסען, פון וואנען י ע נ ע ר קומט ארויס... אפשר בייסט ער נאך זיין אייגען פיסעל?

— דאס נישט... אין צינגעל אריין — טרעפט זיך! — שמייכעלט זי.

— ער בייסט נאך אין אייגען צינגעל, און עס לאזט איהם קיין רוה נישט: פון וואנען נעמט זיך יענער?

— א „משעקאוואשטש"!

— א „משעקאוואשטש" נאר פון א מ ע נ ש! א הונט טוט עס נישט, אפילו נישט דער קליגסטער! דער ג ע ל ע ר ע נ ט ס ט ע ר הונט, אפילו נישט א הונט א קונצען־מאכער! יענע זייט אט חלומ'ט זיך זיי אפילו נישט!... און מיר אלע, באבעניו, זענען געגליכען צו קינדער; די וועלט, באבעניו, איז א שפינעל — —

— לאמיך געהן, לעבען מיינס, — מאכט די באבע אוועק מיט דער האנט, — דאס איז נ י ש ט פאר מיר... צו אלט דערצו!

---

די באבע יאכנע פארטראכט זיך. איך וויל זי פארוויילען און פרעג:

— און דער אדלער דיינער, באבעניו, איז טאקע זהב־טהור?

— נעווען — כאפט זי זיך אויף — אין די ג ו ט ע צ י י־ט ע ן, ווען מיין אלטענס עטרות זענען אויך געווען אי כסף־טהור, אי זהב־טהור... היינט — —

— וואו איז אלץ אהינגעקומען?

— א זוהן אויסגעלעזט! אפילו דאָס זילבער פּאַרקויפט! און גאָלד און זילבער אויסגעטרעגט און מיט שיך (מישורא) פאַר־העפּט...

אינמיטען ווערט זי אומגעדולדיג:

— וואָס טויגען אבער די נאַרישקייטען... משל אהין, משל אהער — ווי קומט עס צו גוטע אידען?

— נאָר דאָס, באָבעניו, קומט אויך פון משל ארויס! האָסט עפּעס א שוואַך אייניקעל, באָבעניו?

— וואָלט איך אזוי נ י ש ט געהאַט... פּיסלער, נעבעך, אויסגעקרימט...

— ווי וואָלט־זשע געווען, באָבעניו, ווען אזא אייניקעל זעצט זיך אמאָל אויף אין דערפריה אין בעט און דערצעהלט די אנדערע קינדער אזא מעשה:

— באשר בכן — דערצעהלט ער — ביינאַכט האָט איהם עפּעס — זאָל זיין, ער מאָלט אויס א מלאך מיט פליגעל! — האָט איהם עפּעס געוועקט (און דו, האָסט א גאַנצע נאַכט קיין אויג נישט צוגעטאָן, און ווייסט, מען האָט קיין שאָרך נישט געהערט) און עס האָט איהם אויפגעוועקט (דו ווייסט, ער איז א גאַנצע נאַכט געשלאָפען!) ער איז (מיט די קרומע פּיסלעך!) אראָפּגעשפּרונגען פון בעט, צוגעלאָפען צום שפּיגעל (דו ווייסט, אז ער האָט זיך נישט געריהרט פון אָרט!) דערלאַנגט (און דו ווייסט, ווי קליין ער — און ווי הויך דער שפּיגעל איז) און האָט איהם איבערגעדרעהט (און דו ווייסט, אז ער האָט דערצו קיין כח נישט, און וועט אפשר קיינ־מאָל נישט האָבען)... און אויף יענער זייט איז אָנגעשריבען מיט מלאכים־כתב (און דו ווייסט, אז ער קען קיין פ ר אָ ס ט ע עברי נישט!) מיט שוואַרץ פייער אויף ווייס פייער.

— רבונו של־עולם! — שרייט אויס די באָבע יאכנע, האַלב געלאַכט, האַלב דערשראָקען — די האָר שטעלען זיך מיר קאַפּויר.
— וואָס קאָן דאָס זיין?

— עס איז נאָך נישט געענדיגט, באָבעניו! ער דערצעהלט, וואָס דאָרטען שטעהט אויף מלאכים־כתב!

„דאָרטען שטעהט — זאָגט ער — אז ער איז דאָס בעסטע קינד פון אַלע קינדער... אז אַלע קינדער זענען מחויב פאַר איהם

צו באהאלטען און איהם אוועקצוגעבען — אלע האניג־טייגלעך, ס'גאנצע קאנדעל־צוקער, אפילו די בייגעל פון אנבייסען!..."

— אזוי! — זאגט די באבע — איז ער דאך גלאט א גע־בוירענער שווינדלער! אזוינס וואלט איך דאך — זאגט זי — גע־קיילט.

— אייל דיך נישט, באבעניו! נישט אזוי געשווינד מעג מען קיילען! עס קאן זיין א קרענק!... א קראנק קינד, האט עס קראנקע חלומות... מען דארף א דאקטאר רופען, אפשר מוז מען עס גאר אין הקדש ארייגפיהרען... עס קאן זיין אזא קרענק, דאקטוירים ווייסען דערפון!

— אזוי?!

— און דאס, באבעניו, זאג איך טאקע: גוטע אידען דארפען א דאקטאר. קראנקע — אין שפיטאל, שווינדלער זאל מען קיילען. און א סוף! „כלחוך השור" וועלען זיי פון דיינע שטעדט און שטעדטלעך מאכען!

---

און ווייטער פארטראכט זיך די באבע יאכנע, און איך פרעג:

— און דער אייבעל דיינער, באבעניו?!

— עט, אן אלטע פאלשע מטבע! מיט דער אמת'ער, בצירוף כלי־בית און אביסעל בגדים, האט מען פאר אייניקלעך צו דריי הונדערט רובל קנס געצאהלט... נאך מיט חסד, וואס מען האט גע־לאזט אויסצאהלען...

איך האב שוין מורא צו רעדען פון צירונג און פרעג:

— און דו האסט צייט, באבעניו, אזוינע ש א ל ו ת צו־ליעב אומישנע א ה ע ר צו קומען?

— צייט? איך האב דען מעהר ווי צייט? וואס האב איך דען צו טון, קעצעלע?!

— און דיין שניט־קראם? האסט דאך, באבעניו, אמאל א גרויסע שניט־קראם געהאט!

— געהאט!... א קראם איז ווי א מענטש... זוויגט אזוי לאנג, ביז זי ווערט איינגעשרומפען... קינדער אויסגעזויגט, אויסגעגעבען... קנס באצאהלט — אלץ פון איין קראם איז זי טאקע איינגעשרומפען

געווארען! פון א גרויסער איז געווארען א קליינע, א קלענערע... דערנאך א שטעלעבעל, א טישעל, א קיישעל נאר, ביז — עס איז געקומען צו גארנישט!

— און א „קניפעל" האסט דו דיר, באבעניו, געלאזט?

— הלואי וואלט איך שכל געהאט!... די קינדער אפילו געהט עס אויך נישט גוט... די אייניקלעך דערפאר וועלען אפשר זיין לייט... נייע מענשען... נישט געשטעלט — און געמעקט, אהן קאפּ־פארדרעהעניש, נאר מען ארבייט! ווער ביי א בעל־מלאכה, ווער אין פאבריק... נישט אלע, נאר ס'רוב אזוינע... אסך מעשה אבות ירשו בנים, אסך זענען אוועק...

— געבענשט זאלען זיין זייערע הענט. און דו, וואס טוסט, באבעניו?

— אביסעל קוק איך צום אלטען... אביסעל שטריק איך זאָ־קען... באק מאנקיכלעך פאר אוראייניקלעך... אויף יום־טוב — ווי אמאל האניג־טיינלער... מען לעבט — אבי ווייטער! אצינד בין איך דא...

נאר, אז איך בין שוין דא, וואלט איך געוואלט פרעגען, שוין נישט דיך, וועגען ר ע מ א ט ע ן... נאר דו גלויבסט דאך אבער אין קיין דאקטוירים נישט!

— איך גלויב, באבעניו — אסך עהרליכע לייט! איך וועל דיר אויסזוכען איינעם!

— ס'האט צייט, מיר וועלען זיך נאך זעהן.

דערווייל געזעגענט זי זיך.

איך באגלייט זי, וויל שוין פארמאכען די טיר, נאר אויף דער שוועל מאכט זי:

— ווייסט, וואס איך וועל דיר זאגען? מקנא בין איך דיך נ י ש ט... שטענדיג מיט'ן בעזעם!

— וואס זאל מען טון, באבעניו? וואו דאס מזל שטעלט א מענש, דארט איז טשאסאוואי!

. . . . . . . .

19.

25טען סעפטעמבער, 1902

רבותי!

צי האב איך אייך ביז היינט נישט געטריי געדינט?

זאגט, צי האט זיך עפעס צוגעקלעפט צו מיינע פינגער?

צי האב איך אמאל א פרעמדען אקס גענומען, א פרעמדען אייזעל, נישט סאמע איינענע, נישט סאמע היימישע געקוילעט אויף כשר?!

און וויפיעל באלאנען ביטער־וואסער האב איך אייך צוגע־שטעלט, צו לייטערען דאס געבליט?

און מיינע בליצען, וואס איך לאז אויף פינסטערע שטעדט־און־שטעדטלעך? און די מאמענטאלע פאטאגראפיעס, וואס איך מאך דערביי?

דארף איך אייך נאך בעטען, איהר זאלט מיר ערלויבען כאטש איינמאל צו באנוצען די שטעדט און שטעדטלעך פון מיין טובה וועגען?

---

און באנוצען וויל איך די „שטעדט און שטעדטלעך“ אויף א רשימה פון חתנים און כלות!...

די מעשה דערפון איז אזוי, איך זוך מיר א צושפרונג צו דער פרנסה. אויף ליטעראטור אליין איז זיך נישט צו שטעלען! צו וואס זשע נעמט מען זיך אבער? צו דעם, וואס איך טויג, טאר איך מיך נישט נעמען, און וואס איך מעג, צו דעם, לא עליכם, טויג איך נישט! זאגט די שווינגער תחי׳: שדכנות! מהיכא תיתי, זאל זיין שדכנות! בין איך אבער נישט אימשטאנד ארויסצופאהרען אויף דער מדינה און דורכרעדען זיך פה־אל־פה מיט שדכנים און מחותנים; איך מוז זיצען זייפ׳ן ארט און האלטען די „שטעדט און שטעדטלעך“ ביים משוגע׳נעם פולס! און גלאט, לאמיך מיך

נאר ריהרען פון ארט, וועט די רעדאקציע וועלען, איך זאל קלייבען אבאנענטען, און צו דעם טוינ איך שוין לגמרי נישט! שריי־בען, אחוץ „שטערט און שטערטלער", נאך שלום־לאהובי־בריף בין איך אויך נישט אימשטאנד, נאך „שטערט און שטערטלער" קריגט מען גאנץ אפט אן אפשיי צום שרייבנעצייג. עס איז אודאי א שנאת חנם, נאר א קרענק איז עס! היינט פאסט־געלט, היכי תמצא פאסט־געלט? אפילו פאראן א ביליגע אידישע פאסט, בחצי חנם א פאסט, א מין „שומר־שמסר־לשומר", איז זי אבער נישט זיכער. אידעלער, געוועהנט צו חלוף, טוישען זיי אוים די בריף, ווארפען אריין דורך אפענע פענסטער... דער מאן כאפט דעם ווייבס, דאס ווייב דעם מאנס בריף, און נימ איין „מנוחה ושמחה" זענען זיך דעריבער צוגאנגען.

מיט דער צייט, אז דאס געשעפט מיט צייטונגען, סאדא־וואַ־סער און אנדערע וואסערען וועט אפפאלען צוליעב דער קאנקור־רענץ, וועט אפשר די אידישע פאסט פאלען אין בעסערע הענט אריין! דערצו איז אבער נאך ווייט.

וועל איך טאקע געבען א רשימה פון חתנים און כלות אויפ'ן ארט פון „שטערט און שטערטלער".

איך מיין נישט די גאנצע רשימה. די כלי־כתיבה פון אקדמות וואלט דערצו נישט געקלעקט. איך וועל יוצא זיין מיט א קליי־נעם מן־המעשר'ל, מיט א לעק פון געדיכטען, וואס מען רופט: „פראבען אהן א שום ווערט!"

---

ערשטענס, נעהט א ראמש חתנים.

יוריסטען, וואס האבען מורא פאר שפרענק־וואסער, דאקטוי־רים אהן פראקטיקע, ווי אויך מאטעמאטיקער, וואס צעהלען און רעכענען — שטיינער אין די גאסען, שינדלען אויף די דעכער, בוי־מער אין די גערטנער, צי גאר — און מיט מעהר הארץ־וועהטאג — פרעמד געלט אין סוחר'ישע קאנטארען...

דאכט זיך אייך אפשר, פועלים בטלים? האט איהר א טעות! מיט אזוינע האנדעל איך נישט! אזוינס הויב איך פון מיסט נישט אויף! איך מיין די, וואס שטעלען זיך אלס קאנדידאטען צו די

רבני'שע — קלפּי'ס אין די גרויסע שטעדט! זאָרגט נישט! זיי וועלען במהרה בימינו צולעגען די רויטע ליפּעלעך מיט די ווייסע ציינדעלעך צום קהל'שען קרעפּעל און נאַגען און בייסען כאחד האדם! ווי אין אבראַמאָוויטש'עס „קליאַטשע" שטעהט.

וכנגדם ביבשה — א ראמש כלות:

עטליכע טוץ אקושערקעס און דענטיסטקעס, וואָס עס איז זיי נמאס ומאוס געוואָרען די הוילע „זעלבסטשטענדיגקייט", און ווי־לען חתונה האָבען, אבי אוועקצולעגען די מלאכה!

העלפט מיר מזוג זווגים זיין! לעקט אויך אָפּ א ביין. איך בין, חס־ושלום, קיין צר־עין נישט!

און, „צווישען אונז נישט אויף זיך", די מיידלעך זענען דאָך אודאי סחורות! א קלער קאָנט איהר נאָר האָבען וועגען די א ו י ס־ש ט ו ד י ר ט ע; איהר קאָנט, למשל, מורא האָבען, טאָמער עפענט זיך א קאָנקורענט געשעפט — א ראבינער־שול, טאָמער הויבען אָן די „דוכאָוונעס" צו באַלעגען העכערע עקזאַמענס, — זאָג איך אייך בהן־שלי, אז עס איז אומזיסט דער גאַנצער פּחד! פון ראבינער־שולע' האָב מע' אזוי לאַנ: גערעדט און גערעדט, ביז עס איז נמאס געוואָרען רעדענדיג... „דוכאָוונעס", וואָס מאַכען הויכע עקזאַמענס, זענען דערווייל אזוי זעלטען, אז ווען איינער באַווייזט זיך, ווערט א רעש אין „הצפירה". און ווען מיר זאָלען האָבען אילוסטראַציעס, וואָלט מען פון אזוינע פּאָרטרעטען געמאַכט.

אפשר וועט זיי באַנוצען „מזרחי" צו פּאָסט־קאַרטען!

---

דאָס איז געווען סחורה פון ש ט ע ד ט: פּעטערבורג, מאָסקווע, אָדעס. אין וואַרשוי קענען די לייט צו ווענינ „עברי"...

איך וואָלט אבער געהאַט נאָך א גרעסערען ראמש חתנים פון „שטעדטלעך". ווען נישט דער קאָמעט!

איהר האָט דאָך אודאי געלעזען, אז הינטער פּעטערסבורג האָט זיך באַוויזען א קאָמעט מיט אן עק פון צוויי צי דריי אַרשין; א קאָמעט באַטייט: מלחמה! איז אבער די שאלה: ווער וועט פיה־רען מלחמה? זאָל דער קאָמעט געווען מיינען די מלחמה צווישען „ליובאַשיצקי" און „בן אביגדור" אין „הצפירה" וועגען זשאַרגאָן

— וואָלט ער אַסך אַ לענגערען עק געהאַט! אַלאַ מאַי, האָב איך געטראַכט, ער מיינט די אומות העולם.

וואַרף איך אַ בליק אויף די אומות העולם, איך וויל זעהן: ווער וויל און קאָן האַלטען מלחמה?

עסטרייך קאָן זיך נישט ריהרען, כל־זמן אונגארן און גאַלי־ציען ליגען זיך איינס ביים אַנדערען אין די האָר ווענען אַ „כרמלית“ פון ד׳ על ד׳ מיט׳ן נאָמען „מאַרסקע־אָקאַ“. בפרט כל־זמן וואַר־שעווער קראָמשטיקס זאָגען, אַז זיי וועלען באין אופן נישט שוויי־גען! פראַנקרייך האָט זיך נאָך נישט אויסגערייניגט פון די גלחים, און האַלט זיך אין איין קראַצען אין קאָפּ! ענגלאַנד דאַנקט גאָט, אַז זי איז ארויס ב ש ל ו ם פון דער לעצטער מלחמה. בלייבט איין דייטשלאַנד? איז עס אָבער פאַרנומען מיט פויזען! פּראָפּע־סאָרען לויפען ארום אין די וועלדער און זוכען ריטער פאַר פּוילישע קינדער אין פּויזנער שולען; יוריסטען ליגען טעג און נעכט אי־בער׳ן קאָדעקס, און זוכען אַ פּאַראַגראַף מיט קייטען און אייזערנע ריטער פאַר די קינדערס עלטערען; די האַרמאַטען, מיט די לעבער קענגען פּאַריז, האָט מען איבערגעדרעהט קעגען פויזען —

הכלל — ווער, צו אַל־די־שוואַרצע יאָהר, וועט האַלטען מלחמה?

לאַנג קלערען האָב איך מורא פאַר׳ן קאָפּ — כאַפּ איך מיך צום קאַלענדער! ווי וועל איך נישט געפינען אַ נבואה׳לע, אַ וואונק?

כאַפּ איך פריהער זייערס אַ קאַלענדאַר — נישטאָ אַ וואָרט! טראַכט איך מיר: זיי ווייסען אַסך! כאַפּ איך אונזערס אַ לוח, זעה איך ערשט — אַז אונזער לוח איז נישט מעהר ווי אַ ריינע איבער־זעצונג פון זייער לוח! אחוץ מנהגי־בית־הכנסת מיט די סדרות, וואָס מען דרוקט איבער פון יאָהר צו יאָהר — אַן איבערזעצונג וואָרט ביי וואָרט! זייערע ירידים, זייערע „קדושים“, כאָטש מען האָט שוין לאַנג פאַרזועהרט מיט זיי צו האַנדלען!

כאַפּ איך היימישע קאָרעספּאָנדענציעס — און דאָ קומט ערשט דער אמת ארויס; מלחמה איז תפוצות ישראל!

דער ק אָ מ ע ט איז נאָר אַ נ י י ע ר, די מלחמות זע־נען אַ ל ט ע; כלי־קדש, גבאים, ציוניזם...

קאָן איך דען האַנדלען מיט חתנים, וואָס איידער וואָס, איידער

ווען, וועלען זיי בלייבען אהן גען, אהן אויערען, און וועלען זיך א מינוט פאר דער חופה, אלס באפרייטע פון מיליטער, אפשטעלען און הייסען געבען טאפעלט נדן? נעה, פאך אויפ׳ם ניי קריעת ים־סוף!

אזויפיעל כח האב איך נישט!

---

פאראן אפילו א ״ימעדטעל, וואס איז געבענשט מיט שלום! האט עס אבער אן אנדער חסרון: עס איז דארט אפגעברענט געווארען דאס באד מיט דער מקוה, און פון צוריק אויפבויען האט מען, פונקט ווי פון א ראבינער־שול, אזוי לאנג גערעדט און גערעדט, ביז עס איז נמאס געווארען רעדענדיג!

מילא, די „ווייבער יאק די ווייבער" — זיי טוען זיך אן עצה; עס איז נאהנט צו אנדערע שטעדטלעך, אפילו נישט זעהר ווייט פון מינסק; פאהרט מען וואו עס איז און מען שלאגט זיך אויס די הוצאות מיט איינקויפען: אייער, ציבעלעס, הינער צי א שמי־קעל וואלענציינג, וכדומה...

אבער די מענער — שרייט מען — געהען ארום, ווי די קוי־מען־קעהרער!

---

נאך איין חתן און נאך איין כלה וויל איך אייך פארשטעלען!

דער חתן איז א בחור א בעל־מופת.

אפילו א פראסטער בעלפער געווען, א בעלפער, וואס דער מלמד פלעגט נישט צולאזען אפילו צו דער „עברי". ער פלעגט א נ ט ו ן, א פ פ י ה ר ע ן די קינדער, טראגען זיי כמנהג פוי־לען — „פאר ווארימעס" און אלע ערב־שבת ויום־טוב מאכען ביי בעלי־בתים פיש.

אבער, „אז גאט וויל — זאגט מען — שיסט א בעזעם" — ווייזט זיך אויס, אז דער בעלפער פלעגט מאכען די פיש לכבוד שבת ויום־טוב מיט אזוינע כונות, אז ער האט זוכה געווען, — ווארט, וועט איהר זעהן צו וואס!

איינמאל, עס איז געווען ערב־שבת־נחמו. מאכט דער בעלפער פיש ביים גביר. אין קיך זענען געווען: די דינסט, א יונגע עגונה, וואס דער גביר האט צוגענומען מעהר פאר רחמנות, ווי צוליעב דער ארבייט; די שבת־גויה, וואס ער אליין האט באשטעלט, זי זאל קומען אלע ערב־שבת העלפען דער עגונה פוצען די פיער פאר זילבערנע לייכטער, און דער בעלפער! אחוץ דעם, האט דער גביר אלעמאל געעפענט די טיר פון שטוב און געזעהן, צי די שבת־גויה טוט איהרם בשלמות...

און פלוצים, דער גביר האלט אזוי אפען די טיר, די עגונה דרעהט זיך, ווי איהר שטייגער איז, ביים קוימען; די שבת־גויה פוצט און דער בעלפער גיט א שפאלט אויף דעם גרויסען, לעבעדיגען העכט, גיט א שפרונג ארויס פון בייך א לעבעדיגער שלייען, גיט זיך א הויב אויף די פלים־פעדערען, א שווים איבער דער לופט און גיט א זאג מיט א קול פון א מענש:

„דו, בעלפער, ווייל דו האסט אזויפיעל כונות אריינגעלעגט אין די שבת'דיגע פיש, ווערסט דו זוכה זיין..."

נאר מעהר האט מען נישט פארשטאנען, אזא געשווינד לשון האט דער שלייען געהאט, און אזוי געשווינד איז ער ארויס דורך דעם אפענעם פענסטער!

און געהערט האבען עס די עגונה, דער גביר אפילו לייקענט, נאר מען גלויבט איהם נישט. און א „מסיחה לפי תומה" — די שבת־גויה, וואס פארשטעהט אויסגעצייכענט אידיש, און רעדט אידיש אזוי וואויל, אז נישט איין אידישער מחבר וואלט געמעגט צו איהר געהן אויף דער לערען!

דאס איז דער תתן. אצינד געהט די כלה און א וואוילע כלה— אויסגעטונקט אין יחוס!

פארשטעהט איהר מיך, א רב'ס א טאכטער, פון דער רוסישער געגענד א רב!

און וואס פאר א רב!

מיט זיבען אויגען פלעגט ער קוקען אויף שחיטת־חוץ; אפגע־ היט ווי אן אויג אין קאפ דעם עירוב! יעדע וואך אויפ'ס ניי גע־ כשר'ט די מקוה! א צונג צו א חלף האט ער געהאט. טאקע איינע אין דער וועלט! היינט אויף חרמות — א מויל אויף אייזערנע

שרויפען! און מעביר געווען האט ער: פיער און צוואנציג שוחטים, פיער און זעכציג קצבים און דריי „חדרים מתוקנים“ צובראכען כחרס הנשבר!

ווי געזאגט, דער צדיק איז נתבקש געווארען בישיבה של מעלה, מן־הסתם פאר אן אויבער־שמש אין גן־עדן אריין, און האט איבער־געלאזט א בת יחידה! שרייבען שרייבט מען: א יפהפיה! א לייבעל ווי א קליסקעלע, אויגעלעך, ווי די מאנדלען, ליפעלעך, ווי דינע פעדימלעך, און האר — נאר דאס איז שוין א נארישקייט, וואס מען שרייבט וועגען האר, עס וועט פון זיי קיין זכר נישט בלייבען! וויל טאקע די שטאדט זיך און דער יתומה שטעלען א חופה מיט איין חתן אין איין טאג!

מען שרייבט: מען זוכט אן אלמן צי א גרוש, אבי א זקן ורגיל, נאר א בחור, אויב א רעכטער, וואלט אויך נישט געשאדט!

מיין איך טאקע, אז א רעכטער וואלט געווען דער בחור דער בעל־מופת!

איי וואס? וועגען לערנען? נארישקייטען! הלמאי דער וואר־שעווער רב מאכט אז אין די גטין „נח מיט זיבען גרייזען“, ווייסט נישט, ווען עס קומט „המכונה“, ווען עס קומט „דמתקריא“ — שרייבט פאניע במקום „פיניע“ וכדומה? נו? צאהלט ער נישט צוועלף הונדערט רובל דירה־געלט און האט נישט קיין זומער־וואוי־נונג אין אטוואצק?

אזוי מיין איך. נאר „קבלו דעתי“ זאג איך נישט!

און לאמיר רעכנען, אז די שטאדט וועט נישט וועלען; מיינט איהר, מיין חתן וועט פארזיצען? האב איך פאר׳ן אפשר א בע־סעדען שדוך! — א הבוק!

איהר גלויבט נישט? הערט א מעשה:

אין „אונזערס“ א פוילישער שטאדט (קיין נעהנטערע אדרע־סען קאן איך נישט אנגעבען; איהר קאנט דאך נישט פארלאנגען, איך זאל מיר לאזען אויסרייסען דעם ביסען פון מויל) — אין „אונזערס“ א פוילישער שטאדט האט זיך ארומגעדרעהט א גלגול. א צייט לאנג האט ער זיך ממש ארומגעוואלגערט אין די גאסען און נישט געהאט אין וועמען אריין. געווען איז ער א מ ע נ י ש ע ר

ש ו ס ט ע ר, און א פסק האט ער געהאט, אז ער מוז אריין דוקא אין א דאמסקען שניידער — א זכר צי נקבה, אלץ איינס, אבי א דאמסקען שניידער! אין דער שטאדט זענען אבער מעהר קיין דאמסקע שניידער נישט געווען, אויסער איינעם ר' חיים־יוסל מיט א זוהן ר' יונה־בער און מיט א טאכטער, פון וועלכער מען רעדט, וואס האבען אלע דריי געארבייט ביי איין טיש.

אין שטוב אריינקומען האט דער דבוק באין אופן נישט גע־קאנט. א כשר'ע מזוזה, שמירה'לעך ביי פענסטער און קוימען — קריך אויף די גלייכע ווענט! בלייבט נאר איבער דער נאס. אין נאס ארויס נעהט אבער ר' חיים יוסל, ווי אויך זיין זוהן ר' יונה־בער, קיינמאל נישט אהן א גארטעל. אפילו ווען מען נעהט צום פריסטאוו, לאזט מען דעם גארטעל נישט פון לייב אראפ. וויל ער מיט א גארטעל —"מוטב; ובאם לאו — זאל ער שיקען קיין ווארשוי — אזוי האבען זיי געזאגט — און טאקע אויסנעפיהרט, ווי אלץ, וואס מען מיינט ערנסט! הכלל, פאר'ן גלגול בלייבט נישט מעהר ווי דאס מיידעל. האט אבער דאס מיידעל א צואה פון דער מוטער דער צנועה, זי זאל שטענדיג טראגען א פארטוך, און זי האלט די צואה און היט דאס פארטוך, ווי אן אויג אין קאפ! און א קיימא לן האבען מיר, אז וואס ביי אונז איז א גארטעל, דאס איז א פארטוך ביי אן אשה...

לויערט ער פונדעסטוועגען אויפ'ן מיידעל. קלערען קלערט ער אזוי: וואס עס קאן זיך אלץ מאכען! ביי לייטען טרעפט זיך, אז א מאנספערשוין פארלירט דעם גארטעל און אן אשה דאס פאר־טוך! נאר ביי א מאנספערשוין, וואס פארלירט דעם גארטעל בליי־בען נאך כשר'ע ציצית, און ביי אן אשה וואס? גארנישט!

קייקעלט ער זיך אלץ נאך דעם מיידעל טריט ביי טריט און זי, נעבעך, הויבט גארנישט אן דערפון צו וויסען.

איינמאל, אין א הייסען תמוז־טאג, פאלט איין דעם מיידעל און נעהט זיך באדען. עס פלעגט גארנישט איהר טבע צו זיין! נאר אז עס איז באשערט אן אומגליק, נעהט זי זיך באדען! און אזוי ווי זי קומט צום טייך, וויל זיך אויסטון און ווארפט פון זיך אראפ דאס פארטוך — טראך! דער דבוק איז אריין!

און שויז, ער לאזט זי שוין מעהר קיין פארטוך נישט אנ־

טון !... מיט איהרע אייגענע הענט פּאטשט ער זי אין די באַקען. אז מען ו ו י י ז ט איהר נאָר א פאַרטוך !

פונדעסטוועגען האט מען זי א י י נ מ א ל געראַטעוועט !

ערב־יום־כפור איז עס געווען ! ערב־יום־כפור, ווייסט מען, וויל זיך א גלגול אויך טובל זיין ! האט מען איהר געהייסען נעמען א נייעם ערדערנעם טאָפּ, געהען צום טייך, אָנשעפּען ריין וואַסער, און צוריק קומען, און שטעלען פאַר זיך דעם טאָפּ מיט וואַסער אויפ'ן קוימען. זי האט אזוי געטאָן. אויפ'ן קוימען האט דערווייל, ווי אַלע ערב־יום־כפור, א פייער געברענט, און ב י י ם קוימען זענען צוויי גבאי'טעס געשטאַנען גרייט און געוואַרט. אזוי ווי דאָס מיידעל האט אנידערגעשטעלט דעם טאָפּ אויפ'ן קוימען, איז דער דבוק ארויס צו טבילה ! באותו הרגע האט איין גבאי'טע פאַרדעקט דעם טאָפּ מיט אן אייזערנעם שטאַרץ און די צווייטע האט געוואָר־פען איבער'ן מיידעל א פאַרטוך, און געגעבען אזא בינד צו, אז דאָס מיידעל האט אזש א געשריי געטאָן, אָנגעכאַפּט האט עס זי ביים האַרץ !

דער דבוק אין טאָפּ האט אבער העכער געשריען ! א פייער איז געווען א גרויס, דאָס וואַסער האט אָנגעהויבען קאָכען און ער האט געמאכט קולות, עד לב השמים — אין באָד האט מען געהערט ! און ווען עס איז באַשערט, וואָלט עס א סוף גענומען ! איז אבער דאָס מיידעל א מיידעל מיט רחמנות און דאָס האט קאַליע גע־מאכט ! אז דאָס וואַסער האט אָנגעהויבען שטאַרק צו זידען, האט פּלוצים דער דבוק ארויסגעשריען כהאי לישנא : טריינע־דבשה — אזוי האט דאָס מיידעל געהייסען — טריינע־דבשה ! האָב רחמנות אויף מיר ; איך בין דיין עלטער־זיידע !

און אזוי ווי טריינע־דבשה האט דערהערט, אז דער דבוק איז איהר עלטער־זיידע, האט זי געכאַפּט דעם קאָכענדיגען טאָפּ און ארויסגעשליידערט דורכ'ן פענסטער !

און דאָס וואַסער האט זיך אויסגעגאָסען, דער טאָפּ איז צו־בראָכען געוואָרען און אויפ'ן מיסט אין שאַרבען איז געבליבען ליגען דער גלגול און האט ווייטער געלויערט ! וואָס זאָל ער טון ?

און נישט לאַנג האט ער געוואַרט ! עס איז א שרפה געוואָרען — ר' יוסל חיים'ל מיט'ן זוהן, מיט דער טאָכטער זענען קוים אַרויס

לעבעריג אין די העמדער, זיי אהן די גארטלען, פאר דאס אבער
א י ן ציצית, און זי וואס? אהז א פארטוך מיט'ן זינדיגען לייב!
פארשטעהט איהר דעם סוף!

אצינד הייסט דער ביאליסטאקער מגיד, זי זאל חתונה האָ־
בען!

---

נאר נאר איינגאנצען פארנעמען זיך מיט איינענע געשעפטען
לאזט מיך נישט דאס הארץ. איך וויל נאך ענטפערען אויף א
בריף, וואס ריהרט אן אייך אזוי ווי מיך. ווענען „שטערט און
שטערטלעך" געהט עס.

און עס איז א בריף מיט א „ירנזון":

„ס'טייטש — שרייבט זיך א בייזער איד פון דער פראווינץ—
מיט גבירים בעלי־צדקה זיך טשעפען?

„צי איז שוין צדקה קיין מצוה נישט, קיין מדה טובה נישט?

„צי איז בעסער די גבירים זאלען לינען אויף די קאסטענס,
ווי די עכברים אדער אויסלערנען זיי אויף כל העברות שבתורה?

„און ווער טשעפעט? טינטלער, פעדער־בייסער, קבצנים" —

און דעם בייזען איד מוז איך ענטפערען!

ערשטענס, מיין ליעבער איד, גיבען די טינטלער מעהר פאר די
גבירים — זיי, די טינטלער, גיבען ג י ך, און איינענס — זייער
א י י ג ע נ ס —'זייער אייגענע נשמה גיבען זיי! און די גבירים
גיבען פון קעשענע, און זועמעס עס איז, ווייסט איין גאט!

צווייטענס, צדקה איז א מצוה, אפשר גאר א גרויסע מצוה,
אפשר וועט נאך א לאנגע צייט איינס פון די דריי פיס, אויף וועל־
כע די וועלט שטעהט, זיין צדקה... נאר ליעב האבען א ווייב איז
אויך א מצוה, אויף דער מצוה שטעהט אודאי די וועלט, און וועט
אייביג שטעהן, און פונדעסטוועגען הייסט עס „דברים־שבצנעה"...
א מצוה דארף זיין א צנועה, נישט שרייען אין די גאסען, נישט
ארומלויפען אין שרייענדיגע טריקאטען אין די הויפען.

מתן־קערבלעך איז נאך קיין מתן־תורה נישט; קולות וברקים
ולפידים זענען איבעריג...

איהר שרייבט ווייטער, אז דאס טוט אפשר נישט דער גביר אליין, נאר זיינע מענשען? האט מען אודאי געדארפט שרייבען, זאל ער וויסען, ווי ווייט זיינע מענשען זענען קיין מענשען נישט!

## 20.

1טען אָקטאָבער, 1902

נישט נעבייזערט זיך, ווארשעווער דאָקטוירים!

כעס — זאָגט דער „תלמוד“ — איז עבודה זרה!

און שמעקט אייך נישט דער „תלמוד“, נאָט אייך א לאטייניש ווערטעל: יופיטער, דו ביסט בייז? א סימן — ביסט אומגערעכט!

און אפשר האלט איהר נאָר פון רעצעפטען־לאטיין? נאָט אייך א פראָסט ווערטעל, אפשר א שניידעריש: ווי מען גיט א קלאַפּ אַן טיש, רופט זיך אָן די שער!

טייל זינגען:

עס האָט געהאַט דאָס מיידעלע
א נעזעל ווי א קיגעלע;
האלט זי שטארק פון נעזעלע
און שרייט נאָר אויפ'ן שפּיגעלע!

אמת, א יושר?

צי האָב איך אייך אלע אין איין זאַק ארייַנגענומען און אויפ'ן מארק אויסגעשיט?

צי האָב איך אויפגעהויבען א האַק אויף אייערע בוימער, צי נאָר א פוס אויף די הונט־שוואמען, וואָס וואקסען אין זייער שאָטען?

נאָר וואָס לאָזען די בוימער די צווייגען אראָפּ און ווילען די הונט־שוואמען פארשטעלען?

„ליכט! לופט! — שרייט איהר ביים קראַנקענס בעט — צרוים מיט'ן מיסט!“

און אז עס קומט צו אייך, וואלט איהר די לאָדענס פאר א פרעמד אויג פארמאכט! אייער מיסט (און ווען איהר שווייגט, וואלט עס נישט א י י ע ר געוועז) איז ה י י ל י ג... און ווער

מאכט עס הייליג? די מאראליטעט? דער דאקטארשער מוסר, וואס הייסט פארשווייגען, קוקען דורך די פינגער, וואס א קאלעגע טוט! אחדות, זאגט איהר, מוז זיין!

וועה איז דעם מוסר, וואס איז געמאכט געווארען פאר גאנצע טויזענט דאקטוירים געגען הונדערט טויזענט קראנקע! וואלט נישט גלייכער געווען יד אחת פון ניין הונדערט ניין און ניינציג דאקטוירים ע ה ר ל י כ ע געגען א טויזענטסטען שווינדלער?

---

„א יונגער אידישער דאקטאר — שרייבט איהר, דאס רחמנות צו דערוועקען — קאן זיך נישט ארויפארבייטען. קיין שטעלע אלס איד באקומט ער נישט. קורירען האבען זיך אונזערע אידעלעך ליעב ביי נישט־אידען"...

אמת — נאר צו איז נאר א י י ע ר לאנגע אזוי שלעכט, אדער איהר וועט אלעמען ערלויבען, זיי זאלען זיך מיט דער לאגע פארטיידיגען?

און זאגט נאר, רבותי, אויב כל־ישראל־חברים שמעקט אייך אזוי, — ו ו ע ר דינט ביי אייך?... ו ו א ו קויפען אייערע ווייבער? ווער נעהט, שטיקט און העפט פאר אייך? ווער זענען די שטיוועל אויף אייערע פיס, די צילינדער אויף אייערע קעפ, די רעק אויף אייער לייב? וואס פאר א ביכער ליגען רויט געבונדען אין אייערע ווארט־צימער? און איהר אליין וואס לעזט?

און א דאקטאר לויפט ארויס פון א אידישען שוסטער און צעהלט איבער די פאר גראשען, און געפינט א דורכגעשטאכען צעהנערל און שפייט אויס: פאדליעץ!

און א דאקטאר לויפט ארויס פון א יולדת, וואו ער האט, נאך אן „איבערזעהן", אויסגעשטעלט די יד אויף נאך צעהן רובל, אניט „ברמיך חיי!", ער כאפט דעם פאלטא! — — —

און דיביידע דאקטוירים טרעפען זיך.

— יאק שע מאש, קאלעגא!

— יאק שע מאש, קאלעגא!

און קלאַגען זיך אויף אידישער פּראַקטיק.
יד אחת — — אחדות — — — —

---

ווי א פורעל פון קאלטען וואסער שפּרינג איך ארויס פון דאָק־טעריי און מוסר און טרייסעל מיך אָפּ און וואַרף מיך אויף שטערט־און־שטערטלעכ׳דיגען זאַמד!

פון מוסר ווי אויך פון רעצעפּטען וועט שוין נישט זיין א וואָרט, דערפאַר וועט נאָך אמאָל זיין: אחדות! און ווייסט איהר צווישען וועמען אחדות? צווישען קהלות! נאַטירליך נישט צווי־שען אלע; דערווייל צווישען צוויי! — —

פאַרצייטען, אז עס זענען קיין באַהנען נישט געווען, שאָסייען ווענינ, און אויף די טראַקטען איז מען נישט זיכער געווען מיט׳ן לעבען, פלעגט טיילמאָל שלום און מלחמה צווישען שטערט אָפּ־הענגען פון אַן אתרוג. נאָהנטע קהלות האָבען געהאַלטען בשותפות אתרוגים, און אַז עקסטרא ערל, וואָס פלעגט רייטענדיג איבער־פיהרען איין אתרוג פון קהלה צו קהלה... מעשה שהי׳ און דער ערל האָט אפּגעביסען דעם פּטום אין זאַמושץ, האָט שעברשין איה־העלפט אתרוג נישט געוואַלט באַצאָהלען און יאָהרען לאַנג האָט זיך געצויגען א פּראָצעס צווישען ביידע קהלות... אָדער שלום און מלחמה צווישען שטערטלעך האָט זיך געווענדט אין רב: וואָרים פאַר־צייטען, ווען תורה איז געווען פול אין אלע ווינקלעך, פלעגען צוויי אפילו דריי קהלות האָבען איננאַנצען א י י ן רב, וואָס פלעגט זיצען דאָ א חודש, דאָרט א חודש, פיהרען ביידע ישיבות, פּסק׳נען אין ביידע דין־תורה׳ס, קוקען אויף אידישקייט און אין איינוועגס אויף אָרעמע לייט, מען זאָל נישט מאַכען קיין „קנוניא״ און „מיקר זיין דעם שער״ פון „צרכי אוכל נפש״ — בפרט מעהל אויף פּסח, פיש אויף שבתים וימים טובים זאָלען ניט זיין טייער וכו׳....

היינט האַלט שוין בעונותינו הרבים די תורה אין איין צוריק־פליהען אין הימעל אריין; דין תורה׳ס האַלט מען נישט, עס קאָסט טייערער און עס דויערט לענגער, ווי אין געריכט — וועגען יקרות בפרט און וועגען אָרעמע לייט בכלל קלערט מען שוין לאַנג נישט

— און יעדעס שטעדטעל האט זיינע דריי־פיער רבנים און שרעקט זיך, עס זאל נישט קומען קיין פינפטער און קיין זעקסטער!...

וואס דען האלט צוזאמען, ווי מען שרייבט, רעזינא, א קהלה אין בעסאראביען, וואס לעבט פון טאבאק און וויינטרויבען, און ריבניצא — א פוילישע קהלה, וואס מען שרייבט נישט, פון וואנען זי לעבט?

וואס קאן זיין אזוינס, וואס באהעפט די צוויי שטעדט, וואס דער בייזער טייך דניעסטר צושיידט מיט זיינע וואסערען?

א מקוה איז עס!

אין רעזינא איז אפגעברענט געווארען די מקוה, אין ריבניצא נאך נישט!

פאהרען זיך רעזינער ווייבער כשר'ען קיין ריבניצא און דאס ריבניצער באד שיקט נאך זיי ארויס שיפלעך איבער'ן דניעסטער קיין רעזינא —

אחרות! —

און פאר די שיפלעך צאהלט מען נישט — מיט'ן באר־געלט איז מען יוצא — — —

און ווען מען הייצט אין ריבניצא דאס באד, שיקט ארויס די רעזינער רבי'צין א חברה ווייבער אין די רעזינער גאסען, און זיי קלאפען שטילערהייט פארטאג אן אין די לאדען — און יעדער קלאפ איז א בשורה טובה, א נחמה:

די שיפלעך קומען, די שיפלעך קומען!

נישט לאנג אבער — זאגט מען — וועט צווישען א פוילישער שטאדט מיט א בעסאראבישער זיין אחדות!

אין רעזינא, זאגט מען, איז פאראן א זעיר אנפין פון באראן הירש, א נגיד א חשוך־בנים — אויף איהם האפט מען, ער וועט צוריק אויפשטעלען דאס באד! כאטש די ווייטע קרובים להכעים!

זעהט, דאקטוירים, דערהאלט איהם ביים לעבען, כאטש ביז דער צואה!

21.

8טען אָקטאָבער, 1902

און אז עס וועלען קומען די ימים־נוראים, עס וועלען זיך עפע־נען די טויערען פון הימעל, — די שערי־רחמים וועלען זיך עפענען ברייט, — וואס, מיינט איהר, וועל איך בעטען ביי זיין ליעבען נאמען?

נישט קיין חכמה, ווי שלמה המלך; נישט קיין נצחון איבער שונאים, ווי דוד המלך זיין פאטער; אפילו נישט קיין בולקע מיט פרישער פומער, ווי, להבדיל, באנטשע שוויינ.

ע ש י ר ו ת  וועל איך בעטען.

איך וועל מיך איבערדעקען מיט'ן טלית איבער'ן קאפ און בע־טען רחמים: געלט! געלט, רבונו של עולם! געלט!

מען האט היינט קיין אנדער ברירה נישט!

עשירות גיט ממשלה, לכל־הפחות איבער קהל; כבוד, לכל־הפחות אין בתי כנסיות ובתי מדרשים; פון אזוי עולם־הזה איז דאך נישטא וואס צו רעדען! און וויל מען, אויפ'ן הונדערטסטען פאל, א שטיקעל עולם־הבא אויך — ווערט מען א מתעסק בצרכי צבור, גיט מען צדקה...

א דאגה מיט וואס גאט און לייט צו קויפען!

מען טיילט אפילו עולם־הבא!

וויל איך, בין איך אליין א רעדעל־פיהרער; איך הייס מיך מאכען פאר ראש־הקהל, גבאי, צי פאר וואס עס איז. בין איך! פיהר איך  א י י נ ע נ ה ע נ ד י ג  קהל ביי דער נאז, נעם איך איין דאס גאנצע עולם הבא. וויל איך, הייס איך קלייבען ווען מען מיר געפעלט; פיהר איך יענעם ביי דער נאז, יענער די שטאדט ביי דער נאז און מיט'ן עולם־הבא טיילט מען זיך; עס וועט גענוג זיין פאר ביידע!

איך האב געלט. וויל איך „הוצאות והכנסות", „אתה הראית". „חתן תורה", „חתן בראשית" און אלץ, וואס א מקום קדוש האט צו פארקויפען. וויל איך, נעם איך אליין און שלינג שטיקער עולם־

הבא; ווייל איך, בין איך אנדערע מכבד מיט עולם הבא, ווי מיט א גוטער ציגאר!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אז הונדערט אָרעמע לייט — אדרעסער בני־ציון ווילען פאַר־שריבען ווערען אין גאָלדענעם בוך פון אידישען נאַציאָנאַל־פאָנד, האָבען זיי קיין געלט נישט! מען בענקט, מען לעכצט צום גאָלדע־נעם בוך, נאָר — ווי אין דעם „את־ברי"־ליעדעל זינגט זיך: און קיין געלט איז נישטאָ! הונדערט רובעל זעהט אָז אדרעסער בן־ציון אפילו אין חלום נישט!

וואָס מוזען זיי, נעבעך, טון, די אָרעמע לייט? הערען זיי דעם לידער רב׳ס עצה, מאַכען יעדען פיערטען שבת פאַר א וואָכענ־טאָג, שטעלען קיין טשאָלענט נישט, זאָגען זיך אָפּ פון קאַשע, קור־געל, פלייש — און עסען „שאר ירקות", און לויט מען שרייבט, האָט א שבת פרשת עקב איינגעבראַכט א פאַרצייכעניש אין גאָלדענעם בוך!

און — וועה צום קבצנ׳ישען נחת! פאַרשריבען איז געוואָרען — נישט בערעל טרעגער, נישט יונה וואַסער־טרעגער, נישט שמואל שוסטער, יוסל שניידער וכדומה, נאָר בתכלית הקצור: אדרעסער „בני ציון"! אלע אונטער איין פאַרצייכעניש, ווי אָרעמע אינגלעך האָבען שמחת־תורה א י י ן עליה, אונטער איין טלית...

אָבער, אז איך וועל, אם ירצה השם, זיין אן עושר, כאַפּ איך ארויס א הונדערטער — עס איז דאָך נישט ערגער ווי אן עברה׳לע! — און שיק! און פאַרשרייבען וועט מען: הלא הוא הגביר המפורסם, מיט נאָמען, ביינאָמען, צונאָמען, פאַטער־נאָמען, פאַמיליען־נאָמען, אפילו מיט דער גילדיע, וואָס איך וועל צאָהלען...

וועל איך דאַמאָלט אויך לעבען בשלום מיט׳ן ווייב, איז נאָך א הונדערטער, פאַרשרייבט מען זי אויך! קינדער אין דער וויג קאָן איך פאַרשרייבען! נפל׳עך!

און ממילא וועט עס מיך נישט קאָסטען אויך! וואָרים, אז מען קאָן, ווען מען וויל — הויבט זיך גאַרנישט אָן צו ווע‎לען! איז נאָר די תאוה נישט אַזוי גרויס! זאָלען די ק ב צ נ י ם אָפּקויפען ארץ־ישראל, א ו י פ ב ו י ע ן דעם בית־המקדש און מיר וועלען דערנאָך געבען זילבערנע לעפעל!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אז איך בין אן עושר און וואוין, למשל, אין א גרויסער שטאדט, וואו אלץ איז טייער, און עולם־הבא און כבוד אויך; וואו, אז עס קומט צו עפּעס, רעדט מען פון טויזענטער, אגיט, וויל אפילו א „קוריער פאראנני" נישט דערמאנגען! און איך בין, לא עליכם, קארג, האב אויף אזויפיל קיין ממשלה נישט, טויזענטער לאזט דאס הארץ נישט: טו איך מיר, מיינט איהר, קיין עצה נישט? אודאי! נעם איך און פאהר מיר ארויס אויף דער וועלט — גע־שעפּטען צום פאהרען פעהלען נישט! — כאפּ איך מיך אראפּ כלאחר־יד ערגעץ אין א קליין שטעדטעלע, וואו א מאה איז א שטארקע מטבע! למשל, אין מאהליווער גובערניע אין א קאפּוסט, און אז איך וויל, גיב איך א ווארף אין דעם מויזען־לאך אריין א דריי הונדערטער... ווי מיינט איהר, וועט נישט רוישען די וועלט? א דריי הונדערטער קרן־קימת־געלט אויף תלמוד־תורה, און מן־הסתם אויף כשר'ע! און איין אונטער־ צי אויבער־סעקרעטער, א משה דוד דראבקין וכדומה, וועט באלד לויפען מיט די לאנגע הענט און אנציהען די גרויסע גלאק אין „הצפירה", צי אין „המליץ", צי אין ביידע צוזאמען און מיין נאמען וועט קלינגען, קלינגען און וויי־טער קלינגען, אז מען וועט הערען אין אלע זיבען הימלען, ווי אין גאנץ תפוצות ישראל!

ווער שמועסט, אז איך וועל נאך אוועקלענגען די האנט פון הארץ און פארשרייבען זיך נאך אויף עטליכע רובל יאהר־געלט— הא—הא!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ווען איך וואוין, למשל, אין פאלטאווע, בין איך איינער פון די גרויסע רעדעל־פיהרער. ע פּ ע ן איך גאר א תלמוד־תורה! אז איך וויל, עפען איך!

און איך שטעל מיר פאר, אז עס קומען אריין צו מיר י ע נ ע לייט, יונגע משכילים'לער, וואס מיינען, אז זיי האבען א מאנאפּאל אויף פעדאגאגיע, אויף תלמוד־תורה, און פרעגען, אפילו בעניוות:

— גביר־לעב, מיר האבען געהערט, דו ווילסט עפענען א תלמוד־תורה, מיר האבען שוין אנגעגרייט פאר דיר א דרייפאכי־גען „יישר כח": א געזאנגען, א געשריבענעם און א געדרוקטען!

מיר וועלען עס מיט'ן גאנצען הארץ פארזארגען... נאר זאג

אונז, גביר־לעב, — רעכט תלמוד־תורה, נאר ו ו ע ר וועט לער־נען און ו ו א ס וועט מען לערנען אין תלמוד־תורה?

און איך בעט זיי אפילו נישט זיצען, און שטעל מיך אפילו צו זיי נישט אויף, און ענטפער אויפ׳ן גביר׳ישען שטייגער:

— פון ווען אן ווילען עם קבצנים זאגען דעות?

און זיי ווילען אראפבוינגען די קעפ און פרואווען זיך נאך מיט א ציטעריגען קול:

— ס׳טייטש, עס געהט דאך נישט וועגען מסחר, וועגען באנק־נאטען צי וועגען פאדריאדען, אויף וואס נישט מ י ר זענען די מבינים... עס געהט דאך וועגען תורה, וועגען לערנען, און מיר זע־נען דאך די מורשים!...

דאס אבער ארט מיך שוין! איך לעג מיין פינגער (מיט די פיער בריליאנטענע רינגען) אויפ׳ן עלפענביינערנעם קנעפעל פון עלעק־טרישען גלעקעל אויפ׳ן טיש. די שוטים ווייסען אפילו נישט, וואס דאס ריהרען באטייט און זאגען ווייטער, אביסעל פעסטער ביי דער דעה:

— און עס איז דאך נישט — זאגען זיי — אייער געלט! עס איז דאך קאראבקע־געלט, קעסטעל־געלט! ארעם געלט איז עס דאך! א ו נ ז ע ר געלט! איהר מיט אייער איידעלען געזונט און נאך איידעלערען געזינטעל עסט דאך נאר הינער־פלייש, אלערליי וואס־פלייש...

נאר דאס גלעקעל האט זיינס געטאן; פאר מיר ענטפערט שוין דער לאקיי! — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ווען איך וואוין, למשל, אין א שטעדטעל אין גראדנער גו־בערניע, בין א גרויסער עושר און עס פאלט מיר איין צו פאהרען אלס דעלעגאט פון בני־ציון קיין מינסק, וואלט איך, מיינט איהר, נישט געפאהרען?

איך וואלט גאר קיין ציוניסט נישט געווען, — ביי גרויסע גע־שעפטען, ווער האט צייט דערצו? — איך וואלט אפילו קיין שקל נישט געצאהלט — גלייכער אן ארעמען קרוב! — און געפאהרען וואלט איך!

מען וואלט מיך אפילו נישט אויסגעקליבען! ווער דארף עס? ביי דער קלפי וואלט געווען א מלחמה צווישען א „מזרחי" מיט א „פראקציאניסט"; איינער וואלט גובר געווען; מיין דאגה

ווער... און צומארגענס וואלט איך געשיקט אנזאגען דעם סעקרע־טער, אז איך וויל, דאס הייסט: אז ווען מען בעט מיך, וואלט איך אפשר נישט אפגעזאגט... און — ווער קלפי, ווען קלפי? ער וואלט שוין געשריבען און גע'חתמ'עט אויף מיר! — — — — — — — — —

איהר שפילט אייך מיט עשירות? ?

הונדערטער בלעכער פאלען פון די דעכער; אין פאבריקען ווערען מענשען צוזעגט און צושניטען; ביי פענסטער־וואשען פא־לען אראפ ארעמע מיידלעך פון דריטען און פון פיערטען שטאק... און אזוי — וויפיעל ווערען נעלם?...

נאר ווייסט עמיץ דערפון?

אבער, איך רעד שוין נישט פון אמעריקאנישען „מאטטייעה" און זיין אויטאמאביל, פון וועלכען ער איז אראפגעפאלען, נאר גלאט — ווען איך, למשל, בין אן עושר, אדער ווען איהר צ. ב. ש. זייט אן עושר און איינער פון אונז פאלט אראפ גאר פון א פשוט'ען וואַ־גען, ווער שמועסט — פון ביציקעל, נו, וואלט נישט געקלונגען אין אלע „שמאטעס"?

אויב איהר גלויבט נישט, פרואווט!

קלוגע פעלקער לענען זייערע חכמות אין גלייך־ווערטלעך אריין, און נישט אומזיסט זאגט דער עולם: באדיי א משכון צו פארזעצען, אבי אן עושר צו זיין!

מען האט היינט קיין אנדער ברירה נישט!

## 22.

15טען אָקטאָבער, 1902

נישט א י ך אליין בין פרום און דאווען, נאָר אפילו מעשה־ידי — מיין „שטעדט־און־שטעדטלעך"־פעליעטאָן!

עס איז אפילו א א י ד י ש קינד, א ג ל ו ת קינד... אזוינס, אז עס געבירט א בייזע לשון־קודש קאָץ, בייסט זי איהם באַלד דאָס ווייכע קעפּעל אָפּ און עס דערלעבט נישט צו זעהן די ליכטיגע שיין! און דאָך, קוים שפּרינגט עס מיר פון הארץ ארויס, נאָך דער נאָפּעל נישט אָפּגעשניטען, פארלענגט עס שוין די פרומע הענטלעך און עפענט דאָס קליינע מיילעכעל און זאָגט אויף לשון־קודש:

— „אלהי,

„עד שלא נוצרתי אינני כדאי!

„ועכשיו, שנוצרתי —

„כאלו לא נוצרתי?"

עס האָט אביסעל „גראַם" איז זיך, נאָר אסך אמת!

אויף ווענען ווירקט מען? ווער הערט און פארבעסערט זיך?

דער ג ע ט ר א פ ע נ ע ר זאָגט: א בלבול; דער נישט־געמיינטער — אַ. א גלייך־ווערטעל!

א פיין־געבילדעטער, פיין־דערצויגענער ציהט צוזאַמען די פוי־לע ליפען: פוי!

א פיין־געבילדעטער, פיין־דערצויגענער מענש דארף קיין מגיד נישט! ער האָט זיין איינען ג ע ו ו י ס ע ן, א פיין, ווייס דער־צויגען שוים־קעצעל מיט שטענדיג אָפּגעשניטענע נעגעלער, וואָס בייסט נישט, קראַצט נישט, נאָר גלעט איבער דער נשמה!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

א מענש באשטעהט פון א גוף מיט א נשמה. דאַכט זיך, אז די נשמה איז דער עיקר. דאָך קומט ארוים פארקערט. אז דעם גוף איז עפּעס, דערפיהלט באַלד די נשמה און מען לויפט צו ווענען מען דארף, א צאָן ארויסרייסען, אָפּשניידען אן איבערוואוקס, אויס־

ברענגען א ווילד־פלייש, א פּאַליפּ... פּרענגען, אין וועלכען באַד אריין מען דאַרף פאָהרען און אין נאָס וועט איהר קיינמאָל נישט זעהן, ווענינגסטענס זעהר זעלטען, עס זאָל ארומגעהן א מענש מיט א פוילען גוף!

אָבער פאַרפוילטע, איבערגעוואַקסענע נשמות? אויף יעדען שריט און טריט. נאָר אז די נשמה ווערט קראַנק, האָט נישט ווער צו פיהלען.

אַז דו זאַנסט עמיצען אין נאָס: וואָס זעהסט דו עס אזוי שלעכט אויס? נעמט ער עס אַז פאַר א גוטע מטבע, א קאָמפּלימענט פאַר חבר'קייט! פּרוּאוו אָבער און זאָג עמיצען: „וואָס איז דיין נשמה אזוי בלאָס, אזוי אש־גרוי אָדער פויל־גרין, ווי א סוף־זומער־בלאָט?" שילט ער דיך אין טאַטענס טאַטען אריין!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און מיט אַן אָנגעשוואָלענעם קול פון רחמנות זאָג איך א פיין־געבילדעטען מענש: „הער, דו ביסט א צייט געשלאָפען... מיט א פרעמדען ליעדעל האָט מען דיך איינגעשלעפערט, און דו האָסט עס אין שלאָף ווייטער געזונגען, דאָס נאַרישע פרעמדע ליעדעל... און בשעת דו ביסט געשלאָפען און דאָס נאַרישע פרעמדע ליעדעל געזונגען, איז דיר א היישרעק מיט א קופּערען פּיסקעל אין דער נאָז אריין, פון דער נאָז אין קאָפּ אריין, און האָט דיר פון מח א שטיק געהירען אויפגעגעסען און דו ביסט ווייטער געשלאָפען און דאָס נאַרישע פרעמדע ליעדעל געזונגען, ביז עס האָט דיך אויפגעוועקט א געשריי, א ליאַרם: דיין הויז ברענט! און דו האָסט זיך אויפגע־כאַפּט ה א ל ב מענש, מיט האַלב געהירן, געעפענט א פּאָר נאַרישע אויגען, אַן אויסגעפוילט מויל (אין שלאָף האָסט דו די צייי־נער פאַרלוירען) און זינגסט ווייטער דיין שלאָף־ליעדעל, און צי־טערסט פאַר שרעק אין דרעהסט דיך ארום, ווי א פאַרלוירענע שאָף אויפ'ן אָרט, ארום און ארום, ארום און ארום — —"

און מיט א קול, אָנגעשוואָלען פון רחמנות, זאָג איך ווייטער דעם געבילדעטען מענש מיט דעם האַלב אויסגעגעסענעם געהירן: „הער אויף צו זינגען, די זינג־צייט איז שוין לאַנג פאַריבער... נאַ! נעם א שמעק־טאַביק, ניס אָפּ, ניס אָפּ שטאַרק, וועט דיר דער היישרעק, וואָס עסט דיר אויף די געהירן פון קאָפּ, פון נאָז ארויס. און ווער געזונט!"

בייזערט ער זיך!

א נאַגעל, אז ער פאַררייסט זיך, לאָזט ער זיך אָפּערירען, און אז מען עסט איהם דעם מח, די נשמה אוים, פיהלט ער נישט און זינגט, און בייזערט זיך!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און טרעף איך א פּראָסטען גלות־איד, און געה צו און זאָג איהם: ארויס פון בודע! עפענט ער אויף מיר א פּאָר אויגען!

זאָג איך איהם: הער, דו האָסט געשלאָפען... דו האָסט אזוי־לאַנג געליטען, ביז דו האָסט איינגעשלאָפען... און אין שלאָף האָסט דו געקרעכצט, נישט געזונגען... אייגענע ליעדער האָסט דו לאַנג אין צרות פאַרגעסען און פרעמדע נישט אויסגעלערענט... נאָר בשעת דו האָסט געשלאָפען, איז די שעהנע נאָר שרעקליכע לילית געקומען און האָט אויף דיר א כשוף געוואָרפען. זי האָט דיר אן אייזערנע קייט אויפ׳ן האלז געלעגט און שלאָפענדיגערהייט צו א פינסטערער בודע געשלעפּט און געזאָגט: זיי א הונט! און פאַר׳כשופ׳ט, האָסט דו גענענטפערט: איך בין א הונט! און די צונג ארויסגעשטעלט און פליגען געכאַפּט אָדער אין קלאָרע נעכט קעגען דער לבנה געבילט...

נאָר ווייל דו האָסט קיין פרעמדע ליעדער נישט געזונגען, האָט אויף דיין נשמה דער כשוף קיין שליטה נישט געהאט. זי האָט זיך נאָר איינגעקנוילט. איינגעשרומפּען און ערגעץ טיף, טיף אין מח צי אין הארץ באהאַלטען, זי זאָל זיך מיט די הינטישע געדאַנקען נישט טרעפען, קיין פליגען נישט כאַפּען!

ער עפענט נאָך גרעסערע אויגען און איך זאָג ווייטער:

הער, פון פליגען־כאַפּען לעבט מען נישט —

פרעמדע טעלער לעקען איז קיין כבוד נישט — —

א פינסטערע בודע איז קיין הויז נישט — און דו ביסט קיין הונט נישט! וועק דיך נאָר אויף, וועט זיך אויפוועקען דיין נשמה, זי וועט זיך פאַרשפּרייטען אין דיין גאַנצען גוף, און וועט פאַר־טרייבען די הינטישע געדאַנקען — און א מענש וועסט דו ווערען.

ענטפערט ער מיר:

— דו וועסט מיך אָפּטריניג נישט מאכען, איך בין א הונט און בלייב געטריי!

און ער ווייזט מיר — די ציינער!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

בארג אראפ צו זיין אַרעמען ברודער אין מאָל לויפט גוטמאַן. איך האָב איהם קוים אין נאכט־שאָטען דערקענט; בייטאָג האָט ער מורא פאר׳ן ווייב. די ארורה איז אַ מיוחסת, איהם ליידט זי קוים, קוים; זיינע אָרעמע קרובים לאָזט זי אפילו נישט דער־מאָנען. און אַנגעלאָדען איז ער, גוטמאַן, מיט פעקלעך און שקאר־מוצען. אַ פעקעלע צוקער, אביסעלע קאווע, אַן אַלטע פאָר פּלודערען, אַן אויסגעבויגענער צילינדער — פון די קעשענעס שטאַרען נאָך ארוים פלעשלעך — אביסעל מעדיצין, עס קאָן צונוץ קומען, אבי־סעל איינגעמאכטס. עקסטרא פאר די קינדער — אַביסעל קאַנ־דעל־צוקער...

אין דער בוזעם־קעשענע, בין איך זיכער, טראָגט ער נאָך עט־ליכע בילעטען אויף קוילען, עס געהט צו ווינטער. אַ האַלב טוץ בילעטען אויף מיטאָגען און ברויט אין דער ביליגער קיך... אַ גאַנץ טוץ בילעטען פאר דער גאַנצער משפחה אין בעדעל אריין! — נע־בעך — פארוואַרלעסיגט געוואָרען...

און אַ זיסער רחמנות־שמייכעל בלאָנדזשעט איהם ארום די וואַנסען; ער וואַרפט אַלע מאָל אַ בליק אין הימעל אריין, גלייך ער נעמט די שטערען פאר עדות, אז ער טוט, וואָס ער קאָן — — —

— גוטמאַן, — כאַפּ איך איהם אַן ביי דער האַנט — פאַר־וואָס קאָן דיין ברודער זיך אַליין נישט פאַרזאָרגען?

— מיין ברודער? פאַרוואָס? — שטאַמעלט ער — פאַרוואָס?

— יאָ, פאַרוואָס?

— ווייל ער האָט שוין יאָהרענלאַנג — ענטפערט גוטמאַן — קיין פענסטער נישט געעפענט און קיין פרישע לופט נישט איינגע־אָטעמט... און ער וואוינט אין טאָל, אין נאַסען פייכטען טאָל... אויפ׳ן בארג ארויף האָט ער מורא, דער קאָפּ דרעהט זיך איהם, זאָגט ער... און אין שטוב איז פול שפינוועבס — און עס פליהען ארום פלעדערמייז, וואָס רייסען זיך אין די האָר...

— כ׳ווייס, — ענטפער איך איהם — דיין אָרעמער ברודער איז קראַנק אויף דער נשמה. אויפ׳ן בארג ארויף וויל ער נישט, צו פרישער לופט בענקט ער נישט... דאָס שפינוועבס, מיינט ער, איז פון דיקע שטריק און ער מיט זיינע שוואכע הענט וועט זיי נישט איבעררייסען... די פלעדער־מייז, מיינט ער, זענען אָדלער, און ער

ציטערס, זיי זאָלען איהם נישט דעם מח שפּאַלטען און די נעהירן פרעסען...

— כ׳ווייס, — זאָג איך ווייטער, — נאַר דו ביסט דאָך אויך אין שפּינוועבס נעבוירען, צווישען פלעדער־מייז נעוואַקסען — ווער האָט ד י ך פריי געמאַכט?

— ווער? איך האָב אַביסעל שכל געהאַט...

— הער, גוטמאַן, אפשר וועסט דו געבען דיין ברודער נישט קיין צדקה, נאַר שכל?

עס וועט דיר ג ע ז י נ ט ע ר זיין! צדקה — איז אָנ־שיטען א געלעכערטען זאַק... שכל געבען, דעם אמת אויסזאָגען, לערנען — איז אלישע׳ס קריגעלע בוימאָויל, מען גיסט און מען גיסט, און דאָס קריגעל בוימאָויל בלייבט קריגעלע בוימאָויל!... זאָג איהם, ווי אַזוי ד ו ביסט ארויס און פ ר י י געוואָרען...

— ער וויל מיך נישט הערען... ער איז מיר, זאָגט ער, מיט מיין ארורה נישט מקנא...

— און שוועבעלעך — פרעג איך — האָסט דו?

— נאַר וואָס?

— נעם, — זאָג איך, — צינד אונטער די בודע... פאַרברען דיין אָרעמען ברודערס קרענק...

— פוי! אונטערצינדערס! — בייזערט זיך גוטמאַן און לויפט אוועק.

זיין גוט הארץ ד אַ ר ף צדקה געבען, ער מ ו ז האָבען אַן אָרעמען ברודער! אַניט, וואו וועט ער נעמען ע ו ל ם ־ ה ב א?

און דער אָרעמער ברודער ווייסט נישט, אַז זיין נשמה איז קראַנק!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

„א י י ן שבת אידען זאָלען האַלטען, וואָלט משיח געקומען!“

ווייטער א גמרא און ווייטער אַן אמת!

א י י ן שבת, ווי עס דאַרף צו זיין, א י י ן אמת׳ע נשמה יתרה!

א נשמה יתרה, וואָס זאָל פיהלען, וואָס זאָל וויסען, ווי יענע די טאָגטעגליכע, די וואָכעדיגע איז קראַנק!

וואו נעמט מען זי?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## 23.

29טען אָקטאָבער, 1902

איהר געדענקט דאָס אַלטע משכּילים־ליעד? עס פאַרשווינדען די וואָלקען, די נאַכט מיט איהר פינסטערען שלייער ווערט צו־רונען — די ווילדע חיות־רעות אין וואַלד לויפען זיך באַהאַלטען אין לעכער און אין היילען, — עס רויטעלט זיך די זוים פון הימעל אין מזרח, אַ לייכט פרעהליך געדויש געהט דורך די לופטען — הערט אַ בשורה־טובה: אַ נייע זון ווערט געבוירען, אַ נייער טאָג!

דאָס האָט געהערט דער „תעודה מיט'ן האַמער און ער קלאַפּט אין דער קאַמער": אַרויס פון די בעטען! אַרויס פון די פינסטערע שטיבער אין גאַס וועלט אַריין!

עס איז געווען אַ ליעד פון נצחון, — פאַרוואָס האָט עס אַזאַ האַרץ־טרויעריגע מעלאָדיע געהאַט?

ווייל מען האָט געפיהלט, אַז דאָס ליעד איז פאַלש! מען האָט דעם „אַבערגלויבען" באַגראָבען און אויף זיין קבר געטאַנצט, און דעם אַלטען משכּיל'ס האַרץ האָט זיך דאָך געקווועלט: ווער ווייסט צי דער „אַבערגלויבען" איז נישט אַפּיר פון אונטער דער האַנט אין דער קבר איז לער, אָדער גאָט ווייסט וועמען מיר האָבען באַ־גראָבען?

די זעלבע שאָטען ליגען אין אָרעמען פאָלקס־אויגען, די זעלבע רוחות־רעות נאָגען איהם אויס די נשמה, די זעלבע פּיפּערנאָטער־וואַמפּירען טרינקען איהם אויס דאָס בלוט פון די אָדערען, דעם מאַרך פון די ביינער...

עס איז קיין מזרח און קיין מאָרגענרויט נישט געווען, געשווינ־דער האָט ערגעץ ווייט אַן אויטאָדאַפע געפלאַקערט, אַ מזבח מיט מענשען־קרבנות פאַר'ן בל, בעל צי בעל־זבוב — — און אפשר איז דער טאָג געווען נאָר אַ „קורצער פרייטאָג", אַ „טל־ומטר"־טאָג און די לאַנגע שווערע נאַכט איז צוריק געקומען מיט איהר שווערען אָטעם, דריקענדיגע חלומות און מערדערייען אין די גאַסען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף אונזער פוילעז. שטילען (טייך) שלות, וואס ריהרט זיך קוים, קוים, האט פלוצים א וואל געשלאגען!

עס שלאגט מיט קראפט, פון וועלכער דער שלוח האט זיך שוין לאנג נישט נע'חלומ'ט, און רייסט זיך מיט א בייזער גע־וואלט אלץ ווייטער און ווייטער!

וואוהין? אפשר צום גן־עדן־התחתון — ער האט געהערט דרש'נען פון לעבען, פון קראפט, פון שעהנקייט! און אפשר צו רבה־בר־בר־חנא'ס ארט, וואו הימעל און ערד קושען זיך, און א זיס־ציטערניש נעמט דורך די ערד און פלאם־פייער ווערט דער הי־מעל! און אפשר גלאט אזוי, אין דער וועלט אריין, גאט און לייט להכעיס איבער'ן זאמד אריבער, נאך וואס גרעניצען? רחבות וויל ער, צום אין־סוף בענקט ער!

זינגט, משכילים! פרעהט אייך און זינגט, פון אונזער שלות וועט א ים ווערען!

זינגט נישט, משכילים! און ווילט איהר אייך נארען, זינגט אייער נצחון נאר מיט א הארץ־טרויעריגער מעלאדיע, עהנליך צו א קלאגן־ליעד, צו א שטילען הספד!

דער וואל איז נישט שולדיג, וואס ער הויבט זיך און שלאגט, נאר דער רוח — א דבוק איז אין וואל אריין. אפשר א נשמה־יתרה. און דאס יאגט און טרייבט, און שטיפט און ווארפט!

דער וואל אליין איז וואסער, די זילבערנע שוים אויף זיין רוקען איז אויך נאר וואסער; וואסער מיט דער אייביגער טבע צו פליסען, וואו עס לאזט זיך. וואו א שפאלט, וואס נידעריגער, וואס טיפער, וואס באהאלטענער!

זעהט — דער דבוק האט זיך באפרייט, דער רוח איז אין זיין רוה ־טריינגענאנגען, אוים נשמה־יתרה, און דער גרויסער גולם — דער וואל בלייבט פאר זיך אליין דערשראקען, דערשראקען פאר זיין אייגענער העזה — נאר פארציטערט, הויבט זיך אן אפצורוקען, צוריק, צוריק אין דער מאמעס שוים אריין, צופליסען זיך, צורינען, און פארגעסען ווערען אין דער פוילער שטילקייט פון אלטען פויל־שוואכען שלוח...

מיר שווימען צוריק! און נאך ווי!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

שעפט נחת פון שטעדט און שטעדטלעך!

אין לוהין — וואָהלינער גובערניע — האָבען יונגעלייט גע־וואָלט עפענען אַ לעזע־ביבליאָטעק מיט ביכער און צייטונגען, איז מען דערפון געוואר געוואָרען און דער רב, בעצה־אחת מיט שעהנע בעלי־בתים, האָט אויסגערופען אַז איסור, מען זאָל אויף דער ביב־ליאָטעק קיין דירה נישט פאַרדינגען און פון ביבליאָטעק־פּלאַן איז געוואָרען גאָרנישט!

אין וואָלבראָם (קעלצער גוב.) איז געוועזען אַן אסיפה אין גע־רער שטיבעל. מען האָט געטרונקען אביסעל משקה און צוויי וויכ־טיגע זאַכען פאַרריכט. ערשטענס, האָט מען געלעגט אין חרם אריין די מענער, וואָס לאָזען זייערע ווייבער זאָלען טראָגען האָר־שייטלען אויף'ן אָרט פון „גזרה־קופּקעס"; די ווייבער אליין זאָל מען ארויסטרייבען פון שול! צווייטענס, האָט זיך געפונען אַ יונ־גערמאַן, וואָס האָט בשתיקה געלעזען אידישע צייטונגען, האָט מען ביי איהם גענומען אַ שבועה דאורייתא, אַז מהיום־והלאה וועט ער די עולה נישט טון; אויב ער וויל וויסען נייעס, וואָס נוצט איהם צום מסחר, זאָל ער לעזען דעם „קוריער וואַר־שאַווסקי" אָדער „פּאַראַנני"...

אין בענדין זענען זיך צוזאַמען געקומען פיער צדיקים מיט אמאָל שערען די שאָף, עס איז געוואָרען אַ גרויסע קאָנקורענץ. און ר' אַלטערל — איינער פון די פיער — האָט געמוזט אראָפּלאָזען פון מקח פאַר רפואות, פאַר בנים־זכרים, ווי אויך פאַר הצלחה אין לאָטעריע...

פיער צדיקים כנגד ארבע כנפות זענען אויך באַפאַלען דאָס קבצנ'ישע זוואָלין... דער פאַרקאָן פון בית הקברות איז צולעגט, די שול איז אַ חורבה, דאָס בית־המדרש־דאַך איז ווי אַ זיפּ: עס רעגענט אריין און די ספרים פוילען, בעלי־מלאכות געהען ארום אָהן ברויט — און די פיער צדיקים האָבען דאָך ארויסגע־שלעפּט שעהנע עטליכע הונדערט רובל!

פון נאָוואָגעאָרגיעווסק איז מען מבטיח, אַז די מעשה, וואָס מען האָט געשריבען פון דאָרטינגען לעהרער איז אמת.

אין סאָקאָלי איז פאַראַן אַן אַלטע חברה־קדישא מיט אַלטע חטאים... ערב ראש חודש שבט — אַ סעודה־גדולה!... פאַר שבט לויפט מען ארום, ווי פאַר'סמ'טע מייז: צי איז נישט עמיץ קראַנק? צי וועט נישט זיין קיין פּעטער בר־מנן? און איז עמיץ קראַנק,

לויפט מען צום דאקטאר פרעגן, ווי ער האלט, צי וועט ער דער־געהן ביז ערב ראש חודש שבט? אז נישט, — פארזעצט מען די ספר־תורה!...

און אז עס האט זיך געמאכט א חברה א נייע, מיט נייע תקנות, מיט נייע הנהגות, אהן רציחות, אהן גזלות, אהן פרעסען און זויפען — שטעלט זיך די אלטע, ווי א חיה־רעה אויף אלע פיער און לאזט נישט.

ש—ץ איז א שטעדטעל, וואס האט א רב פון רב־לאנד! די סאקאלער אלטע און נייע חברות זענען צו איהם גע־פאהרען האלטען א דין־תורה...ביידע צדדים האבען צוזאמענגע־קלאפט הונדערט און נײַנציג רובל פסק־געלט און דער רב האט צוויי מאל גע׳פסק׳ט: פריהער, אז די נייע חברה הייסט נישט קיין הסגת־גבול, ווייל גזל איז אסור מדאוריתא, און די אלטע חברה, לויט ווי עס האט זיך אויסגעוויזען, האט גע׳גזל׳ט אלמנות מיט יתומים, און דערנאך, — אז מען האט איהם איינגערוימט, אז אין דער נייער חברה האבען זיך פארשריבען ציוניסטען, האט ער איבערגע׳פסק׳ט: קבורה־געלט איז קיין גזלה נישט, א מנהג ברעכט א דין. א חברה טאר מען נישט מבטל זיין... אלטע צולע־גען און יונגע בויען איז נאך נישט גלייך! וכדומה...

פויל, נידעריג, פאלש און יאמערליך — — —

בא — טרייסט איהר אייך — די פראווינץ!

און אין ווארשוי?

אין ווארשוי גראפיערט דער לאמער צדיק פון ביאלע! צוריק צואוועגס פון אויסלאנד, שטעלט ער זיך אפ אין ווארשוי... ר׳ אל־טערל אויף דער פראווינץ האט געווארפען דעם פרייז, דער ביאלער האט׳ן געהויבען! ביי א אידענע פלעגט ער נעמען אכט, היינט נײַן גולדען! אחוץ דעם ווערט גענומען א מין סטעמפעל — צעהן גרא־שען פון יעדען קוויטעל, פאר א סגולה — א רובל.

און ער נעמט, חלילה, נישט זיך! ער לעבט פון „כוללת״ — פון יאהר־געלט, וואס חסידים און חסידות שטעלען זיך. די נישט באשטענדיגע הכנסות (אזוי זאגט ער) געהען קיין ארץ־ישראל!

און ווער גלויבט איהם? ווער לאזט זיך גענארען? ווער לאזט זיך שינדען?

נישט קיין גבירים, נישט אפילו קיין בעלי־בתים, נאר די

ארעמסטע ווייבער, וואס מען טרייבט מיט די קיישלעך פון די גאסען; די אומגליקליכסטע בטלנים, וואס טויגען שוין צו גאר־נישט און האבען זיך צו גארנישט צו נעמען; די קראנקסטע, וואס האבען שוין פארלוירען דעם צוטרויען צום רופא, אדער, וואס דער רופא האט שוין אויסגעדריקט ווי א ציטרין און פארטריבען... די, וואס גיבען דעם גראשען מיט׳ן לעבען, מיט דער נשמה צוזאמען!

פאלשקייט, שווינדעל, נידערינקייט, פוילקייט — שמאך און שאנד — — —

— אלטע זאכען, — זאגט איהר, אלטע, טאג־טעגליכע זאכען.

אוי, מענשען, מענשען, הלואי וואלטען זיי נישט אלט, נישט טאג־טעגליך געווען!

זיי זענען אבער אזוי אלט, אז גאנץ אלטע מענשען זענען שוין מיט זיי געבוירען און קאנען זיך אנדערש דאס אידישע לעבען נישט פארשטעלען, און מען ווערט אפהענגדיג אדער מען פארמאכט די אויגען און מען זאגט זיך: מיר זעהען נישט, על־כן עקזיסטירט עס נישט! זיי זענען אבער נאך טאג־טעגליכע פאקטען, אומעטום, אי־בעראל, אין גאנץ תפוצות־ישראל, און מען ווערט געוועהנט דערצו ווי צו אן אלטער, פארעלטערטער קרענק; און מען פארלירט אין דער פוילקייט דעם חוש־הריח, ווי דער קראט אונטער דער ערד די אויגען!

און מען לעבט אין דער פאלשקייט, אינ׳ם שווינדעל, אין פוילקייט, אין שמאך און שאנד און מען זינגט בדחנ׳ישע נצחון־ליעדלעך — נאר די מעלאריע? אך, די מעלאריע, זי פעלשט אן אייך. זי באווייזט, אז איהר נארט אייך!

און עס נעהט צו שמחת־תורה!

און דער יאמערליכער, פינסטערער, פוילער, נידעריגער עולם וועט ארויסכאפען דאס תורה׳לע פון ארון־קודש און וועט זיך פרע־העון מיט איהר, און וועט זינגען איבער איהר און טאנצען מיט איהר — —

קינדער אויף די בענק וועלען האלטען אלערליי קאלירטע פעה־נער מיט רויטע עפעל און ליכטלעך און הבדלות איבער די עפעל און דער עולם מיט׳ן תורה׳לע וועט טאנצען און הקפות מאכען, ארום שלחן, ארום הייליגען שלחן...

די הענט וועלען זי האלטען, די ליפען וועלען קושען, די פיס — אונטערטאנצען, די מיילער — זינגען —

א פרייד האבען זיי מיט'ן תורה'לע...

און דאס תורה'לע מיט זיי?

אז דער עולם וועט אהיים געהן נאכ'ן זינגען, נאכ'ן טאנצען, וועט דאס תורה'לע בלייבען איינע אליין צוריק אינ'ם ארון, אין פינסטערען ארון...

שטיל וועט זיין אין בית־המדרש, אויסגעהן וועלען די ליכט און דאס תורה'לע וועט, אין דער שטילער פינסטערקייט אין ענגען ארון פארמאכט, — וויינען!

זי וועט וויינען, ווייל אומריינע הענט האבען זי געהאלזט, אומריינע ליפען — געקושט, אומריינע, דורכגעפוילטע מענשען האבען זיך מיט איהר געפרעהט, מיט איהר געטאנצט...

24.

6טען נאָוועמבער, 1902

היינט בין איך א „בא בטענה“.
און א טענה האָב איך צו דער באָבע יאכנע'ס אייניקלער — צו מיינע קאָרעספּאָנדענטען פון שטעדט און שטעדטלעך.
וואָס זיי מאַכען מיך בלינד מיט ט ו נ ק ע ל ע ן פּאַפּיר, העלער טינט, פּאַרצוקטע אותיות און משונה'דיגער אָרטאָגראַפּיע, בין איך זיי מוחל! איך בין שוין קיין יונגערמאַן נישט און ביז'ן טויט אריין וועלען נאָך די אויגען אויסהאַלטען; איז נאָך א פּאָר ברילען! פאַרוואָס אבער שרייבען זיי דאָס ש י ט ע ר ע און לאָזען דאָס ג ע ד י כ ט ע ביי זיך?
וואָס זיי טויג, דאָס פאַרגעסען זיי נישט. „למען השם מיין בריף אָפּצודרוקען אָהן א שום שנוי, איהר מעגט נאָר פאַרשענערען, פאַרפּוצען; אָבער, למען השם, נישט מעהר“ — „למען השם מיין נאָמען נ י ש ט אָפּצודרוקען, די פאַנאַטיקער וועלען מיך עוקר מן השורש זיין, אויפעסען“ — דאָס געדענקען זיי, אבער דאָס רעכ־טע, דאָס וויכטיגע, וואָס קאָן אנבאַפּען ביים הארץ, ביי דער נשמה — פאַרגעסען זיי!
איך קריג א קאָרעספּאָנדענציע פון דרויא, ווילנער גוב. גראָד א פיין בויגעלע פּאַפּיר, פאַרשריבען אויף אלע פיער זייטען. א מעשה שהיה מיט א „מטיף־לציון“ און א „בעל־מחלוקת“. דער מטיף איז געקומען, געבעטען רשות ביי בעלי־בתים, ביי „בכבוד'ע, אָרענט־ליכע בעלי־בתים און עלטערע בעלי־בתים“, — זיי האָבען ער־לויבט, מען האָט אויפגעהאַנגען אין מקום־קדוש א צעטעל — א מודעה; איז געקומען דער בעל־מחלוקת און האָט די מודעה אָפּ־געריסען.
דאָס איז געוועזען פרייטאָג. שבת איז נאָך ערנסטער געווען. דער מטיף וויל זאָגען, אָרענטליכע בכבוד'ע עלטערע בעלי־בתים שטעלען אויף די אויערען, נאָר דער „בעל־דבר“ שטעלט זיך אויף די פיס און שרייט: „איידער פון צ י ו ן אין א מ ק ו ם

ק ד ו ש, איז גלייכער צו רעדען נבול־פה, פון שמד"... א מערכה, וואס דער ראבינער איז אנגעקומען, דער דאקטאר ב.! ער האט דעם עולם בארוהיגט און דער מגיד איז ארויף אויף דער בימה!...

ד א ס איז געווען שבת; זונטאג איז די זאך געגאנגען שוין ט י פ ע ר.

„איינמאל איז קיינמאל", האט דער מטיף געטראכט און צו־געזאגט א דרשה אויף זונטאג, זייגער זיבען פארנאכט.

זונטאג, זייגער זיבען פארנאכט, דער עולם לויפט אין בית־המדרש אריין, קעפ אויף קעפ, קינד־און־קייט, סטאפ! דער בית־המדרש איז פארמאכט; דער בעל־דבר האט אויפגעהאנגען א פעס־טען, שווערען אייזערנעם שלאס אויף דער בית־המדרש־טיר! מען רופט צו שלום, מען וויל א פשרה מאכען, דרויער ציוניסטען האבען פיינט מחלוקת שנאת־מות, נאר דער בעל־דבר איז נעלם גע־ווארען, און דער שווערער שווארצער שלאס — שווייגט! דרויער ציוניסטען ווייסען אבער, אז ציוניזם איז תחיה, תחיה — לעבען, לעבען איז, אויסער עברית בעברית אין חדרים, כח, השגה מויערען צו ברעכען — אויס שלאס! די טיר אויפגעזעצט, די פעסטונג איינגענומען! דער בית־המדרש איז אבער פינסטער, ווי דאס הארץ ביים בעל־דבר! קיין טראפען „קעראסין", קיין זכר פון קיין ליכט! די דרויער ציוניסטען טרעטען אבער פאר דער פינסטערקייט נישט אפ — מען קלאפט צוזאמען א פאר גראשען, מען שיקט נאך „קע־ראסין", נאך ליכט, והעיר שושן צהלה ושמחה — הידד! דער מטיף זאגט!

והעקר חסר מן הספר: ו ו א ס האט דער מגיד געזאגט? וואס האט ער פארזייהט אין די דרויער הערצער און וואס וועט דארט וואקסען?

---

פאראן א שטעדטעל אויף דער גרענעץ, פלאצקער גובערניע, דאברזשין הייסט עס, דאס טייכעל דרעווענץ שניידט עס דורך, דער גערער פיהרט עס ביי דער נאז, דער אלעקסאנדראווער, אמוואצ־קער אחוץ שאר ירקות מעלקען עס אויס, פון הינטער קראקוי קומט דער פארגארזשער און שערט די שאף. מיט איין ווארט, א שטעדטעל

מיט א פרצוף־פנים, ווי אלע שטעדטלעך, נאר א רב, לויט מען שרייבט, האט עס אן אויסטערלישען! מיר זענען געוועהנט מיט שטילע, אויסגעווייקטע פארמאטערטע רבנים, שאין כחם אלא בפיהם — שופר צו בלאזען, נעילה צו דאווענען, אפיקורסים, און ציוניסטען, וואס זענען עהנליך צו אפיקורסים, אין חרם ארייינצולע־גען, — דער דאבזשיצער רב אבער האט א יד, א גאלדענע יד און גיט, ווען מען דארף, א מתנת־יד!

און, א געוויסען שבת צו מנחה, האט זיך אפגעשפילט א שעהנע סצענע אין בית־המדרש.

דער רב האט זיך פארשפעטיגט, געקומען צום אויסנעמען, דער בעל־פתיחה נעהמט שוין מיט'ן ספר.

דער רב קומט אריין און גיט א געשריי: צוריק אריינשטעלען!

דער בעל־פתיחה פאלגט.

דאס ספר איז צוריק אין ארון, און דער רב פרעגט בקול רם:

— וועלכער שייגעץ האט עס געהייסען, מען זאל זיך שטעלען ראווענען א ה ן מיר?

דער עולם שווייגט, נאר איינער א בעל־הבית ענטפערט:

— דער שייגעץ, וואס האט אייך פאר א רב געמאכט!

און — דריי פעטש, דריי פלאמענדיגע פעטש פליהען; דאס האט דער רב אנגעמאסטען און צוגעקלעפט דעם שייגעץ, וואס האט'ן פאר א רב געמאכט; ערשט מיט צוויי יאהר צוריק, ווי מען שרייבט.

א שעהנע מעשה, נאר דאס געדיכטע פעהלט: וואס קאן דער רב אויסער פאטשען?

---

מען שרייבט: אונזערע רבנים שלאפען נישט! זיי גרייטען זיך צו מלחמה, גארטלען זיך די לענדען! זיי פיהלען, אז עס האלט ביי „ערקתא דמסאני". נאר עס וועט ווייטער געהן! פון קאפ ביז פיס באוואפענט האבען זיי זיך אויף די וואלען, ביי די גרענעצען פון זייער ממשלה, מיט פייערדיגען תלמוד־חכם־כעס אין די אויגען, מיט שופרות אין די הענט... פון ארומיגע קהלות הערט זיך מעשים, מען שטעלט שומרים שבת ביים ערוב און מען נעהמט נישט ארויס

שפאצירען הינטער דער שטאדט קיין זכרים מיט נקבות, אפילו מיט ליבליכע שוועסטער, אפילו מיט אייגענע ווייבער נישט. יעדען מין באזונדער לאזט מען, נאר ביי דער גרענעץ רעווידירט מען, צי האבען זיי נישט קיין טרפה׳נע סחורה: אביסעל קטרות, א נאז־טיכעל אין קעשענע! „אונזער" רב האט אויסגערופען, אז מען טאר נישט מצרף זיין צום מנין די מחלל־שבת׳ניקעס, וואס טראגען נאז־טיכלעך, וואס טרינקען פרייטאג־צונאכטס, נאך דער ערשטער סעודה, הייסען טיי פון ש פ ע ט אויפגעשטעלטע סאמאווארען. וואס זענען מוצאי שבת יוצא מיט דריי שטערען און רויכערען פאר הבדלה! און א כרוז בכתב האט ער ארויסגעלאזט: „מען זאל זהיר זיין אין תורת־משה, אידישע קינדער זאלען זי לערנען כסדר, מיט פירוש רש"י, חס־ושלום — נישט איבערהיפערען „ויקרא", נישט די רש"י פון מעשה שהיה ביי ראובן׳ען... וכדומה! ווארים אניט, עתידה תורה שתשתכח מישראל, עס וועלען ארויסוואקסען גוים, ציוניסטען, אפקורסים וכו׳, וכו׳... און די שטאדט שווייגט, שעפט נאך נחת!

און דער קארעספאנדענט בעט: זעהט למען השם ארויסצרשטעלען אונזער שטאדט מיט דער גובערניע, למשל ולשנינה, אויף חרפה און שאנד!

נאך א קליינינקייט האט דער קארעספאנדענט פארגעסען צו שרייבען: ווי הייסט די שטאדט? וואו ליגט זי?

---

פיעטרקאווער גובערניע (פוילען) האט א שטעדטעל ברעזין. ברעזין לעבט פון דער נאדעל; זי ארבייט טאנדעט. פון גאנץ רוסלאנד קומען זיך צוזאמען סוחרים און קויפען אויף ברעזינער סחורה און באקליידען די רוסישע דערפער. קינד און קייט, אז מען האט נאר א האנט און מען קאן א נאדעל האלטען, איז מען שוין שניידער! א גאנץ יאהר סעזאן, א גאנץ יאהר ארבייט, עס פעהלט קיין פרנסה נישט! אויסער פאר ימים־טובים. פאראן אפילו גבירים, נאר פריש אויפגעקומענע, נישט לאנג די נאדעל אוועקגעלעגט! און דאס גאנצע שטעדטעל ארבייט, אויסער קאליקעס, אויסער כלי־קודש און אויפגעקומענע גבירים, און אויסער די מאגאזיניערס, וואס

קויפען אויף די סחורה און פארקויפען זי די פרעמדע סוחרים. אר־בייטען ווערט געארבייט אכטצעהן שעה אין מעת־לעת, באקומען באקומט מען זעכציג קאפיקעס פאר א קאסטיום מיט צודאטען — נאר הונגערען הונגערט כמעט קיינער נישט.

אמת, אינטערעסאנט? א טאנדעט־שטעדטעל, א שניידעריש־שטעדטעל, דורכאויס „יגיע־כפו", אויסער קאליקעס...

נאר ווי זעהט דאס שטעדטעל אויס?

ווי אזוי ענטפערט עס אויף פארשידענע לעבענס־פראגען?

צי איז עס צופרידען מיט אכטצעהן שעה ארבייט א מעת־לעת און זעכציג קאפיקעס שניידער־געלט פאר א קאסטיום מיט צודא־טען? וואס זאגט עס בנוגע צו ציוניזם? צי האט עס געהערט פון עקאנאמישער ארבייט אין ציוניזם? וכדומה...

פון דעם קיין ווארט! עס ווערט נאר דערצעהלט פון אן „איקס־מיקס", וואס דער רב האט געשפילט מיט'ן שטעדטעל. פאראן צוויי שוחטים, מען פיהלט, אז עס פעהלט א דריטער: דער רב האט אין דער משפחה א שטיקעל קאנדידאט, די שטאדט איז פון קאנדידאט נישט זעהר צופרידען, הויבט זיך אן „איקס־מיקס": זאגט די שטאדט: „מען דארף א דריטען שוחט", ענטפערט דער רב: „איך האב א קרוב א שוחט!" זאגט די שטאדט: „מיר ווילען נישט אייער קרוב", ענטפערט דער רב — „מען דארף נישט קיין דריטען שוחט" וחוזר חלילה...

---

פון מיראפאל, וואהלינער גובערניע — א בוינען פאפיר!

וואהלין איז וואהלין און — איהר שפילט אייך מיט מיראפאל?

איין מיראפאלער באד גיט מעהר מאטעריאל, ווי גאנץ אדעם מיט'ן ים צוזאמען! א והא ראיה: אדעם שווייגט און מיראפאל שיקט גאנצע בויגען פאפיר! דאס מיראפאלער באד, מוזט איהר וויסען, שטעהט אויף'ן רוקען פון א בארג, פון פארענט צוויי שטאק: א באד און א בוידעם, פון דער הינטערזייט געהט מען גלייך אריין אין בוידעם־טיר, וואו די באד־בעזעמלעך ליגען. עס זעהט אויס, גלייך דער בארג איז באיצאפען געוואָרען משׁשת ימי בראשית צו־ליעב דעם באד מיט'ן בעדער; מען זאל קיין לייטער צום בוידעם

נישט דארפען, דער גרעסטער חלש זאל לייכט צוקומען צום אוצר פון פרישע באד־בעזעמלעך; וואלט נאר אזוי לייכט געווען הושענות צו באקומען!

און נישט אומזיסט האט די מיראפאלער באד מיט דער מקוה די זכיה, דער מיראפאלער צדיק ר׳ דוד׳ל זאל זיך פארען און שוועג־קען אין איהר. עס איז אן אלט, זעהר אן אלט באד, פון קדמונים א כאר! דאס אויפהאלטען די אלטע חורבה קאסט מיראפאלער קהל א צוועלף הונדערט רובל א יאהר, און דאך איז זי שטענדיג בחזקת סכנה!

דער ארענדאטאר פון באד צאהלט אינגאנצען זעקס הונדערט רובל א יאהר, דערפאר איז ער מחויב: בכבודו ובעצמו, אדער ע״י שליח דעם באד־גוי, צוטראגען קאכענדיג וואסער צום גבאי אויף וואנעס, וויפיעל מען דארף, און שנית, בשעת הדחק, אז קהל דארף געלט, גיט ער דאס שכירות פאראויס. היינט, למשל, איז די באד „פארקאשפערט" אויף גאנצע זעקס יאהר! פארשטעהט זיך, אז דער ארענדאטאר וויל שוין מעהר קיין געלט נישט אויסלעגען, קהל האט נישט פון וואנען, און אז עס פאלט ארויס א שטיין, א ציגעל צי א שינדעל פון באד — בלייבט א לאך. הכלל די באד זעהט אויס, הלואי אויפ׳ן בוקארעשטער טהעאטער געזאגט. נאר נישט אין דעם געהט עס, עס האט זיך אין באד א וואונדערליכע שרעקליכע מעשה געטראפען...

אויפ׳ן בארג וואקסען א פאר גרעזלעך און אין מיראפאל גע־פינען זיך הונגעריגע בהמות.

איינמאל שפאצירט זיך אזא בהמה אויפ׳ן בארג און זוכט חיונה... דער קאפ צו דער ערד, די צונג ארויס־געלאזט און טריט ביי טריט. פלוצלונג בלייבט זי שטעהן. דער בעדער האט פארגעסען דאס טירעל פון באד־בוידעם צו פארמאכען, און דער הונגעריגער בהמה איז פארלאפען א געשמאקער ריח פון פרישע באד־בעזעמ־לעך! שטענדיג איז דער בוידעם פארשלאסען, — אפילו נישט מיט א דרויער שלאס פאר א ציוניסטישען מטיף, נאר מיט א שלעסעל, יוצא צו זיין פאר א מיראפאלער הונגעריגער בהמה — און היינט, דער גן־עדן איז אפען! די בהמה קלערט נישט לאנג, געהט נאך דער תאוה, לאזט זיך אין גן־עדן אריין, און פרעסט... וואס מעהר זי פרעסט, פרעהליכער ווערט זי, זאט — הויבט זי אן טאנצען:

טאנצענדיג דערלאנגט זי דער אלטער סטעליע קלעפ, לעבערט זי דורך און פאלט אין מקוה אריין אפשר א האלבע שעה נאך ר׳ דוד׳לס טבילה...

זי פאלט אין מקוה אריין, ברעכט די פיס און — מעשה שטן — מען קאן זי אפילו כשר נישט קוילען!

דאכט זיך, א שעהנע מעשה און דאס גענדיכטע פעהלט!

ווער איז די בהמה, וואס האט זיך אריינגעריסען אין מקוה אריין זוכען תקון נאך דעם צדיק ר׳ דוד׳לס טבילה? וואס איז זי געווען און וואס האט זי געזינדיגט, און פארוואס איז איהר נישט באשערט געווען געקוילעט צו ווערען אויף כשר? און וואס זאגט דערצו דער תמים ר׳ דוד׳ל? צי מיינט ער נישט, אז די ארעמע בהמה, וואס מען האט נישט געקאנט קוילען אויף כשר, וועט מוזען נאכאמאל מגולגל ווערען? און אין וועמען?

איך בין זיכער, אז גאנץ מיראפאל רעדט דערפון אין קלערט דעריבער, און אונזער קארעספאנדענט באשעפטיגט זיך מיט נארי־שע שאלות: ווען וועט מען פאררעכטען די באד? וואס וועלען די וויבער טון? עס געהט צו ווינטער...

וכדומה!

נו, איז אויסצוהאלטען מיט דער באבע יאכנעס אייניקלעך!

## 25.

20טען נאָוועמבער, 1902

פון בוענאָס איירעס ווערט געשריבען:

די פּאָליציי האָט געזוכט אין א געוויסען הויז געפעלשטע מארקען און אין קעלער פון הויז האָט זי געפונען יונגע מיידלעך, געבונדענע מיט שטריק, האלב נאקעטע מיט צייכענס פון ריטער און שטעקענס אויף די לייבער.

ארויסגעוויזען האָט זיך, אז דאָס זענען ארויסגע'גנב'עטע נפשות, וואָס די רוצחים, די נפשות־הענדלער האָבען פארקויפט אויף זינד, שאנד און שפּאָט... מאנכע האָבען זיך שוין לאנג אונ־טערגעגעבען און געוואָרען, וואָס מען האָט פון זיי געוואָלט, אנ־דערע האָבען זיך גע'סמ'ט, ארויסגעוואָרפען זיך דורך פענסטער, פארגאָסען זיך די פּנים'ער מיט וויטריאָל. די האלט מען שוין גע־בונדען, און מען פּייניגט זיי מיט הונגער, דורשט און שלעג, ביז זיי וועלען נישט נאָכגעבען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— פון וואַנען איך קום קיין בוענאָס איירעס?

ערשטענס, איז בוענאָס איירעס א אידישע שטאָדט, ווי אלע א י ד י ש ע ש ט ע ד ט; בפרט זייט די פּאריזער „כל ישראל חברים" האָט אהין געשיקט אידישע ארבייטער און זיי געהען אוים פאר הונגער, ווייל אהן הישפּאניש איז שווער ארבייט צו געפי־נען; צווייטענס, האָט מען אין דעם קעלער אידישע טעכטער גע־פונען, און דוקא פון אונזערע קאַנטען...

אונזערע אידישע טעכטער וואלגערען זיך ארום נישט אין איין קעלער...

די פּאָליציי שווייגט, ווייל מען צאָהלט איהר, זי זאל שווייגען.

קהל שווייגט, ווייל אויף אזוינע זאכען האָט עס א רב!

און דער בוענאָס איירעס'ער רב שווייגט, פּונקט ווי אונזערע רבנים שווייגען... כאָטש די נפשות־הענדלער געהען ארום אין גאנץ תפוצות ישראל...

— ווייטער די רבנים?

— געווים! די נפשות־הענדלער געפינען זיך דארט, וואו מען ל ע ז ט נישט, נאר מען לערענט; וואו עס זאגט נישט קיין מטיף, נאר א „בעל־דרשן", וואו דאס רב'עלע לערענט אלשיך אין קלויז, דער רב דרש'ענט פון חמץ־נקשה פון איין שבת הגדול צום צווייטען, און דער הייליגער רבי האט זיין אפענע קראם מיט הבטחות אויף געזונט, בנים־זכרים, יראת־שמים, זכה־בגורל'ס און וואס איהר ווילט...

און אלע דריי, דאס קלויז־רב'עלע, דער שטאדט־רב און דער נע־ונד — דאס הייליגע רבי'לע — האבען, אחוץ זייערע פרנסות און למודים נאך נייע שאלות צו פסק'נען! ווענינ טעפעל־לעפעל שאלות, שאלות־נשים, ווערען נאך געבוירען הארבע, ברענענדיגע שאלות שהזמן גרמן: צי מעג מען א ציוניסט מצרף זיין צום מנין? און, ביי הפסד — מרובה, ווען היימישע, כ ש ר ' ע לייט ווילען קויפען בחצי חנם, צי מעג מען צולאזען צו דער ליציטאציע פון עליות און מצוות א שטייפען קאלנער? צי איז דער חרם אויף אידישע צייטונגען חל אויף'ן „וואסכאד", ווייל די ענינים זענען אידישע, צי ניין, ווייל דאס לשון איז נישט אידיש?

און איך, מרנן ורבנן ורבותי, האב פאר אייך נאך א שאלה. פריהער דער ספור המעשה:

ערגעץ אין א קליין שטעדטעל האט געוואוינט אן אלמנה מיט א טאכטער. זייט מוחל — אייגענטליך מיט צ ו ו י י טעכטער, נאר צו דער שאלה, געהערט נאר איינע, די עלטערע. און — „פאר אייך נישט אויף זיך", רבותים, איז די עלטערע טאכטער א גרויסע יפה־פיה געוועז, (אפשר היינט אויך) ממש א „פארנעמעניש פאר די אויגען" — א פארטרעט! עס איז טאקע „שקר החן", פונדרעסטווענען... איהר ווייסט דאך, היינטיגע צייטען... און די אלמנה האט זיך נישט געקאנט אפיאגען פון שדכנים מיט חתנים! מען האט געזאגט: אן אוצר האט זי, די אלמנה! און מען האט איהר מקנא געוועז, און אלע בחורים האבען זיך מיט אלע כחות געריסען צום אוצר, ווי די נאכט־זומער־פייגעלעך, אויב איהר ווייסט, צו א ברענענדיגען לאמפ... און זיי האבען זיך די פליגעלער אפגעברענט, די נשמה'לעך פאר'שרפ'ט און לא עליכם — גארנישט! דעם מיידעל האט עפעס בעסערס נע'חלומ'ט, ווי קליינשטעדטעלדיגע חתנים!

און עס איז געקומען א מזל'דיגער טאג, ווען איהר חלום האט גע־זאלט מקוים ווערען! עס איז צו איהר אראפגעקומען, ווי אין פאלקס־ליעדעל שטעהט: „א אינגעלע פון וויען"! אייגענטליך — א יונגערמאן, ער האט אין וויען פון איהר שעהנקייט געהערט און עס האט איהם צו איהר ווי מיט צוואנגען געצויגען. און ער איז דעם מיידעל געפעלען, דער מוטער אויך; ער האט זיך פארגעשטעלט אלס באנקיר פון א גרויסער, גרויסער שטאדט! און עס זענען צום מזל תנאים געווען, און מען האט טעלער צובראכען... און עס האט זיך געפונען א רב צו סדור קדושין, און מען האט א חופה גע־שטעלט, און א גלעזעל געפלאצט, און א לעבען אויך! — — —

נאך עטליכע טעג האט דאס פאר־פאלק געזאלט פאהרען קיין וויען, געקומען איז עס קיין בוקארעסט און דעם חתנ'ס א פעטער האט דאס יונגע ווייבעל פארקויפט און טראנספארטירט קיין קאנס־טאנטינאפאל, א רייכען טערקישען פאשא אין הארעם אריין...

אפשר ווייסט איהר נישט, רבותים, וואס „הארעם" איז? זייט וויסען, אז ביי די טערקען איז חרם דרבנו גרשון נישט נוהג. און וואס רייכער א טערק איז, מעהר ווייבער האט ער. און „עפענטליך רעכטליך", נישט בסוד, ווי אונזערע גבירים מוזען טון! קיין גרויס נחת דערפון האבען די ווייבער נישט! זיי ווערען געהאלטען אונ־טער שלאס און ריגעל, עס זאל אויף זיי קיין פרעמד אויג פון א פרעמדען מאנספערשוין נישט פאלען: אצינד, רבותים, דערמאנט אייך אן אחשורוש'ען פון דער מגילה, אן „ב י ת הנשים". „ש ו מ ר הנשים" און אן די סריסים — וועט איהר שוין ווי־סען, וואס הארעם איז טייטש!

נאר נישט אין דעם געהט עס. דאס איז מעשים בכל יום. הונ־דערט אזוינע מעשיות קאנען דערצעהלט און געדרוקט ווערען, און איהר, טייערע רבנים, וואס לייענט נאר א ל ט ע, נישט קיין נייע ספרים, וועט נישט וויסען, נישט וועלען וויסען און ווייטער געבען חופה וקדושין! עס איז אייער פרנסה! און פרואווט נ י ש ט געבען, וועלען עס פאר אייך אנדערע טון; יהיה־מי־שיהיה, א מלמד, אזוי א ירא שמים, א איד מיט א גארטעל, ווען אפילו א ה ן עברי...

די ברכות זענען זיי צוליעב געדרוקט מיט גרויסע אותיות און געפינטעלט...

די ש א ל ה, וואס איך וויל אייך פרעגען, איז אן אנדערע. הערט ווייטער:

דעם ארעמען יונגען ווייבעל איז א נס געשעהען. זי האט חן געקראגען ביים עלטסטען סריס פון הארעם אין די אויגען, און עס איז איהר געראטען אהיים צו שיקען א בריף צו דער מוטער. און א נס בתוך נס — דער בריף איז אנגעקומען, כאטש טערקישע פאסט! און די אלמנה איז געלאפען מיט א יללה צום גובערנאטאר, און דער גובערנאטאר האט אויף איהר רחמנות באקומען און געשריבען צו די הייכע פענסטער. און די הויכע פענסטער האבען זיך אריינגע־מישט, און מען האט דאס ווייבעל אפגענומען און אפגעשיקט דער מוטער.

דאס „אינגעלע פון וויען", פארשטעהט זיך, איז לאנג א נעלם!

אצינד געהט דער גוף השאלה: צי דארף דאס יונגע ווייבעל א גט?

צי זענען אזוינע קדושין לשם גנבה פון א נפש, לשם זנות— צי זענען אזוינע קדושין תופש און זי מ ו ז בלייבען אן עגונה?

צי האט איהר, איהר היינטיגע גאונים, פייערדיגע שפיץ־ביי־שפיץ קעפ, צי האט איהר קיין שום מיטעל נישט זי צו באפרייען „מכבלי העגון"?

און אז יא, צי געפינען זיך צווישען אייך אזוינע מענשען, וואס זאלען עס ארויסזאגען און אויף זיך ש ט ע ל ע ן און פסק'נען? אזוינע, וואס זאלען אזוינס אויף זיך נעמען, — וואס מען זאל קאנען פון זיי האפען, וואס עס איז פאר א תקנה פאר „בנות־ישראל"?

ווי מיינט איהר, אפשר דער ליפסקער רב?

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

„אין נאמען פון זיין ליעבען נאמען, וואס האט הימעל און ערד באשאפען" — —

דאס איז אן אנהויב פון א כתב, וואס דער ליפסקער רב האט ארויסגעגעבען זיין קהל.

און וואס וויל ער דערצעהלען דער הרב האב"ד דק"ק ליפסק אין נאמען פון זיין ליעבען נאמען, וואס האט הימעל און ערד באשא־

פען? ער דערצעהלט, וואס פאר א התחייבות ער האט אויף זיך גע־נומען קעגען ליפסקער קהל!

„איך, אונטערשריבענער, — קלינגט דאס התחייבות — בין מודה, און מיין חתימה זאל זיין אויף מיר באגלויבט, ווי הונדערט עדות, אז איך, הרב האב"ד דק"ק ליפסק, נישט געצוואונגען, נאר אהן א שום אונס, נאר טאקע מיט מיין אייגענעם גוטען ווילען, האב אויף מיר גענומען, א נדר געטאן, און א נדר אויף קהל'שער דעה, וואס מען קאן נישט מתיר זיין, אז פון היינט אן און ווייטער טאר איך מיך מיט קיינעם פון ליפסקער קהלה נישט ווערטלען, נישט קריי־גען, נישט רופען מיט צונעמען, מבזה זיין... נישט איך, נישט מיין הויז־געזינדט... און אויב עמיץ פון מיין הויזגעזינט וועט עמיצען יהיה־מי־שיהיה פון ליפסקער קהל זידלען, בין איך מחויב אנצו־שרייען, און שטיל מאכען... און איך וועל די ליפסקער בעלי־בתים נישט שטערען צו מאכען חברות, צו לערנען ש"ס אדער משניות... אויך נעם איך אויף מיר, עס זאל שוין מעהר צו מיין שטוב קיין עולה קיין צוטריט נישט האבען. איך זאל אין מיין הויז מעהר נישט אריינלאזען די מענשען מיט צינגער, וואס בארעדען די שטאדט און זענען זי מבזה... אויך וועל איך די בעלי־בתים פון שטאדט נישט שטערען אין זייערע פרנסות, און וועל נאר קוקען אויפ'ן שכירות...

אט, דעם בריף האט אונטערגעשריבען: יהודה ליב בר' מיכאל ראזענבערג חופ"ק ליפסק און צוגעלעגט דעם רבנ'ישען שטעמפעל...

וואס פאר א הויז האט דער ליפסקער רב געפיהרט? ווער איז זיין הויזגעזינט?

וואס פאר א „מענשען מיט צינגער" האבען זיך ביי איהם אויפגעהאלטען?

וואס פאר א פרנסות האבען עס די ליפסקער בעלי־בתים, וועל־כע דער רב מיט'ן הויזגעזינט האבען געקאנט שטערען און זיך מתחייב געווען נ י ש ט צו שטערען?

וואס האט דער רב געוואלט א ו י ס ע ר שכירות?

דאס זענען שאלות, אפשר הארבע שאלות! אבער דאס איז שוין זיכער, אז אויפ'ן ליפסקער רב איז שוין נישט צו רעכענען! אז ווען עס וועט קומען צו א ליפסקער מיידעל א „איינגעלע פון וויען", וועט דער ליפסקער רב, וואס מוז קוקען אויף זיין שכירות,

נישט קלערען, נישט איבערפרעגען און תוך כדי דבור געבען חופה וקדושין...

און אז דער „איננעלע פון וויען“ וועט נעלם ווערען, און אן אלמנה'ס א טאכטער וועט על פי נס צוריק קומען פון קאנסטאנ־טינאפאל, צי פון בוענאס־איירעס, וועט דער ליפסקער רב פאר איהר קיין עצה און קיין ראט נ י ש ט געפינען, אפילו נישט זוכען...

פון א ז ו י נ ע רבנים וועלען שוין אידישע טעכטער נ י ש ט געהאלפען ווערען!

און נישט פון נ...'ער רב!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווער דער נ...'ער רב איז?

א איד א למדן, א מדקדק במצוות און ווי זאל איך אייך אויס־מאלען? אפילו א בעל־נסיון...

ערשט נישט לאנג האט ער אויך א נסיון געהאט.

נאר זאל ער עס בעסער אליין דערצעהלען, מיט זיין אייגענעם לשון.

„אין מיין שטעדטעל, פארשטעהט איהר מיך, איז פאראן איי־נער א טוביה. א איד — א האלץ־העקער. אומשטיינס געזאגט, א האלץ־העקער — ער האט דען כח דערצו? נאר א מענש אויף דער עלטער, האט זיך נישט צו וואס צו נעמען, קוים אלף־בית און קאן אפילו קיין דרדקי־מלמד נישט זיין, נעמט ער זיך האלץ צו האַ־קען. עס געדויערט ביי איהם ימים ושנים, נאר וואס זאל מען טון? געה, נעם צו ביי א איד די לעצטע פרנסה!

איינמאל טרעפט זיך אזא מעשה. צוויי פון די גרעסטע בעלי־בתים אין מיין שטעדטעל האנדלען מיט וואלד. קויפען זיי אמאל א וואלד בשותפות. אז א שותפות, ווערט מן־הסתם א סכסוך, מענ'עןביידע „כולו שלי“, ווי ביי סוחרים דער שטייגער איז. קו־מען זיי צו מיר. מילא, איך וועל זיי קיין דין תורה נ י ש ט פסק'נען; איינער וואלט דאך מיר א ו ד א י א שונא געבלי־בען! וויל איך מאכען א פשר. בין איך דאך אבער נישט בקי אין די „קוביקען“ מיט זייערע חשבונות! בין איך מיך מישב און מוסר רעד איך בשבת השלום! דערווייל לעג איך אונטער דעם אן איי, יענעם אן איי; זאג איך דעם א חניפה'לע, יענעם א חניפה'לע, ביז

זיי גלייכען זיך אוים ביי מיר אין שטוב. און איך שאקעל צו מיט׳ן קאפ: גלייך אזוי! גלייך אזוי! געהען זיי טאקע ארוים צופרידען און שיקען מיר, מכלומר׳שט פסק־געלט, א פוהרעל קלעצלעך פון וואלד. זעהר גלייך! עס געהט צו ווינטער! שיק איך טאקע צו טוביה׳ן, ער זאל קומען צוהאקען די קלעצלעך. קומט ער כעלות הבקר און האקט ביז קרוב למנחה. וויפיעל קומט דיר, טוביה? זאגט ער, צוואנציג קאפיקעס. פארשטעה איך, אז מיינען מיינט ער צעהן. זאג איך פופצעהן! ווייל איך רעכען, אז איך וועל אזוי געשווינד נישט האבען צו באצאהלען, זאל איהם קומען פינף קאפיקעס מעהר! אין כאלאטעל־קעשענע האב איך אפילו געהאט פופצעהן קאפיקעס. נאר די לעצטע, און צו דער פענסיע איז נאך א פאר וואכען. און אויסער דער פענסיע האב איך נישט. פון וואנעט? נאר טראכטען טראכט איך מיר אזוי: וועט ער זיין א תובע בפה: „רבי, זייט מוחל, באצאהלט״, איז פאראן, איז ער בילכער! פארט א נהנה מיגיע כפו! אלא נישט — איז נישט! וועט זיין מארגען אויף אנ־בייסען. און טוביה האט נישט געמאנט! ער האט נעכאפט א טרונק־וואסער, א בליק געטאן, און אז ער האט נעזעהן, אז איך שווייג, האט ער אויך געשוויגען און איז אוועקגעגאנגען. דעם אמת זאגענ־דיג, האט ער זיך אפילו א פאר מאל אפגעשטעלט, נאר צו מיר אי־בערגעדרעהט האט ער זיך נישט!... מילא, דארף איך מיך שטעלען מנחה דאווגען, וויל איך מיך אויפהויבען, וואשען די הענט, דער־פיהל איך פלוצים, אז עס שטעכט מיך אין דער זייט! עפעס א מעשה — נאר קודם־כל מנחה! איך טו מיינס און דאווען, מבלבל זיין לאז איך מיך נישט אפילו ביי צאן־וועהטאג! נאר ווי איך גער אוים שמנה עשרה — שלעכט! צוריקגעהן די דריי טריט איז מיר שווער! דערמאן איך מיך אין טאטען, עליו השלום׳ס, צוואה. אפילו א פראסטער איך געווען מיין טאטע, נאר א חרוץ עתיק! פאר׳ן נוסס׳ען רופט ער מיך צו און זאגט מיר כהאי לישנא: הער, זיינוועל, דו זאלסט נישט גלויבען אין די נ י י ע רופאים מיט די נ י י ע רפואות! וואס ניי — איז נישט געטריי! אלטע רופאים זענען גרעסערע חכמים געווען און בעסערע רפואות געהאט! קוים, חס־ושלום, ווערט דיר עפעס, כאפ א ווינער טרענקעל! — אזוי האט ער געזאגט. א ווינער־טרענקעל קאסט טאקע פופצעהן קאפיקעס, זאג איך אפ „עלינו״, הויב אן זוכען די מטבע אין כא־

לאטעל און וויל רופען דעם שמש, און שיקען נאך א ווינער מרענ־קעל, האב איך אבער קיין גאנצע קעשענע נישט געהאט, און די מטבע איז אראפ טיפער אין שלאפ־רעקעל, און עס גערוויערט, איי־דער איך געפין! און זוכענדיג, פאלט מיר דערווייל איין א מחשבה: פושע ישראל! — זאג איך צו מיר — וואו איז „יפשפש במעשיו“? וואס איז? אומזיסטע יסורים? און קוים הויב איך אן איבערקלערען, וואס פאר א חטא, דערמאן איך מיך — טוביה! עובר געוועזן אויף „לא תלין“!

און דא הויבט זיך אן דער נסיון. פון איין זייט א לאו־תעשה פון דער תורה... „לא תלין“ זאגט דער פסוק!

פון צווייטען צד איז אפשר סכנות־נפשות אזא שטעכען, קיין יונגערמאן בין איך נישט! „וחי בהם“ שטעהט! און צוואת שכיב־מרע! גנעה, וויים!

דערמאן איך מיך אבער, אז אזוי ווי איך האב מיך דערמאנט אן טוביה׳ן, איז מיר די מטבע אין דער האנט אריינגעשפרונגען!... פסק׳ען איך מיר: זיינע פופצעהן קאפיקעס! אפגעבען! און דעם שמש האב איך אפגעשאפט! ערשטענס, א מצוה טוט מען אליין, און צווייטענס — מיין שמש! א חוב, אפגעבען וועט ער ארויסגעהן מבעוד־יום און אהינקומען וועט ער בבי־טוב! דערווייל א נאכט איבערשלאפען! און עס קאן איהם נאר איינפאלען און זיך בארגען דערווייל די פופצעהן קאפיקעס! ער איז אזא׳ן עושר ווי איך, אפשר מעהר! און טאמער קומט איהם נאר ביי מיר פופצעהן קאפיקעס? ווער געדענקט! כאפ איך דעם מאנטעל און לויף אליין!

— און בשלום אפגעגעבען?

— ווי דען! שלוחי מצוה אינן נזוקין! טוביה׳ן אין דער האנט אריין... איך האב איהם געטראפען זיצענדיג אויף דער שוועל ביי א הויכער שיסעל קארטאפעל!

ער האט געמיינט, אז איך האב פריהער פארגעסען און שפע־טער זיך דערמאנט, איז ער נבהל ונשתומם געווארען! סטייטש, בכבודו ובעצמו דער רב, און פאר פופצעהן קאפיקעס און פאר אזא טוביה! ער האט זיך צואווינט! זאג איך איהם: ניין, נישט דיר צוליעב, טוביה, נאר צוליעב דער תורה הקדושה! אין דער תורה הקדושה שטעהט: לא תלין פעולת שכיר. עס איז טייטש: לא —

נישט, תלין — זאָלסט נישט איבערנעכטיגען, פּעולת — די לוין, שכיר — פון א פאַרדונגענעם. צוואָוויינט ער זיך נאָך מעהר! ער האָט, זאָגט ער, גאָרנישט געוואוסט, סאַר א וואויל תורה'לע מיר האָ־בען! אן עם־הארץ!

— און די זייט אייערע, רבי?

— איך האָב טאַקע באַלד א ווינער טרענקעל געקויפט, האָט אויפגעהערט!

— און וואו האָט איהר גענומען געלט?

— וואו כ'האָב גענומען? טאַקע ביים אייגענעם טוביה צוריק געבאָרגט!... פאַר אונז נישט אויף זיך, אפילו עד־היום נישט אָפּ־געגעבען. פון וואנעט? און לאָז אזוי איך האָבען ביי מיר פּופּצעהן קאָפּיקעס! עס וועט איהם, חלילה, נישט שאַדטען.

און צוריק געשמועסט: מלוה איז קיין חיות נישט! „פעולת שכיר" איז פייער!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איהר זעהט, אן אמת פרום רב'ל, א מדקדק במצוות, אן עומד בנסיון! א רב'ל מיט אן אמת אידישען הארץ; ער איז אפשר גע'־פּעל'ט אויף מסירת נפש, אויף קדוש השם... אבער מתיר זיין קיין עגונה פון א גזלן א נעלם וועט ער, דאכט זיך, נישט! אזופיעל כח האָט ער נישט! און גלאָט, קהל לאָזט קיין אידישע פרנסה נישט שטערען! קהל גלויבט דעם רב אין הימעל־זאכען, אין מצוה־זאכען, אבער בנוגע צו פרנסה, צו עולם־הזה, איז דער רב ביי קהל אין דער האנט... וויל טאַקע קהל א שטילען רב!

לויבט מען טאַקע דעם מ...'ער רב פאַר זיין שטילקייט. קיין פליג אויף דער וואנט ריהרט ער נישט!

— א וואוילער איד — שרייבט מען — מאכט נישט קאַליע קיין פרנסה!

און פרנסה, ברוך השם, איז דאָ אין מ.. הלואי, אויף אַלע קהלות געזאָגט:

מ.. מוזט איהר וויסען ליגט ביי דער גרענעץ, און גאָט האָט זי געבענשט מיט א באַהן, מיט א „לאַנגער" סטאַנציע פון דער באַהן... די באַהן הגזט שומרים — בלויע בלימלעך, און אין די וואַגאָנען זיצען אידישע עמיגראַנטען, וואָס פאָהרען מיט ווייב און קינד, פעק

און פעקלעך, נאָר אהן פאַספּאָרטען... אויף גאָטס באַראָט און אויפ'ן „פּעקלערס" יושר...

ווער עס האָט נאָר א תביעת עין דערקענט זיי באַלד. א בליק פון פאַרלוירענע שאָף... בלויע פנים'ער, פאַרביסענע ליפּען, עס זאָל פון זיי קיין קרעכץ, קיין קול נישט אַרויס. פאַרדריקט, מען זאָל קיין אָרט נישט פאַרנעמען, מען זאָל קיינעם אין די אויגען אַריין נישט פאַלען... ווייבער שווייגען! די טרערען פאַלען, טרערען ווי אַרבעס, נאָר שטיל... קינדער זיצען אָהן א קלאַנג, אָהן א שמייכעל, מיט פאַרשראָקענע אויגען...

און, זאָרגט נישט! אַז מ...'ער כשר'ער איד האָט א תביעת־עין. ער קומט אין וואַגאָן און דערקענט זיין קרבן אין אויגענ־בליק. און קוים דערקענט ער, געהט ער צו ווי א שוחט; פרום און קאַלט, נאָר אָהן א חלף. ער שטרעקט נאָר אויס די האַנט. „ר' קרוב — זאָגט ער — שענקט א קערבעל!"

באַמערקט: ער בעט קיין נדבה נישט. ער זאָגט אויך נישט: גיב, אניט וועל איך אויסזאָגען! נאָר געלאַסען זאָגט ער: ר' קרוב, שענקט א קערבעל! שענקט מען נ י ש ט, געהט ער זיך אַוועק, און ווי פון אונטער דער ערד וואַקסט אַרויס א בלוי בלימעל, און דער עמיגראַנט ווערט אַראָפּגעשלעפּט מיט ווייב און קינד, מיט פּעק און פּעקלעך — גלייך אין תפיסה אַריין... שענקט מען טאַקע יאָ! און דער שעהנער איד געהט אַראָפּ א צופרידענער, און אויף זיין אָרט קומט — א אידענע, זיין ווייב. זי וואַרפט אויך נאָר א בליק און דערקענט אויך כהרף עין דעם קרבן, שטרעקט אויך אויס די האַנט: ר' קרוב, שענקט א קערבעל!

דערנאָך קומט א שנור, א טאָכטער, אַן איידעם... און אַנדער שעהנער איד...

און דעם רב, כאָטש ער האָט קיין כתב נישט געגעבען, פּאַלט נישט איין צו שטערען!

און שעהנע אידען האָבען טאַקע פּרנסה איבער'ן מויל, און מאַכען קינדער חתונה און גיבען צדקה, און מען באַקומט ביי זיי א גמילת חסד, און רח"ש צאָהלען זיי, אַז עס קומט אויס, כיד המלך...

און בעלי־בתים! זיי בויען זיך הייזער, אפילו בתי־מדרשים!
איינער האָט אויפגעשטעלט א י י ן בית־המדרש, האָט זיך

דער צווייטער מקנא געווען און אויפגעבויט א צווייטען — נאָך א שענערען בית המדרש! און איןביידע בתי־מדרשים זענען „עליות", „פּתיחות", „יין קדוש" וכדומה מצוות — געלד און טאַלער, אהן ציוניסטען!... און דער עולם־הבא פאר מ...'ער שעהנע אידען וואקסט אויך ווי אויף הייוועז!

און ווי געזאגט — דער רב, זאָל לעבען, קוקט און שווייגט!

ער וועט נישט שטערען דער פּרנסה פון א „פּעקלער", פון א „מולייכער", פון יהיה מי שיהיה א בעל־בית, אפילו נישט א כפשות־הענדלער... און חופה וקדושין, אז מען וועט דאַרפען, אבי רח"ש, וועט ער געבען... און עגונות מתיר זיין — לאו!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און צו דער רבנ'ישער אסיפה, וואס דאַרף אין קורצען זיין אין פּעטערבורג, ראָט איך, מען זאָל פון אונזער קאַנט ארויסשיקען: דעם ליפּסקער, דעם נ...'ער, ווי אויך דעם מ...'ער רב!

און די בעלי־בת'ישע קהלות וועלען קאָנען רוהיג זיין פאר'ן זומפּ!... עס וועט קיין ווינטעל נישט בלאָזען, קיין שניי נישט זיין! און פּרנסה וועט בלייבען פּרנסה! און עס וועלען זיין עגונות, עס וועט בלייבען „חליצה". און אידישע טעכטער וועלען אויך בלייבען א גאַנגבארע סחורה... ווי היינט, ווי נעכטען, ווי אלע מאָל...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

26.

4טען דעצעמבער, 1902

בריף און מאמרים ווי האָלץ... פון פארשידענע דאטען, פון גאנץ תפוצות ישראל, נאָר די פאקטען צושיטען זיך ווי זאמד, קלעפּען זיך נישט און האלטען זיך נישט צוזאמען, און עס טריקענט מיר דער מח קלערענדיג: אויף וואס פאר א פּאָדים בינד איך אויף די פּערעל? איך זיץ און קלער, און די ברעמען פאלען מיר שווער איבער די מידע אויגען. איך שלאָף איין, און עס קומט אויף מיר א חלום, וואס לאכט אוים אָרט און צייט און בינדט צוזאמען נאָהנט און ווייט, און ווייטערס... און עפּעס טראָגט מיך אין חלום אויף און אָפּ איבער טאָל און בערג, איבער טעג, וואָכען און חדשים...

אָט בין איך אין באָזעל אויף א קאָנגרעס. צוזאמענגעפאָהרען זיך א סנהדרין מארבע פנות העולם, נאָר דאָס אידעלע פון יענער זייט סמבטיון פעהלט, און עס איז א שקלא וטריא: וואָס איז אזוינס ציוניזם? און מען שפּארט און אמפּערט זיך, און מען רעדט אין אלערליי לשונות, מיט אלערליי מינים פון העויות און תנועות, ביז מען מאכט יד־אחת און מען ענטפערט: „ציוניזם איז די אידעע, צו שאפען פאר'ן אידישען פאָלק אן עפענטליך־רעכטליך־געזיכערטע היים אין פּאַלעסטינא...“

און איך פרעג מיך: וועט עמיץ זיין דאגעגען? און איך ענט־פער מיר: א מאסע. ערשטענס, די אלע, וואָס קאָנען קיין נייע אידעען נישט ליידען, וואס קאָנען שוין קיין נייע אידעען נישט פארטראָגען. אפילו נישט קיין א ל ט ע אידעען מיט א ניי פּנים... אויך די, וואס וועלען נישט לאָזען „כאפּען פיש פאר דער נעץ“ און — פאר דער צייט, בפרט — אָהן א רמז אין זוהר, אָהן א גמטרי"א אין „רזיאל המלאך“ און מיט א קאָנקורענץ פאר די הייליגע און גוטע אידען, וואָס האָבען זיך שוין לאַנג אונטערגענומען דעם פּאָדריאַד אראָפּצוברענגען משיח'ן און צו באפרייען די כנסת־ישראל פון לאַנגען „והוא רחום“...

מאנכע וועלען פארציטערט ווערען. דאס זענען די, וואס דאס ווארט: „דאס אידישע פאלק", ווארפט זיי אין זיבעטען שוויים אריין!

פונוויטענס וועלען זיך אפשר האלטען אויף די, וואס ווילען נישט אויפהענגען אלע אידישע געשעפטען, ווי אן אפריים־קאלענדאר אויף א נאגעל אין דער וואנט!

— וויפיעל דארף קאסטען א טשארטער? — הער איך פרעגט דערווייל א סוחר'ישע נשמה.

— פינף און צוואנציג מיליאן רובל! — ענטפערט א ציוניסטישער בן־בית.

— או! — דערשרעקט זיך יענער.

— נישט פאראן קיין ארעם פאלק! — ענטפערט דער בן־בית. — —

מהיכא תיתי, טראכט איך. נישט קוקענדיג אויף די העכסטע אידעאלען, וואס א זינדיגער בשר־ודם קאן האבען, האט דאס אידישע פאלק דאסזעלבע רעכט צו וועלען, וואס אלע ווילען און האבען. און כל־זמן אלע פעלקער האבען זייער אייגענס, אפגעזונדערטע, אפגעגרענעצטע לענדער, מעג די כנסת ישראל אויך גלוסטען א פארזיכערטע, עפענטליך־רעכטליך פארזיכערטע היים... פיינע פיערציג קאפיקעס אויף א שקל און עטליכע רובל אויף אן אקציע וועל איך נישט קארגען... און איך חזר מיר איבער: אן עפענטליך־רעכטליך פארזיכערטע היים... נאר עפעס א שכן הויבט זיך אויף און רוימט מיר איין: ווארט, עס איז נישט אזוי פראסט, ווי מען זאגט! דא אין א ו י ס ל א נ ד האט דער ד י י ט ש צו שאפען: דער דייטש איז בטבע א פשטן, וואס ער זאגט, דאס מיינט ער... לאמיר נאר אהיים קומען!... עס איז א טיפע סוגיא, א שווערע סוגיא, א פלפול און א פרד"ס און א שטיק השכלה און עקאנאמיקא... וועסט זעהן!

איך וויל מיך אומקוקען, ווער עס רעדט, בעסער זיך איינהערען

אין וואס מען זאגט, נאר דער רוח האט מיך שוין אוועקגעשלעפט איבער טאל און בערג קיין מינסק, אויף אן אסיפה. נאר אהן דריי־טשען...

---

דער גרויסער עולם שלאפט אפשר נישט, נאר דרימלען, דריי־מעלט ער. קיין פריי, אפען אויג פאר א מיליאן... עמיץ שמייכעלט ווי פון חלום, מן־הסתם זעהט ער א פולע באנק מיט גאנצע פינף און צוואנציג מיליאן: א צווייטער בייסט די ליפען, אפשר איז איהם א שאד אזויפיעל געלט פאר א פאפירענעם טשארטער... און אויף דער בימה שטעהט איינער מיט פייערדיגע אויגען און רעדט:

— דער ציוניזם שטעהט צו צום פאלק און וויל געלט! דער ציוניזם וויל נאר נ ע מ ע ן, אבער וואס ג י ט ער? וואס וויל ער ג ע ב ע ן, דער ציוניזם?

און איך מיין, אז איך האב א קלארע תשובה אויף דער שאלה: דער ציוניזם וויל געבען א לאנד, ארץ־ישראל וויל ער געבען... ער וויל ע ר ד פאר'ן פאלק, ערד צום אקערען, זייהען און שניידען... דער רעדנער אבער ווייסט אפנים בעסער.

— דער ציוניזם — זאגט ער — מוז שוין אנהויבען צו געבען, באלד און דא!

און אין נאמען פון ציוניזם שיט ער ווי פון א פאס ארויס טייערע מתנות פאר'ן פאלק: ארטעלען, חברות, פארדינסטען, וואס איהר ווילט, און דער עולם, הערענדיג פון מתנות, וועקט זיך אביסעל אויף און עס הערט זיך א נערופעריי: ווייניג, ווייניג!

איינער וויל נאך: קאמעדרעס פאר מלמדים, א צווייטער אן אוניווערזיטעט אין דער שווייץ אדער אין ארץ־ישראל, א דריטער מעטאדען צו לערנען עברית בעברית — און עס ווערט א געשריי: קולטור! קולטור!

און צווייערליי קולטור!...

און דער, וואס טראגט מיך, פארטייטשט מיר: ציוניזם איז איינענטליך א הון. נאר, אז עס וועלען איהר אויפוואקסען גאלדענע פליגעל פאר פינף און צוואנציג מיליאן, וועט זי ווערען אן אדלער און אוועקפליהען ווייט, ווייט צום לבנון, צום הר־הבית... דערוויילע זיצט זי אויף איין ארט, און יעדער קומט און לעגט איהר אונטער

אויסצואוואַרעמען אַן אַנדער איי... קולטור־אייער, עקאָנאָמישע־אייער, עברית־בעברית־אייער... און וואָס זאָל זי נעבעך טון, די הון? זי וואַרעמט...

— און אַלע אייער האָבען אין זיך ל ע ב ע ן?

— ניין... אַסך וואַנט־געריבענע אייער... עקרות — — — —

און ער טראָגט מיך ווייטער אַוועק...

---

און דער רוח כאַפּט מיך ווייטער און פאַרטראָגט מיך קיין ראַדאָם... אַ סטודענט איז אַראָפּגעקומען, אַ יונגער סטודענט, מילך און בלוט, און ער האַלט אַ רעדע, פאַר אַ קליינעם, נאָר אַ פיינעם עולם...

ציוניזם — רופט ער — איז נישט קיין פינף און צוואַנציג מיליאָן, מיר זענען צו ע ר ה א ב ע ן, מיר פליהען צו הויך, מיר זאָלען זיך אַראָפּלאָזען און גראָבלען אין פרעמדע קעשענעס, אַרויס־צוקריגען קליין־געלט... ציוניזם איז נישט קיין טשאַרטער — פּאָ־ליטיק לאָזען מיר פאַר אַנדערע, פאַר „דייטשע יודען", וואָס זענען נישט קלאָר אין אונזער לעבען, וואָס זייער אויסגעקיהלט הארץ ברענט נישט מיט אונזער רוס־יש־פּויליש־אידישען פייער־און־פלאַם! ציוניזם איז דערווייל אויך נישט ארץ־ישראל, וואָרים גיט אונז היינט פּאַלעסטינא, צי קאָנען מיר זי נעמען? האָבען מיר אַ פריי קולטיווירט פאָלק? קאָן אונזער פאָלק אַרבייטען? ציוניזם איז — קולטור... קולטור... און ווייטער קולטור...

— הידד!

איך עפען אַ מויל מיטצושרייען, נאָר דער רוח האָט מיך שוין געכאַפּט און טראָגט מיך ווייטער...

וואו בין איך?

דאַכט זיך, אין קאָוונא, אין דער שטאָדט פון ישיבה־בחורים, מוסר'ניקעס און אַנדערע זיבען זאַכען, אויף אַן אסיפה פון „ש ל ו ם ־ צ י ו ן" און אפשר נאָר אין באַברויסק אויף אַן אסיפה פון „ש ע ר י צ י ו ן!"

פאַרזאַמעלט זענען הונדערטער, הונדערטער מענשען, און מענשען מיט'ן פולען מויל, אמת'ע אידען, מזרחי־אידען... אידען

מיט בייכער, אידען מיט גרויע און מיט ווייסע בערד, אידען מיט לאנגע ברעמען, בייזע פנימ׳ער — אפילו ר י י כ ע אידען!

— שא! שא! די תקנות!

און מען לייענט תקנות — —

היות, ווי מען וויל אונז היינט אפגעבען ארץ־ישראל, ערלוי־בען פראנק און פריי מקיים צו זיין אלע מצוות התלויות בארץ, עס זאל שוין אפילו זיין א בית־המקדש, שטעהן א מזבח, עס זאלען אפילו גרייט זיין קעלבער אויף קרבנות, זענען מ י ר נאך נישט פארטיג! ווען דער עולם נישט ווייסען, ווי אזוי מען דערנעהנט א קרבן, וואס פאר א קרבן, ווען קומט א קרבן, ווען די כהנים דאר־פען נעהן תרומה עסען, ווי אזוי מען איז זיך נוהג מיט א סוטה... עס וועט נישט זיין קיין מיראווא סודיא און קיין קאדעקס, און קיי־נער וועט נישט קאנען קיין דין־תורה פסק׳נען... עס וועלען זיין פעלדער און וויינגערטנער און דעם דין פון שמיטה און יובל וועט מען נישט ווייסען. על־כן האבען מיר מתקן געווען א חברה ש״ס פאר בעלי־בתים, א חברה „חומש מיט רש״י״ פאר׳ן המון עם... היינט, שבת בראשית, איז געווען א התחלה, דער סיום וועט זיין אם ירצה השם, אויפ׳ן הר הבית — — —

— אמן! אמן!

און איך וויל אויך מיין מויל עפענען און שרייען, זאל זיין „הידד״, זאל זיין „אמן״, נאר דער רוח האט אפנים קיין צייט נישט, ביי די האר שלעפט ער מיך, איבער טאל און בערג, איבער אפגע־לעגענע וועגען —

שא: עס פויקט! שא, עס טראמייטערט! פון אונטער א בארג ווייזט זיך א פאן... מיט גאלדענע גרויסע אותיות: דגל מחנה יהודה! די פויק פויקט, דער טראמייטער טראמייטערט, און נאך דער פאן געהט א מחנה גבורים: מגן־דוד׳ס אויף די ברוסט, נעז ביי די מיילער, — אונטער זייערע פיס ציטערט די ערד... אויף די שפיצען פון די פיקעס ציטערט דער בליץ — —

— וואוהין געהט איהר, גבורים? איינגעמען ארץ־ישראל? עס פעהלט נעלט צו קויפען?

— איינגעמען די קהלות! — ענטפערען די גבורים און מאר־שירען ווייטער... און ווערען פארשוואונדען אין א גאלדענעם שטויב...

און איך בעט מיך ביים רוח, וואס טראגט מיך ארום: איך בין דיר מוחל די גבורים, וואס געהען איינגעמען די קהלות, די מתנות, מיט וועלכע מען וויל מיך באשיטען אין גלות, איך בין דיר מוחל די חברה ש"ס מיט דער קולטור צוזאמען, ווייז מיר די שטילע ארבייטער, די אמת'ע שטילע מענשען, וואס האבען כח אויסצו־האלטען ביי דער גרויער שטילער ארבייט, וואס פויקען נישט, טראַ־מייטערן נישט, האלטען קיין רעדען נישט, אמפערען זיך נישט אי־בער הארט־קלינגענדע איזמען — ווייז מיר די, וואס קלייבען געלט, וואס זאמלען די ארעמע גראשען פאר'ן נאציאנאל־פאנד, פאר דער קאלאניאל־באנק, ציוניסטען, צי נישט ציוניסטען.

ער הערט מיך אבער נישט, און ווערט אפשר נאך בייז, און לאזט מיך אראפ אין א קאלטער, פייכטער ווינטער־נאכט, אין ער־געץ א גרויס־שטאדטישען מארק...

אינמיטען מארק האט עמיץ, אפנים פאר רחמנות, אנגעלעגט אביסעל האלץ און אונטערגעצונדען — —

און דער עולם פון די ארומיגע הייזער לויפט ארויס צום פייער זיך דערוואַרעמען —

טייל ברענגען זיך מיט קארטאפעל און בראטען, טייל קלאגען זיך, פארוואס דער, וואס גיט פייער, גיט קיין קארטאפעל נישט... אנדערע וואַרעמען זיך די הענט און לייענען קריאת־שמע, נאך אנ־דערע זאגען תהלים... אן אפגעריסענער משכיל לייענט בערנפעלד'ס „דעת אלהים", א סטודענט לערענט זיך כעמיע, אנדערע שאקלען זיך גלאט... טייל דערצעהלען זיך מעשיות...

און דאס האלץ ברענט און וועט זיך אויסברענען...

און איינער רופט צום צווייטען: בערעל, ברענג אביסעל האלץ; שמערעל, ברענג אביסעל האלץ, יוסל — אביסעל האלץ...

נאר זעלטען עמיץ זאל ברענגען...

מען וואַרעמט זיך, מען דאוונט, מען לערענט, מען דערצעהלט מעשיות, מען בראט אפילו קארטאפעל, מען שאקעלט זיך גלאט אזוי, און האלץ וויל קיינער נישט ברענגען...

## 27.

11טען דעצעמבער, 1902

„און די פיערטע מכה פון מצרים — זאגט דער טייטש־חומש — איז געווען ערוב". און דער טייטש־חומש פארטייטשט: ערוב איז א פארמישונג פון אלערליי קליינע און נרעסערע חיות און פון שקצים ורמשים, הן פון א י ב ע ר דער ערד, הן פון אונטער דער ערד און אפילו פון ימים ומדבריות... אלע זענען גע־נען נעקומען קיין מצרים, און עס איז נעגאנגען א טכויר מיט א מויל־ווארף, און א פוקס מיט א קינינגעל און א שטעכעדיג חזיר'ל מיט א נליטשינער פראש וכדומה אלערליי פרעסער, בייסער און צור־פער און האבען זיך צולאזט אין גאנץ מצרים. און אז א מצרי האט זיך אפגעשטעלט אין גאס און געוואלט עפעס פארבייסען די נשמה צו דערכאפען, אדער עס איז דורכגעגאנגען א בעלפער מיט „פאדווארימעס" פאר דעם מצרי'ס מיט דער מצרי'טעס קינדער אין חדר אריין, איז אונטערגעשפרונגען א חיה'לע און האט אויס־געריסען דאס עסענווארג פון די הענט, אפילו דעם ביסען פון מויל... אנדערע קלענערע חיה'לעך האבען זיך געהאלטען אין די לעכער און אין די שפאלטען פון די שטיבער, און אז זיי האבען דערפיהלט א ריח פון מאכלים, זענען זיי ארויס פון זייערע באהעלטענישען און געכאפט פון די טישען, פון די שיסלען און פון די טעפ... און נאר קליינע חיה'לעך האבען זיך ארונטערגעכאפט די מצריים אונ־טער די מלבושים און אפגעביסען פון זיי די הויט... און עס האט געהונגערט דער מצרי מיט דער מצרי'טע אין שטוב און אין גאס און די קליינע קינדער אין די חדרים, און די חיות מיט די חיה'לעך זענען אלץ פעטער און דיקער געווארען... און פון א ווערעמעל איז ארויסגעוואקסען א פוקס, פון א היישעריק א לייב...

דער רבינו בחיי שרייבט: אז דער נס פון ערוב איז געווען על פי דרך הטבע. אז עס איז געקומען די צייט אויסצולייזען ישראל, האט דער רבונו של עולם געשיקט א הונגער אויף די חיות אין די לעבער, אין די היילען, אין די וואסערען און אין די גע־

מויזעכצער, און דער הונגער האט זיי געטריבען פון זייערע ערטער צום ישוב צו, און די נייע מחנות האבען געטריבען די אלטע מחנות, פון דערפער אין שטעדטלעך, פון שטעדטלעך אין שטעדט, פון שטעדט אין גרעסערע שטעדט אריין ביז צו פרעה׳ס פאלאץ...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאס אלץ איז אמאל געווען!

היינט איז אפשר אויך שוין צייט אויסצולייזען ישראל, נאר די מכות פאלען נ י ש ט אויף מצרים...

און א הונגער איז, און טרייבט די חיות, די חיה׳לעך פון דער־פער אין שטעדטלעך, פון שטעדטלעך אין שטעדט, פון שטעדט אין גרעסערע ביז אין נאר גרויסע שטעדט אריין, און זיי זענען הונ־געריג און כאפען פון די הענט און פון די מיילער, און נישט דער מצרי הונגערט, נאר די „כ נ ס ת י ש ר א ל", היינט האט זי ערוב...

און דער היינטיגער ערוב פון כנסת ישראל איז ערגער פאר יענעם ערוב פון די מצרים... יענע חיה׳לעך האבען נאר געכאפט עסענווארג און נישט קיין מלבושים, ווייל די חיה׳לעך זענען גע־גאנגען נאקעט, און די היינטיגע חיות און חיה׳לעך טראגען ראז־צעמארענע קאפטאנעס מיט סטראקעס, זילבער־האריגע שטריימלעך און זיידענע זאקען... און די נקבות פון די חיה׳לעך טראגען סאַ־מעטענע און זיידענע מלבושים מיט טייערע בראבאנטער־שפיצען, און היט פון יענער זייט גרענעץ מיט פעדערען פון פייגעל פון יע־נער זייט ים, און זילבערנע און גאלדענע פאנטעפאלעך, אחוץ אזוי תכשיטין... און ד י חיה׳לעך ווערען אויך פעט און דיק און וואק־סען איז דער לענג און אין דער ברייט, און מעהרען זיך, ווי פיש אין וואסער, און ווי די פרעש אין מצרים און ציהען אונז אפ די העמדער פון די לייבער און דערנאך ערשט רייסען זיי דעם ביסען פון מויל...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און די חוצפה פון די חיה׳לעך וואקסט פון טאג צו טאג, און דער אפעטיט זייערער פון שעה צו שעה.

און אז אן אלמנה פון ערגעץ אן עפוש לעבט אין דחקות פון

א ציג, הערט זי דעם גבאי׳ס אן עצה, פארקויפט די ציג, קויפט זיך א צעטעל אויף דער לאָטעריע און די רעשט גיט זי אוועק דעם חיה׳לע פאר א צוזאג — א זכה בגורל... געווינען, פארשטעהט זיך, געווינט ערגעץ אן אנגעגעסענער עושר, און זי מיט די קינדער שטרעקען אויס די צונג פאר א טראָפּען מילך...

און אז אן אָרעמער בעל־הבית לעבט צעהן יאָהר מיט א ווייב און האָט, נישט פאר אייך געדאַכט, קיין קינדער נישט, און ער זאָגט: „אהבתי את אשתי״ און וויל מיך מיט איהר נישט גט׳ען, גיט איהם עמיץ אן עצה טובה, און ער נעמט דאָס הייזעל און פאר־שרייבט אויפ׳ן הייליגען רבי׳נס נאָמען פאר א בן־זכר... קיין בן־זכר, פארשטעהט זיך, באקומט ער נישט, נאָר דער הייליגער רבי פארמאכט א י י ן אויג, דערנאָך דאָס צ ו ו י י ט ע, און זיין יורש טרייבט דעם אָרעמען בעל־הבית פון דירה ארויס און וואלגערט זיך ארום מיט דער עקרה אין גאַס...

און ווער עס טרינקט זיך, כאַפּט זיך אָן ביי א שטרוי... און אז א קלוג און קארג געוואָרענער פריץ נעמט צו ביים איד די פאכט און גיט זי אוועק זיין אייגענער טאָכטער פאר נדן, פאָהרט דער איד מיט ווייב און קינד און צובראָכענע זיבען זאכען אין שטאָדט אריין... און איידער ער דינגט נאָך א דירה, די פוהר מיט די זאכען שטעהט נאָך אינמיטען מארק, דאָס ווייב מיט די קינדער דרעהען זיך ארום דער פוהר אָדער זיצען און קרעכצען — זוכט ער שוין פרנסה, לויפט ער אריין צום הייליגען רבי׳ן, וואָס האָט זיך צו זיין מזל, נאָך אויף א טאָג פארהאַלטען אין שטאָדט, און קויפט פאר׳ן לעצטען גראָשען א ברכה... די ברכה, פארשטעהט זיך, ווערט נישט מקוים, דער דאָרפס־איד האָט זיך נישט צו וואָס צו נעמען, פון גע־זונטען ווייב איז אין „עפּוש״ געוואָרען א „לא עליכם״, א „לא־יצלח״, די קינדערלעך פאַלען אויף גאנץ אָפּט אוועק... אבער א גלאָז מילך פאר א קראַנקען, א רעצעפּט צו ה״י גדולים פאר אן אנ־דער חיה׳לע איז שוין נישטאָ!

און אז א יונגערמאן פון „עפּוש״, צי נישט פון „עפּוש״, האָט זוכה געווען אראָפּצוגעהן פון קעסט מיט ווייב און קינדער און דעם נדן האָט דער שווער צוגענומען, צי א שותף, צי דער פּריץ, צי ער איז אזוי געגאַנגען לאבוד, און דאָ רופט מען: יעמוד! — זיי מוחל, שטעל זיך צום „פריזיוו״, און אצינד דינען קאָן ער נישט,

מאר ער נישט, וואו וועט זיך דאס קליינוואַרג אהין טון? בעוואַר־רענט ער זיך טאַפּעל: קויפט ער ביים רופא זיך א פּעהלער און ביים חיה'לע פּאַר'ן לעצטען רובל א גרויסען לאַז... און ציהען ציהט דער שלימזל ארויס א קליינעם לאַז און דער פּעהלער האָט ד ע ר ו ו י י ל אויך נישט געהאָלפען — ער געהט, און ווייב־און־קינד געהען אויס פאר הונגער...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און פון ערגעץ אַז „עפּוש" ווערט א חיה'לע געטריבען און גע־טריבען, ביז עס קומט קיין ווארשוי, און שטעלט זיך אָפּ אין דער און אין דער גאַס. און ימים נוראים איז עס, דאס הייסט: פאר'ן „פּריזיוו", און דאס חיה'לע באנוצט זיך מיט דער צייט און שרייבט נח מיט זיבען גרייזען א מודעה, און צואוואַרפט זי אין אלע „אי־דישע" גאסען און הויפען, באשר בכן ער איז א ספּעציאַליסט צו „פּריזיוועו", ה ו י כ ע נומערען האָט ער... אויך, אז מען דאַרף, פאַרקלענערט ער די מאָס, און פארגרעסערט וואס עס איז פאר א „פּעהלער"... און פּריזיוווניקעס קומען פון אלע גאסען, און ג ל ו י ב ט נישט דער „פּריזיוווניק אליין", האָט ער, ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר, א טאטען, וואס גלויבט, א מאמען, וואס גלויבט. און מוהמעס עטליכע, וואס גלויבען, און מען פארזעצט די קישען פון אונטער די קעפּ, די מלבושים פון לייב, און מען פארשולדיגט זיך, אויף גאַטס באַראַט, גמילות חסדים, און מען איז זיך משוה כמנין „פּטור", און מען שאַקעלט אויס פאר'ן חיה'לע די קעשענעס, ווי צו תשליך, אז מען האָט נישט מעהר און מען גיט האַנט־געלט און א חרם־קוויטעל אויף די רעשט...

און דערנאָך, אז דער „פּריזיוווניק" געהט דינען, האָט מען איהם קיין לייבעל, קיין העמד נישט מיטצוגעבען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און, אז עס מאכען זיך שלעכטע צייטען אין „גרר", די פּרנסה פאַלט, און סמאַלע טרייבען אין וואַלד לאָזט מען נישט, קיישלער־פּלעכטען קאָן מען נישט, און דער פייער האָט נישט מיט וואָס אין שטאָדט אריינצוקומען און פאַרוואס עפּעס צו קויפען, און עס פוילט דאָס לעצטע ביסעל סחורה אין געוועלב, און דאָס ביסעל גע־

בעקס שימעלט ביים בעקער... און דער איד פון גרר האט בטחון און ריהרט זיך נישט פון גרר, און האט אפילו אויף „הוצאות־הדרך" נישט, ער זאל זיך קאנען ריהרען פון גרר; קוקט ער מיט הוילע אויגען אויפ'ן טעלערל פון הימעל, און עס נעהט די סדרה: „ויהי רעב בארץ" — ווערט קלייען־ברויט א מאכל, מיט קארטאפלעס־שאלעכטס צוגעביסען... און מען הונגערט, און מען קרענקט, און אן איבערגאנג פארשלעפט זיך, און „גרר" הויבט אן זוכען חטאים, תשובה־טון, האלב גרר לויפט אויף קבר־אבות שרייען, די צווייטע העלפט רייסט איין די שול מיט קולות, און דערהערען דערהערט א „חיה'לע" אין עפוש, עטליכע מייל פון גרר, און עס קומט צו־פאהרען...

און עס קומט צופאהרען, און עס שטעלט זיך אפ אין פאר־שטעדטעל, אין ערשטען הייזעל באלד. און דינגט דאס הייזעל אפ ביים פויער, און רייניגט עס מיט קרייטעכצער, און שלאגט מזוזות אן ביי די טירען, און קמיעות פאר די קוימען און לעגט הייליגע ספרים אויף די פענסטער און עפענט דערנאך א קליין לופטשיקעל אויף גרר און נעמט, און נעמט — ווי א בייז פערד נעמט ער... ער נעמט, און די מגפה נעמט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און דער גראדזשיסקער רבי פאהרט נישט ארויס, ער איז א מושל בכפה אויפ'ן ארט, און וואלט געהאט א גן־עדן אין גראַ־דזשיסק, ווען נישט דער משולח פון לאמזשער ישיבה, וואס קומט פון צייט צו צייט צו פאהרען, האלט א דרשה און נעמט ביי א גראַ־דזשיסקער איד צו א דרייער, טאקע דעם דרייער, וואס דער רבונו של עולם האט איבערגעענטפערט דעם גראדזשיסקער צדיק, טאקע דעם דרייער, אויף וועלכען דער גראדזשיסקער צדיק רעכענט, און קאן זיך פון איהם באין אופן נישט מתיאש זיין...

און עס ווערט א מלחמה צווישען גראדזשיסקער צדיק און דעם משולח פון לאמזשער ישיבה... צווישען דעם גראדזשיסקער צדיק'ס „תורה" און לאמזשער משולח'ס דרשות, ווענען דעם האר־טען דרייער, ווענען דעם גראדזשיסקער אידס הארטען דרייער...

און עס האט זיך געראכט: דער גראדזשיסקער האט מנצח גע־ווען. חסידים האבען זיך ארייננגעלעגט אין סאמע מיט, און מען

האט גע'אסר'ט דעם לאמזשער משולח'ס דרשות! און נישט פון הימעל האט מען גע'אסר'ט, נישט קיין בת־קול האט אויסגערופען א גזרה, נאר די „מעשענע קנעפ“, וואס האבען צו זאגען און צו שאפען!

דער כח פון דער לאמזשער ישיבה איז אבער גרויס, און נאך גרעסער דעם משולח'ס יצר־הרע צום גראדזשיסקער אידס דרייער. און א איד א למדן האט זיך אן עצה געגעבען, און איז אראפגע־קומען קיין גראדזשיסק, ווי אלעמאל, קיין דרשה זאגען וועט ער נישט, אבער תורה לערנען מעג ער? תורה פון חומש ארוים!

און שבת פרשת „איך זאל אזוי וויסען פון ביידע“, האט זיך דער משולח אנידערגעזעצט ביים גרויסען לומדים־טיש אין גרא־דזשיסקער בית־המדרש. און ארום טיש האבען זיך געזעצט די גרוי־סע בעלי־בתים, און דער משולח און די גרויסע בעלי־בתים האלטען אפענע חומשים פאר זיך, און ארום דעם עולם מיט די אפענע חומשים שטעהט א ראד קלענערע בעלי־בתים, און ארום די קלע־נערע נאר קליינע בעלי־בתים, דערנאך ערשט א ראד פון בעלי־מלאכות און אזוי אידען... און דער משולח הויבט אן א פסוק און פארטייטשט ע"פ פשט, און פרעגט א קשיא און פארענטפערט זי, און ווי פון אונטער דער ערד וואקסען ארויס אנדערע צוויי קשיות, דערנאך פיער, דערנאך אכט, און זיי פארוויקלען און פארקניפען זיך, און פארבינדען זיך און עס ווערט א דרשה, א קינסטליכע דרשה, ווי א שפינוועבס ארום א תורה'לע, און עס קנאקט, און עס רוישט, און דער עולם טראכט: עס איז זיסער, ווי האניג, און דער משולח טראכט: דעם גראדזשיסקער אידס הארטער דרייער איז מיין...

און עס האט זיך געדאכט, ער האט מנצח געוועזן, נאר נישט אזוי געשווינד איז מען א חיה'לע פון „ערוב“ מנצח...

דאס חיה'לע זעצט זיך צום טיש, און קיינער קומט נישט צו געהן! עס טראגען זיך די ריחות פון שבת'דיגע טיש־בשמים. — וואו זענען די נעז? עס וועט אריין א קוגעל — ווער וועט כאפען שירים? און ווער וועט שטעלען וויין? מיט וועמען וועט ער בענ־טשען?

— וואס איז געשעהען? — פרעגט דער רבי זיין רוח־הקודש, דעם גבאי. און דער גבאי ענטפערט:

— דער משולח פון לאמזשער ישיבה דרש'ענט!

און דער רבי זאגט:

— גער און זאג, וואו מען דארף!

און דער גבאי ענטפערט: ער שטעהט נישט אויף דער בימה און זאגט נישט אויסענווענינ, ביים טיש זיצט ער און לערענט, און זאגט פון דער סדרא...

ווערט דער רבי גרין! די הענט ציטערען, די אויגען פלאמען.

— גער, — זאגט ער מיט א הייזעריג קול פאר כעס — גער אין בית־המדרש אריין צום עולם און זאג זיי מיט די דריי אותיות, אז איך הייס נישט לערנען!

און דער גבאי איז געגאנגען און האט געזאגט, און דער עולם האט זיך דערמאנט, אז מען דארף, אז מען מוז מורא האבען פאר א רבי'ן, און דער משולח האט אפשר קיין פאס נישט געהאט, און אויפגעהויבען האט זיך דער משולח, צולאפען זענען זיך די בעלי־בתים, דער גבאי האט די חומשים פארמאכט...

מנצח געווען האט סוף כל סוף דער רבי, דער ד ר י י ע ר איז ז י י ן!

## 28.

18טען דעצעמבער, 1902

אויב איהר מיינט, איך בין א בייזער בטבע, האט איהר א טעות.

אז עס טוט מיר וועה, שריי איך. אז עס כאפט מיך ביי דער לעבער, אז מען באלעגט מיר די נשמה מיט פאקשיווע (צי „קרא־פעווע", ווי שלום־עליכם וויל), מאך אין קולות, און וועק אייך אמאל פון זיסען שלאף, און פארטרייב אייך די זיסע חלומות — אבער ווייטער, בין איך ג א ר א גוטער מענש! א נשמה האב איך א גילדענע, מען וואלט זי געמעגט אין לאמבארד שאצען, און א הארץ האב איך א ווייכס און, ביי ו ו א ס ע ס א י ז, צוגעהט עס פאר רחמנות, ווי א פוטער!

און טאקע ביי ו ו א ס ע ס א י ז!

איך האב רחמנות אויפ'ן שעדליצער בעל־קריאה־בחור, וואס מען האט פאר ציוניזם אויסגעפאטשט פאר'ן עולם אין בית־המדרש און אוועקגעטריבען פון ספר... און נישט דערפאר האב איך אויפ'ן רחמנות, וואס ער האט פעטש באקומען, — א פאטש אויף דער פראווינץ איז קיי און שפיי — און אפילו נישט דערפאר, וואס דער פאטשער איז געווען איינער פון די, וואס לעבען פון „פעטער, שענקט א קערבעל", ווארים, וואס איז דער חילוק, ווער עס פאטשט? נאר דערפאר, וואס דער בחור האט א ה ו י כ ע נשמה מיט הויכע אידעאלען און א קליינעם גוף מיט קורצע הענט! א יונגער־מאן, א בחור, א ציוניסט — און איז ארעמער פאר א קאץ, און האט קיין נאגעל נישט צום דראפען פאר'ן ערגסטען הונט, און האט קיין צאן אין מויל צו בייסען, און קיין פינגער נישט אין א בארד אריינצושטעקען!...

און איך צוגעה פאר רחמנות אויף זיינע חברים, וואס האבען זיך שבת־צו־נאכטס באלד נאך הבדלה אנידערגעזעצט קלאג־ליעדער צו שרייבען און בעטען זיך ביי מיר, איך זאל זיין דער ווידער־קול פון זייערע קלאג־ליעדער... א רחמנות אויף יונגעלייט, וואס ווען

מען דארף הענט, האבען זיי פליגעל, ווען מען דארף בר־יונה׳ס, ווערען זיי קינה־זארגער... א רחמנות אויף די ווערמלעך, צי זיי לייכטען, צי זיי לייכטען נישט!

און איך האב רחמנות אפילו אויפ׳ן שעדליצער רב. „טשע־פעט איהם נישט — שרייבט א שעדליצער ווײנענדיג ווערמעל— ער איז אונזער א ציוניסט!" נאר אין דעם וואסער קען איך איהם, ליידער, נישט אפוואשען פון זיינע זינד! לאז ער בע־סער נישט זיין קיין ציוניסט, קיין נאציאנאליסט אפילו נישט, נאר זאל ער פון צייט צו צייט ארויפגעהן אויף דער בימה און אויסטייטשען פאר׳ן עולם: לא־תרצח! זאל ער זאגען, אז רצח׳נען קאן מען, נישט דוקא מיט א מעסער, נישט דוקא מיט סם, אז צונעמען קאן מען די נשמה מיט א ווייך־שמייכלענדיגען ווערטעל: ר׳ קרוב, שענקט א קערבעל! זאל ער ארויסנעמען, ווען מען דארף, די ספר־תורה און דעם שופר פון ארון־קודש, און עפע־נען די תורה, און ווייזען, וואו „לא־תרצח" שטעהט, און בלאזען אויפ׳ן שופר, עס זאל ציטערען דער רוצח!

עס איז מיר א רחמנות אויפ׳ן שעדליצער רב... ער איז א למדן און ווייסט, אז „ווער עס קאן ווערען און ווערט נישט", איז ער־גער ווי דער, וואס זינדיגט מיט אייגענע הענט! איך ווייס, אז ער איז פרום, אמת פרום און ווייסט פאר ווען א בשר־ודם, בפרט א רב, מוז אפגעבען דין וחשבון! און וואס וועט ער ענטפערען, אז מען וועט איהם פרעגען: שעדליצער רב, איהר האט געלאזט בלוט פארגיסען אין די גאסען, און געשוויגען! שפיכת דמים געזעהן און קיין וואָרט נישט גערעדט! איהר האט געזעהן דעם גרעסטען חילול־השם און דאס מויל נישט געעפענט! איהר האט א בימה געהאט מוסר צו זאגען, הערצער צו דערוועקען, א פונק יהדות אין פאר־פעצטע הערצער אויפצובלאזען און איהר האט גע׳דרש׳נט, און מיט נאוה אייער חריפות באוויזען!

א ווילד רחמנות אויפ׳ן שעדליצער רב!

און אז איך דערמאן מיך אן נייעם רעגען פון די נייע צייטונ־גען, קריג איך רחמנות אויף די אידישע ליטעראטען! אין פלוג דאכט זיך, וועט זיי גוט זיין... די „בלעטער" וועלען די נאקעטע לייבער באדעקען; זיי וועלען מלבושים קריגען און אפשר מיט נאז־טיכלעך אין די טאשען; זיי וועלען גאנצע שטיוועל באקומען. און

אפשר מיט קאלאשען אויף די שטיוועל. און א דאך איבער׳ן קאפ וועט זיין, אוים נע־ונד אין די הייזער! און מען וועט זיך אהן „וויעטשערע" נישט לעגען. מען וועט יעדען טאג נאך אפשר א ווארעם מיטאג עסען; אפשר אנבייסען אויך! דאס אלץ איז אבער פאר׳ן זינדיגען גוף, די נשמה אבער וועט ליידען! מען וועט זי אויף שטיקער צורייסען, אויף איינציגע פעדעם, שארפיע וועט מען פון איהר מאכען! מען וועט נישטווארטען ביז זי וועט „אויסטראגען און וועהען באקומען און האבען", „זיבעטלעך" וועט מען פון איהר רייסען, מפיל־קינדער אפטרייבען מיט געוואלד, און די נשמות וועלען אין קורצען קראנקע עקרות בלייבען... די בוימלעך אהן ערלה־יאהרען וועלען אפדארען... און עס וועט קיין אויבס און קיין בלומען נישט זיין, און עס וועט קיין זאנג אויפ׳ן פעלד זיך נישט שאקלען... און אז דער ווינטער וועט קומען אויפ׳ן ארעמען הארץ און דער שניי וועט פאלען אויף אז אויסגעגעסענער נשמה און דער פראסט וועט דורכנעמען די גלידער — וועלען דאמאלט די טרערען אין די אויגען ברענען, ווי פייער, און עס וועט זיין א געקריצעריי מיט די ציין, ווי אין גהינום!

א רחמנות!

און אז דער ווינטער איז דאס יאהר אזוי פריה און אזוי פלוצלונג געקומען און דער ווייסער שניי ליגט אין די גאסען, און דער פראסט מאלט זיין „סעצעסיע" אויף די פענסטער, קריג איך אויך רחמנות... און רחמנות קריג איך אויף די דראשקארסקע פערד, מיט ווייסע בערד און וואנסען, וואס ציטערען מיט די קרענגעס פאר קעלט, און קאנען נישט אויפהויבען די פאדערשטע פיס, ווי זייערע בעלי־בתים די הענט, און קלאפען און דערווארעמען זיך, און — אויף די בעלי־צדקה, וואס פארזארגען יאהר ביי יאהר ארעמע לייט מיט האלץ צי קוילען, און האבען זיך דאס מאל פארשפעטיגט און קיין געלט נישט צוזאמענגענומען צו דער צייט, און קאנען גאנצע נעכט אין די ווארעמע שטיבער אונטער פוכענע איבערבעטען נישט צומאכען קיין אויג, וויסענדיג, אז זייער ב ר ו ד ע ר, דער אביון, פרירט, אז זייער ש ו ו ע ס ט ע ר די אלמנה, ציטערט פאר קעלט; אז די אל פאלט ארוים פון ארעמען שוסטערס און די שער פון ארעמען שניידערס און די נאדעל פון דער ארעמער נייטארינס פארשטארטער געשוואלענער האנט! — אז די קליינע קינדער

שווייגען און רופען אפילו קיין עסען נישט; זיי האבען מורא די מיילער צו עפענען, און דעם פראסט אין לייב ארייצולאזען! און זיי ליגען, די בעלי־צדקה, ביינאכט און קלערען, וואס וועט זיין אין דער שרעקליכער שעה, ווען די נאקעט־אויסגעטאנענע נשמה, אהז פעלצען און איבערבעטען, וועט ארויספליהען און ארויפקומען אין דער הויך, אפצוגעבען דין־וחשבון פאר'ן ריכטער פון דער גאנצער וועלט, און מען וועט זי פרעגען: וואס האסט דו געטאן, ווען דער פראסט מיט'ן ווינט האבען ארומגעהוליעט אין דיין ברודערס דירה, אין דיין שוועסטערס סוטערינא, און פארקאוועט זיי די פענסטער, מיט די לייבער, מיט די נשמות?

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און נישט נאר אויף בעלי־צדקה, אפילו אזוי אויף בעלי־בתים האב איך אויך רחמנות:

עס איז א שלעכטע צייט אפילו פאר בעלי־בתים!

ווי ב ל י י ע ר ן א בעל־בתי'שע נשמה זאל נישט זיין, ווי אסעקורירט א בעל־בתי'שער מוח זאל נישט זיין פאר א בראנד פון א נייער אידעע, — איז דאך לא־ימלט, עס זאל זיך איהם א פונק יהדות נישט ארייכאפען, א בליץ זאל זיך נישט אמאל אריינ־רייסען אין א בעל־הבתי'שען קלייען־זאק... א בעל־בית זאל זיך, היינטיגען צייטען — ניט אמאל, כאטש איינמאל אין יאהר אפ־שטעלען און זיך אליין א פרעג טון: וואס? נאך וואס?

נאך וואס האט ער קינדער געהאט, וואס דאנקען איהם נישט פאר'ן לעבען, וואס ער האט זיי געשענקט? נאך וואס האט ער זיי ערצויגען, אז זיי זענען זיך צולאפען אויף אלערליי וועגען, נאר אויף זיין וועג קיין טריט נישט געמאכט? נאך וואס האט ער דא אן ארט פארנומען, אז אויף זיין ארט האבען הונדערטער בעסערע און עהרליכערע פאר איהם געווארט? און מיט וואס זאל ער זיך טרייסטען? מיט'ן ביסעל מצוות און מעשים־טובים? צי פאלט איהם קיינמאל נישט איין, אז עס איז גאנץ מעגליך, אז ער האט פאלשע מטבעות געזאמעלט, אפגעליישטע זינד פאר מצוות גע־האלטען און זיי וועלען איהם נישט אויסלייזען, נישט אויסקויפען אין טאג, צי אין דער נאכט, ווען עס וועט קומען צו דין־וחשבון?

א רחמנות אויף בעלי־בתים אויך, בפרט אויף ווארשעווער

בעלי־בתים פאר די וויבארען אויף נייע דאזארעס, נאר זאל דאס שוין זיין אונטער׳ן שטראך; לאזט אפאטעמען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

וואַרשעווער „וויבאַרען“ זענען הייסע „וויבארען“... עס נעמט צו דאס לעבען ביי א בעל־בית... ער מוז אפגעבען דין־וחשבון און דאס איז שווער פאר א בעל־בית, ווען ער מוז אפילו טון פאר זיך אליין! און בכלל „אויסקלייבען“ איז היינטיגע צייטען נישט אזוי לייכט! און דאך איז עס אמאל אזוי קלאר, אזוי איינפאך געווע־זען! אפילו אין דעם פאך האט אויך א פארצייטישער בעל־הבית מנוחה געהאט! אויסצוקלייבען א „דאזארצע“ (פון פוילען רעד איך) איז געווען א האר פון דער מילך ארויסצוציהען!

ווּעמען קלייבט מען? דעם ערגסטען!

וואָרים — ווער דארף דעם ראש־הקהל?

א רב איז פאראן שאלות צו פסק׳נען; די ישיבה פיהרט אויך דער רב, תלמוד־תורה פארזארגט ער אויך. אין חברה ש״ס זיצט ער אויבען־אן און לערענט... בעלי־בתים זענען פאראן, האבען זיי בריה׳שע ווייבער אין די קלייטען, אין די שענק און אין איינפאהר־און גאסט־הייזער! און זיי, די מענער, האבען צייט צו קהל־זאכען— צו מצוות און מעשים־טובים! זיי פיהרען די שולען און די בתי־מדרשים, זיי זענען די גבאים אין דער חברה־קדישא, האלטען אויף דעם הייליגען ארט, מיט׳ן באד, מיט דער מקוה, מיט׳ן הקדש, מיט׳ן הכנסת־אורחים־הויז — אלץ, אלץ און צוטיילען זיך מיט אלע קהל׳שע ארבייטען און קהל׳שע כבודים... און ער אליין נעמט אויך א חלק!

א ראש־הקהל האט מען באדארפט פאר זיי, פאר די „פריצים“. וואס האבען צו שאפען!... ביי וועלכע מען איז אין גלות!

די פריצים האבען פון איינצעלנע אידען נישט געוואלט ווי־סען, נאר קהלות! אלע שטייערען, אפצאהלען און אפגאבען האט מען מיט אמאל אויף קהל געלעגט, א סומע, ווי אויף איין מענש... און צווישען זיך האט מען ערשט די סומע אויף קעפ צוטיילט!

גרויסע העכט, נאטירליך, האבען זיך אין דער נעץ פון שטיי־ער נישט געלאזט פאנגען, די תקיפים האט דער שטריק נישט געווארגען; די פרעס, בלוט אויסצוזויגען, האט מען צוגעלעגט צום

שוואכען, צום אָרעמען! און צו דעם האָט מען דעם ראָש־הקהל באַ־דאַרפט!

ראָש־הקהל האָט געמוזט זיין דער, וואָס האָט געקאָנט אַרומ־געהן מיט די שמשים פון איין אָרעם הויז צום צווייטען, און אויפ־מאַנען, און אויסדריקען, און אויספּרעסען דעם שטייער! דער, וואָס האָט געקאָנט האַרץ האָבען אָוועקצונעמען די בענש־לייכטער ביים אָפּגעקומענעם בעל־הבית, צוצונעמען די לעצטע ציג ביי דער אַלמנה, אַראָפּציהען דאָס מלבוש פון דער עגונה'ס לייב, אָפּיר־נעמען דאָס קישען פון אונטער אַ קראַנקענס קאָפּ, פאַנטירען די כלים צו דער אַרבייט ביים בעל־מלאכה און אַליין אַרויספיהרען אין מאַרק אַריין און פאַרקויפען!

אַ ראָש־הקהל האָט געמוזט טראָגען מעהר ברענענדיגע קללות אויפ'ן קאָפּ, ווי האָר אין באָרד און פּאות! און איינזאַפּען אין דער נשמה, מעהר זידענדינע טרערען, ווי טראָפּען וואַסער אין שטאָדט־ברונען! און האָבען וועניגער געוויסען, פאַר דער ערגסטער חיה־רעה אין וואַלד!... ראָש־הקהל איז ביי אונז „רחמנים בני רחמנים“ געווען דער, וואָס וואָלט ביי זיי שינדער, קוילער צי הונט־שלעגער געווען!

דערנאָך האָט דער ראָש־הקהל באַקומען נאָך אַ בריליאַנט צו דער קרוין אויפ'ן קאָפּ! נאָך איין קהל'שען עסק האָט ער געהאַט צו פאַרזאָרגען — אָפּגעבען זעלנער פאַר דער קהלה.

שטייער נעמט מען פראַנק און פריי בייטאָג; זעלנער־נעמען איז געפעהרליכער, דאָס מוז מען שוין טון שטילערהייט אין שטילע נעכט... ווי די וועלף אין אַ הונגעריגער ווינטער־נאַכט, שלייכט זיך דער ראָש־הקהל צו די שטילע הייזלעך אין די שטילע הינטער־געס־לעך, און נאָך איהם געהען שמשים און פּאָליציי... ער קומט צו צו אַ פאַרשלאָפענעם הייזעל און קלאַפּט אָן... מען עפענט און פון אונ־טער'ן ראָש־הקהל'ס קאַפּטאַן באַווייזט זיך אַ לאַמטערענדעל...

און וואו דער ראָש־הקהל האָט אָנגעקלאַפּט, וועט מען זיך שוין יאָהרען־לאַנג אין די קעפּ אַריינקלאַפּען... וואו זיין לאַמטערענדעל האָט אַ שיין געוואָרפען, וועלען שוין זיין פינסטערע יאָהרען און פינסטערע טעג, וואו זיין קול האָט זיך געהערט, וועט מען שוין וויינען און קלאָגען יאָהרען לאַנג, דאָס לעבען לאַנג...

ווער קאָן זיין ראָש־הקהל? דער, וואָס קאָן אויסרייסען אַ קינד

פון דער מוטערס שויס און פארקאוועז און פארשיקען אויף די גרויסע פרעסט, צו דער ברענענדיגער רוט, צום טרפה׳נעם טעפעל, צו דער שמד...

אבער י ו ע מ ע ן צו קלייבען האט מען געוואוסט!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די מויערען פון גהעטא—נארדוי—קינדער, וויינט! — די „קונא" — די אידישע תפיסה פאלט אדער בלייבט שטעהן לער... דער ראש־הקהל פארלירט די ברענענדיגע דערנער־קרוין פון קאפ: שטייער צאהלט יעדער באזונדער, צום מיליטער שטעלט מען זיך צו דער צייט, און מען געהט על־פי גורל... פון דער בייטש אין דער פרעמדער האנט איז קוים א ריטעל געבליבען, קינדער צו שרעקען...

מען דארף שוין קיין אכזר נישט, קיין מערדער נישט. דער ראש־הקהל מעג האבען א לייט הארץ און גאט אין הארץ, א פונק יהדות איז שוין נישט קיין געפאהר! ער וועט שוין קיין זעלנער נישט כאפען, קיין שטייער נישט אויספרעסען, עס געהט נאר וועגען „עטאט", וועגען א קליינע סומע אויף שטאדט־זאכען, אויף א י ד י ש ע ק ה ל־זאכען!

אבער א בזוי מוז ער זיין!

דער בורמישטש מוז האבען וועמען אנצוכאפען, ווי א צאפ, ביי דער בארד, און אויסקערען מיט איהם דאס מאגיסטראט, צי דעם מארק... דער שרייבער, נאך א ביטערען טראפען, מוז האבען וועמען „ליכטלעך אונטער די אויגען" צו שטעלען... דער פאליציי, וואס איז, על־פי־רוב, אינאיינגוועגס דער שבת־גוי, האט אין דער וואכען חשק צו אידישע פאות!... און די בורמישטשאווע דארף א איד ביי דער האנט אויף שליחות, און די דינסט איהרע דארף אויך אמאל א „משולח" אויף א גאנג — און דאס אלץ (ווענינגסטענס אויף דער פראווינץ) מוז דער ראש־הקהל פארזארגען!...

און דער בעל־הבית ווייסט ווייטער וועמען צו קלייבען! —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

צייטען בייטען זיך...

דער אדון פון מאגיסטראט איז אנדערש, מענשליכער געווא־רען... דאס הארץ האט זיך איהם אפשר נישט שטארק איבערגע־

קערט, נאר ג ע נ א ש ט פון „אייראפא“ האט ער שוין... דאס התנהגות איז אנדערש. „פאניע מאשקו!“ הייסט עס שוין, ער בעט אמאל אפילו זיצען, דערלאנגט אמאל די יד... א ראש־הקהל ווערט א שטיקעל מענש, א שטיקעל קרוב־למלכות, קאן אמאל א אידען אפילו א טובה טון, אפבעטען... עפעס פארשמירען!

קיין בזוי ק א ן ער שוין נישט זיין, נאר—שרייבען קאַ־נען, חתמ'נען זיך קאנען דאס טאר ער בשום אופן נישט!

גאט ווייסט, וואס ער וועט אונטערשרייבען, וואס פאר א חשבונות, וואס פאר א התחייבות... צו דעם מוז זיין אן אסיפה פון בעלי־בתים!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

צייטען אבער בייטען זיך און דער ראש־הקהל וואקסט, בשעת ווען אלץ ארום איהם פאלט...

דער רב איז געפאלען... די ישיבות פארמאכט, די בתי־מדרשים לער... ער ווערט א מ ע נ ש: ער לערענט זיך אביסעל צורת־מטבע, אביסעל רוסיש, שרייבט קוויטלעך פאר נולדים ונפטרים, לויפט אויף אלע ברית'ן און חתונות, לויפט ארום אפנעמען שבועות, א רובל פאר א שבועה (פון ווארשוי רעד איך) און לעגט מעהר געוויכט אויף געהאלט און רח"ש און ביי־זאכען, ווי אויף תורה און יראת־שמים... העפסטענס האט ער די „יאטקע“ אין זין... דער גלאנץ פון שטריימעל געהט איבער צום ראש־הקהל'ס קאפעליוש... די אלטע בכבוד'ע בעלי־בתים, די למדנים, די חברה־ש"ס'ניקעס, די חברה־קדישא־מעט־טרינקער, די עליות־פרעסער שטארבען אויס, און אלע חברות, און אלע קהל'שע אנשטאלטען פאלען דעם ראש־הקהל אין דער האנט אריין — ארום און ארום פארנומענע מענ־שען: באנקירען, פאדריאטשיקעס, פאבריקאנטען, גרויס־הענדלער, דאקטוירים, אינזשענירען, יוריסטען... א דאגה!... יעדערער האט זיינס אין זין — און דער ראש־הקהל מוז אלע פארזארגען! עס ווערט א כבוד, א ממשלה, טיילמאל א פעטער ביסען...

און אז עס קומט פאר א קלפי, בין איך דעם שטרוי־זאק, דעם בייכינען בעל־הבית נישט מקנא! האב איך אויפ'ן רחמנות, ער מוז ק ל ע ר ע ן, ער מוז, נעבעך, זיך מישב זיין, עפעס אין זין האַ־בען... און טיילמאל מוז ער זיך נאך אונטערצינדען, אויפפלאמען... און עס איז נאר זיין טבע נישט, זיין שטיינער נישט... גאט ווייסט,

וויפיעל נעכט ער וועט דערנאָך נישט שלאָפען, וואָס דער דאָקטאָר וועט איהם נישט פאַרשרייבען, וואוהין ער וועט איהם נישט שי־קען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אמאָל אבער טרעפט און א בעל־הבית האָט א מערכה! ביי מיינעם א באקאנטען האָט עס געטראָפען!

ער האָט א ווילדע מערכה געהאט!

איז׳ן איז ער, בטבע, א קראנקער; אויף די נירען ליידט ער. דענערווירען זיך איז פאַר איהם סם. און פון נאַטור איז ער א שווערער מענש. א געדאנק צום מח קריכט ביי איהם וואָכען־לאנג, ווי א פויל־טיר אויף א בוים ארויף!... און דאָ איז פאַר דער קלפּי. און מענשען קומען און רייסען פון איהם די הויט!...

און וואָס זאָל ער, נעבעך, טון? דעם באנקיר דעם און דעם קאָן ער נישט אָפּזאָגען; דער באנקיר איז א גאנצער מאכער אין דער באנק און קאָן איהם שטערען דעם קרעדיט. און דעם באנקירס געגען־צד איז א מלוה אוי האָט זיינע וועקסעלעך!... און דער זוהן זיינער ארבייט ביי א פּאַד׳יאטשיק אין קאנטאָר, וויל ד ע ר ביי איהם דאָס קוויטעל! און דערווייל קומט גאָר א חסיד׳ישער לייטישער מענש און שרייט געוואַלד: מען מוז אויסקלייבען א פרומען איד! עס איז קיין השגחה אויף די יאטקעס און — אויף תלמוד־תורה! א שפּאָס — טרפה־פליייש צי דקדוק! לאָז אריין די דייטשען, אפילו די ציוניסטען, איז מען מיט׳; לעבען נישט זיכער! און מיין בעל־הבית איז באמת פרום! דער קרעדיט אין באנק דער־האלט איהם ביים לעבען, די וועקסלעך קאָנען איהם דערשטיקען. נאָר א פרום־אידישע נשמה האָט ער אויך! ווי פארקויפט מען עס די נשמה? א שפּאָס דקדוק, נישט גלאַט־כשר־פליייש! און נאָכ׳ן חסיד פאַלט אריין טאקע א ציוניסט, און מיין בעל־הבית האָט א נאָהנטען קרוב, א מזרח׳ישען רב... און דער רב האָט איהם א בריף געשריבען: היות, מען מוז איינעמען די קהלות! ער שרייבט: א מצוה! און קוים געהט דער ארויס, קומט אריין א דייטש מיט וואַנסעלעך און שרעקט איהם איבער צום טויט! קלייבט מען, חס־ושלום, אויס א ציוניסט, איז סכנות־נפשות! שוויענטאָכאָווסקי שטעהט און שאַרפט א מעסער און געהט אידען שחט׳ן! בלוט וועט רינען אין די גאַסען!

און דער זיבעטער שוויים באדעקט מיין שטרוי־זאק, מיין באקאנטען בעל־הבית! ער ציטערט אויפ'ן גאנצען לייב, ווי א דראשקארסקי פערד איפ'ן פראסט! און סאפעט, ווי א בעל־צדקה, וואס האט זיך מיט די קוילען פאר ארעמע לייט פארשפעטיגט! און דער קאפ, דער ארעמער, הויבט אן ארביימען, ווי א לימעראט פאר פיער און צוואנציג נייע בלעטער! איינער וואלט געפלאצט, ווען נישט די מערכה!

א מערכה, וואס ער האט זיך אן עפעס דערמאנט... און פלוצים, קוים האט ער זיך דערמאנט, איז ער אונטערגעשפרונגען פאר פרייד, און א מענצעל געכאפט איבער דער שטוב: פטור, פטור, פטור!

און דערמאנט האט ער זיך ערשט, אז ער האט שוין א יאהר זעקס קיין עטאט נישט געצאהלט, אז ער קלייבט גארנישט, אז ער וועט גאר קיין קווימעל נישט באקומען... אומזיסטע שרעק געווען!

## 14.

**מאי, 1902.**

מז־הסתם ווייסט איהר שוין פון טאג־ און וואכען־בלעטער פון דעם נייעם געזעץ, וואס רומעניען האט ארויסגעגעבען צו דער־שטיקען דאס לעצטע ביסעל אידישע לעבען, וואס פאכעט קוים אין דעם בלוטיגען לאנד, אין נייעם הישפאניען, וואס איז קליגער פאר'ן אלטען און ברענט און בראט אהן פייער, אהן האלץ און אהן אינקוויזיטארישע צערעמאניען.

דאס געזעץ איז גאנץ איינפאך: „פרעמדע, — זאגט דאס געזעץ — טארען זיך אין רומעניען ניט באשעפטיגען מיט קיין שום מלאכה, כל זמן זיי וועלען נישט באווייזען, אז אין זייער היים, אין זייער לאנד, הייסט עס, האט דער רומענער דאס פרייע רעכט צו זיין א בעל־מלאכה".

דאכט זיך, גאנץ עהרליך. צווישען פעלקער און מדינות איז פון אייביג אן דאס רעכט: „שמור לי ואשמור לך" — „ווי דו פיהרסט דיך מיט מיינע מענשען, וועל איך מיך פיהרען מיט ד י י נ ע". איז אבער דא אין דעם געזעץ א פיין שפיצעל, א שארף שפיצעל, וואס טרעפט גלייך דעם איד אין האלז אריין!

אלע רומענישע אידען, אויסער א גאנץ קליינעם פראצענט, הייסען, לויט דעם רומענישען געזעץ: פ ר ע מ ד ע!

עס מאכט נישט אויס, וואס אידען זענען פריהער אין לאנד אריינגעקומען, ווי די רומענער, עס מאכט נישט אויס, אז זיי דינען אין מיליטער, פארגיסען זייער בלוט פאר רומעניען, צאהלען שטייער און, ווי געוועהנליך, א דאנק דער עהרליכקייט פון די באאמטען, פיעל מעהר ווי די רומענער, און מוזען דערביי אויף אייגענע קאס־טען אויסהאלטען אלע אידישע אינסטיטוציאנען פאר צדקה און רעליגיאן, פון וועלכע די רומענישע רעגירונג, וואס פארזארגט

דערמיט אלע אנדערע רעליגיאנען, ווייל נישט וויסען, עס מאכט נ״שט אויס, וואס כמעט יעדער רומענישער איד האט אין דער רו־מענישער ערד קברים פון זיידעס און עלטער־זיידעס — לויט׳ן געזעץ זענען זיי פרעמדע!

און אלס פרעמדע קאנען זיי זיך נישט באשעפטיגען מיט דער מלאכה, כל זמן זיי וועלען נישט פארשטעלען דער פאליציי קיין באווייז, אז אין זייער לאנד, ביי זיי אין דער היים, האט דער רומענער דאס רעכט א בעל־מלאכה צו זיין!

און אזוי ווי די אידישע רומענער האבען נישט קיין היים, קיין אייגען לאנד, וואו דער רומענער זאל קאנען זיין א בעל־מלאכה, על כן — שטארבט אידען פאר הונגער!...

אזוי האט פארשטאנען דאס געזעץ גאנץ אייראפא, און אלע אייראפעאישע בלעטער (אויסער עטליכע אנטיסעמיטישע) זענען ארויסגעטראטען מיט א שארפער קריטיק נעגען דעם בארבארישען געזעץ; אזוי האט פארשטאנען דאס געזעץ גאנץ רומעניען, און בפרט די רומענישע בעל־מלאכה׳ס, וואס האבען געמאכט אסיפות מיט ששון ושמחה און אויסגערופען, אז זיי וועלען מיט איינענעם כח נויטען די אידען, זיי זאלען זיך אונטערגעבען דעם נייעם גע־זעץ, און די פאליציי, זי זאל שטרענג דערויף אכטונג געבען! אזוי האבען פארשטאנען דאס געזעץ אלע רומענישע אידען, וואס הא־בען זיך געפיהלט, ווי די אידען פאר פורים אין מרדכי ואסתר׳ס צייטען, און בפרט די אידישע בעל־מלאכה׳ס, וואס האבען זיך פארזאמעלט און ארויסגעגעבען א שטארקען, מיט בלוט פון הארץ געשריבענעם, פראטעסט און אן אויפרוף דאס לאנד צו פארלא־זען! פריהער פאר אלע האבען נישט אנדערש פארשטאנען דאס אכזר׳שע געזעץ דער מיניסטער, וואס האט עס פארגעלעגט, און דער פארלאמענט, וואס האט עס אנגענומען.

און פונדעסטוועגען, זאגט היינט דער מיניסטער, אז ער האט עס אנדערש געמיינט!

רומעניען דארף געלט בארגען, מען דארף אנקומען צו אידיש־אייראפעאישען קאפיטאל אויך, און וואס מען וועט אויף אונזערע קאפיטאליסטען נישט זאגען, אזוי אומפארשעמט זענען זיי נישט, זיי זאלען אונטערשטיצען דאס לאנד אין דער צייט, ווען אידיש בלוט רינט אין זיינע גאסען...

אפשר שפּעטער מיט דער צייט, אז מען וועט דערמיט גע־וועהנט ווערען! וועניגסטענס, ווען די אייראָפּעאישע צייטונגען וועלען אויפהערען דערפון צו שרייבען...

און דעריבער, אז מען דאַרף צום איד און דער איד קרימט זיך, מאכט דער מיניסטער מיט'ן קעניג קאַרל א נייעם פּירוש צום דין!

אידען, הייסט עס, וואָס האָבען נישט זייער לאַנד, וואָס האָבען נישט זייער היים, פון וואַנען זיי זאָלען קאָנען ברייגנען א באַווייז, אז די רומענער האָבען דאָרט דאָס רעכט צו זיין בעלי־מלאכות, זענען נישט מחויב דעם באַווייז צו ברענגען.

און מען האָט גערופען דעם בוקארעשטער רב און געזאָגט איהם, נאָך עטליכע קאָמפּלימענטען, דעם נייעם פּירוש, אויך האָט מען דעם פּירוש מודיע געווען אין די אייראָפּעאישע בלעטער. אלע אָבער ווייסען, אז דער פּירוש וועט נישט פאַרגעשטעלט ווערען דעם פאַרלאַמענט צו באַשטעטיגען, אז דער פאַרלאַמענט וואָלט עס נישט באַשטעטיגט. אז דאָס גאַנצע רומענישע פאָלק, וואָס האָט וועניגער גערעכטע, ווי סדום, נאָר א בעסערען מזל פון סדום, גלויבט נישט דעם פּירוש, און, אז באַלד נאָך דער הלואה, וועט די רעגירונג מיט'ן מיניסטער אנדרעש טייטשען, העכסטענס וועט מען צו דעם עוועק מאכען אן אנדער מיניסטער...

דער פאַרלאַמענט, דאָס רומענישע פאָלק, בפרט די רומענישע בעל־מלאכה'ס מעגען בלייבען די איינענע...

---

אין ווינער „אַליאַנס איזראַעליט" איז געוועזען אן אסיפה, און אויף דער אסיפה האָט מען זיך אסך געשפּאַרט וועגען ציוניזם (עס איז געקומען דר. הערצל מיט אסך מיטגליעדער ציוניסטען) און אַביסעל גערעדט וועגען רומענישע אידען. אַביסעל און דערצו נאָך — פאַרשטעלט, עס טוט זיך עפּעס, נאָר בסוד...

צי עס וועט געראָטען, ווער ווייסט?

דערווייל מוזען רומענישע אידען עמיגרירען... אויף אַליאַנסען זיך אייננאַנצען פאַרלאָזען קאָן מען נישט! קיין גוטער ווילען, קיין

הייסער ווילען אפילו, צו טון פעהלט נישט; נאר כח פעהלט — די איינציגע אידישע כלי־זיין!

נאר עמיגרירען טארען זיי נישט אפען.

עס זאל קיין שלעכטען איינדרוק נישט מאכען אויף אייראפא. דאס הייסט אויף די אייראפעאישע קאפיטאלען, האט די רומענישע פאליציי פארווערט די רומענישע אידען זיך צו פארזאמלען, אסיפות צו מאכען און אפצוקלערען, ווי אזוי און וואוהין צו עמיגרירען...

צו דעם איינענטליך דארף מען קיין גרויסע אסיפות נישט...

ווי אזוי צו עמיגרירען?

צו־פוס; עס איז אויף קיין באהן־געלט נישט דא...

מיט וואס?

מיט דער אויסגעמאטערטער נשמה; עס איז נישטא, וואס פון רומעניען ארויסצופיהרען, אויסער דער קראנקער, פאר׳סמ׳טער נשמה...

וואוהין?

וואו דער שווארצער פעפער וואקסט...

ענגלאנד פארשליסט זיך פאר פרעמדע, אין רעשט אייראפא איז נישט דא וואו א שפילקע אריינצוווארפען... אמעריקא, דאס אמאל יונג געוועזענע, פרייע, אפענע אמעריקא, האט שוין לאנג אנגעהויבען אין א פאליטיש ענגען גארסעט זיך צו שנירען!

קאנאדא דארף אויך קיין אידען נישט!

איין טראנסוואל, די לעצטע האפנונג; איז אבער מלחמה אין טראנסוואל! און ווי עס זעהט אויס, יועט זיך די מלחמה נאך נישט אזוי גיך אויסלאזען.

---

אין אנדערע לענדער, אויסער רומעניען, ווילען מיר אויך קיין נחת נישט שעפען...

נחת פון דייטשלאנד: עס פאלען דארט אפ אלע אנטיסעמיטישע בלעטער, ווייל מען דארף זיי שוין נישט; כמעט די גאנצע פרעסע איז אנטיסעמיטיש... נאך א פרייד: מען זעצט אריין איין אנטיסעמיט נאכ׳ן צווייטען, אנטיסעמיטען באנקראטירען און נעמען זיך צו אלעם בייז — ווייל דער אנטיסעמיט האט אויפגע

הערט א געשעפט צו זיין; אויס מאנאפאל — אלע האבען פיינד א איד! דער מאאר האט זיינס געטאן, זאל ער געהן צו אלדע שווארצע יאהר!

פון פראנקרייך הערט מען באמת ישועות ונחמות...

עס זענען וואהלען געוועזען. די גרויסע פראנצויזישע קלפי איז אריבער! און עס האט זיך אויסגעוויזען, אז די ליבעראלע, האלב־ראדיקאלע און א קליין ביסעל סאציאלע רעגירונג האט גובר געוועזען, ממש געזיגט; אסך אנטיסעמיטען זענען אפגעפאלען, דריומאן אליין, דער גרעסטער אנטיסעמיטישער העלד, האט זיך נישט דערהאלטען! מען האט אויסגעקליבען אין פארלאמענט אריין אפילו דרייפוס־מענשען, אויף וועלכע מען פלעגט שפייען אין די גאסען.. אין אלזשיר אפילו זענען די אנטיסעמיטען געפאלען!

ליידער איז עס „אליה־וקוץ־בה", אין פרייער איבערזעצונג איז עס: א רויז מיט א שטעכענדיגען דארן!

געזיגט האט די פרייהייט אין דער פראווינץ; דער פינסטערער נאציאנאליזם מיט'ן אנטיסעמיטיזם אונטערגעשלאגען — אין פאריז!

און ווייסט איהר, וואס פאריז איז פאר דער פראנצויזישער פראווינץ? דאס זעלבע, וואס דאס אמאליגע רייכע, שטאלצע און שטארקע פראנקרייך, פון פאר'ן אומגליקליכען פראנצויזיש־דייטשען קריג, איז געוועזען פאר גאנץ אייראפא! — א פאבריק פון נייע מאדען, פון נייע געדאנקען, פון פאליטישע אידעען! —

וואס עס געהט היינט אויף אין פאריז, וועט מארגען וואקסען און צוואוואקסען זיך אין גאנצען פראנקרייך! און אין פאריז איז אויפגעגאנגען — א בלוטיגע זון... דער פיינסטער נאציאנאליסטישער אנטיסעמיטיזם!

אפשר וועט איהר אייך טרייסטען דערמיט, וואס אין דער ענגלישער קאמיסיע, וואס מען האט אויסגעקליבען אויסצוקלערען תקנות, ווי אזוי פטור צו ווערען פון נייע עמיגראנטען, איז אריין איין איד אויך, דער לארד ראטשילד?

און אפשר דערמיט, וואס אין איטאליען, לויט מען טעלעגראפירט צו אלע צייטונגען, וועט זיין א קריגס־מיניסטער א איד?

א מאראלישע טרייסט איז עס...

ענגלאנד מיינט אלע פרעמדע, נישט דווקא אי־דען! נײן און נײנציג פראצענט װעלען מיר ליידען דערפון, אבער ענגלאנד איז, על כל פנים ביז היינט, קענען אידען נישט אויפגעהעצט, איטאליען געטרויט איהר ארמיי, איהר גאנצען כבוד אין אידישע הענט אריין!

אבער מאטעריעל — קיין ברויט וועט דערפון נישט זיין...

און מיר דארפען צום אלעם ערשטען ברויט!

ניט פריהער אן ארט דאס ברויט צו פארדינען! און דערנאך וועלען מיר לעכצען צו אביסעל כבוד אויך!

---

אין גאליציען — דערזעלבער דלות...

פון רוסלאנד האבען מיר נאר צו דערצעהלען נייעס פון חיי־מישען אידישען לעבען.

די אדעסער אפטיילונג פון דער פעטערבורגער חברה „מפיצי השכלה" האט אפגעזאגט אייניגע פון איהרע מיטגלידער, וואס האבען פארלאנגט, אז די שולען, וואס די אפטיילונג פיהרט, זאלען ווערען פאראידישט, מען זאל אין זיי לערנען העברעאיש, אידישע געשיכטע וכדומה. אפגעזאגט דעריבער, ווייל פאראידישטע שולען זענען נישט נויטיג...

דאס פראקטישע לעבען — זאגט די אפטיילונג — פארלאנגט זיי נישט. די „חדרים־מתוקנים", וואס מען האט קינסטליך גע־מאכט, פאלען אפ... און ברענגט ציפערען דערויף!

אמאל האט דאס „פראקטישע לעבען" געשריען „שקאלעס־ניע־זשעלאיעם" און די „מפיצי השכלה" האט זיך נישט דערשרא־קען: זיי האבען געוואוסט, אז דאס רופט נאר דאס בלינדע „פראקטישע לעבען" פון היינטיגען טאג, וואס באַ־האלט זיך, ווי א פראש אין ווארעמען געמויזעכטס און וויל נישט ארויס אויף דער ליכטיגער שיין, און האט שולען געמאכט...

היינט שפילען די מפיצי השכלה אליין, וועניגסטענס די אדע־סער אפטיילונג, די ראלע פראש אין געמויזעכטס... זיי ווילען אויך נישט ארויס פון ווארימען שליים, ווילען אויך נישט זעהן ווייטער פון די אייגענע נעז, דאס הייסט גאנץ קורץ, הגם די נעז זענען גע־נוג לאנג...

און עס פאלט זיי גארנישט איין, אז צו בארשט דארף מען קיין ציינער נישט; אז וואס דאס נ י ד ע ר י ג ע, ק ו ר צ־ ז י כ ט י ג ע, ה י י נ ט י ג ע לעבען באדארף און פארשטעהט, אז עס דארף, דאס באשאפט עס זיך אליין, און דערצו דארף מען קיין „חברות" נישט, קיין אפטיילונגען פון חברות אודאי נישט... אז, אויב דאס ארעמע, דערשלאגענע פאלק קוקט נישט ארויף, נאר אראפ, מוזען עס פאר איהם טון זיינע מכלומר'שט גרויסע, בע־ פערע, קליגערע, העכערע! ווארים, אז נישט — ווער דארף אייך? רוקט אייך אביסעלע ווייטער, וועט אייך און אונז בעסער זיין!

---

א וויכטיג נייעס איז אפשר אויך די ציוניסטישע־רבני'שע פארטיי.

כל־זמן דער ציוניזם האט זיך פארגעשטעלט אלס פאליטישע אידעע, האבען די אלע, וואס האבען געגלויבט אין דער מעגליכ־ קייט אויסצופיהרען א ציוניסטישע פראגראם מיט דער הילף פון פאלק, מיט'ן ווילען פון סולטאן און ביישטעהען פון אייראפעאישע גרויסמעכט, געקאנט זיך האלטען צוזאמען; סיי פרומע רבנים, סיי אלטמאדישע בעלי־בתים, סיי פאבריקאנטען, סיי בעלי־ מלאכות און ארבייטער, סיי סטודענטען און אפילו גאנץ רויטע יונגעלייט — אלע האבען פארשטאנען און געוואלט „ציון", כאטש צו פארשידענע צוועקען!

נאר אין פאליטישען פראגראם האבען נישט אלע געקאנט ארבייטען.

מיט דעם האט זיך באשעפטיגט דער דר. הערצל מיט דער הילף פון נאך עטליכע פארטרויאונגס־מענער, אין רשות הרבים — אין אפענעם מארק מאכט מען קיין פאליטיק נישט...

יונגעלייט ווילען אבער ארבייט; ציוניסטישע פאראיינען ווי־ לען אויך עפעס טון. דרשות האלטען איבער ציון, קלייבען שקל'ען, פארקויפען אקציען — דאס אליץ שטילט נישט דעם הונגער פון עפעס צו טון פאר'ן פאלק און מען האט געשטעלט די פראגע פון קולטור...

מען האט די קולטור אריינגענומען אין ציוניסטישען פראג־

ראם מיט דער טענה: אז מיר מוזען זיך פריהער קולטיווירען. אלס פאלק, אויסבילדען און פעהיג מאכען א לאנד צו באזיצען! און קיים איז אריין די קולטור, האט געמוזט ארוים דער שלום צוויי־שען דעם ציוניסטישען עולם.

אלע „שטעהען אויפ'ן פראגראם פון באזעלער קאנגרעס“ בנוגע צו דער ציוניסטישער הויפט־אידעע, אבער נישט אלע קא־נען איינינ זיין וועגען קולטור; עפעס שמעקט פארט מיט השכלה!

פאר'ן פרומען רב איז קולטור: עין יעקב, פאר'ן געבילדע־טען: אידישע געשיכטע, אלגעמיין וויסען, פאר אנדערע נאך עפעס טיפערס...

יעדער וויל ז י י ן קולטור, ז י י נ ע שולען, ז י י ן ליטעראטור... און דעריבער מוז יעדערער האבען זיין באזונדערע חברה!

אלס די ערשטע אפגעזונדערטע פארטיי זיינען ארוים די יונגע ציוניסטען; אלס די צווייטע — די פרומע רבנים...

די לעצטע האבען געגרינדעט א חברה „מזרחי“.

וועגען די פראגראמען פון ביידע פארטייען וועלען מיר שריי־בען אין א באזונדער ארטיקעל...

דערווייל האט איהר א נייעס: פרומע אידען ארגאניזירען זיך! רבנים מאכען חברות. אלס פרייער מענש האב איך פאר זיי מורא, די פינסטערקייט וועט אין דער ארגאניזאציע שטארקער און נעדיכטער ווערען... עס וועט נאך מעהר ווימלען מיט'ן אלטען אלטווארג... נאר אלס א איד פרעה איך מיך! יעדע ארגאניזאציע, ציוניסטישע, נאציאנאלע, פרייע, רבנ'ישע, וואס איהר ווילט, איז א צייכען פון אויפלעבען, פון פרישער קראפט, פון א י ד י ש ע ר קראפט...

„עס וועט זיך דורכמאהלען און מעהל וועט זיין!“

---

וואס נאך פאר א נייעס קאן איך אייך דערצעהלען פון פאר־גאנגענעם חדש?

עס נעהט צו זומער... פאעטען פרעהען זיך: גרעזלעך וועלען אויפוואקסען, פייגעלעך וועלען זינגען, זומער־פייגעלעך היפען און

שפּרינגען, דאָס טייכעל וועט גאָר מחיה'דיג רוישען אין דער שטיל. די ביימער וועלען זיך שאָקלען און סוד'ען זיך גאָט ווייס פון וואָס... א הימעל וועט זיין א בלויער, א הויכער, פיינער בלויער הימעל, מיט זילבערנע נעבעלעך; און קלאָרע נעכט וועלען זיין, און טיפע נעכט, נעכט מיט א זילבערנער לבנה, גילדענע שטערען, נעכט מיט זיסער בענגשאַפט, מיט גן־עדן'דיגען האַרץ־ציטערען... מיט... מיט... מיט אלעם גוטען...

דער פּראָווינץ־איד אבער ציטערט פאַר'ן זומער, גאַנצע קהלות ציטערען... מען האָט קיין רוה בייטאָג, מען שלאָפט נישט ביינאַכט:

— דער זומער געהט, — שרפות געהען...

הילצערנע הייזער, שטרויענע דעכער... די ברענענדיגע זון... שלעכטע, פאַרביטערטע מענשען... אבי א פונק און אויס שטאָדט, אויס... אלץ אויס!

און עס האָט זיך שוין אָנגעהויבען...

באָברויסק איז ש ו י ן אָפּגעברענט...

## 2.

יוני, 1902.

עס איז לייכט צו זאגען: לך־לך! לאז דיך אין צ י י ט י־ג ע ן גערטעל אריין, ווארף איבער די ב ל ע ט ע ר און זוך אויס פאר דער א י ד י ש ע ר פ א מ י ל י ע עטליכע פרישע ראש־חודש־רעטעכלעך!

לך־לך — נו, אדרבא, געה אין אזוינע היצען! אז הענט און פיס הויבען נישט אן צו פאלגען און פון מח דאמפט, ווי פון א קאלכאויוועך!

און, ווען איך טו עס שוין, וועט פון די פריש־שטייפע ראש־חדש־רעטעכלעך, מיט די חנו׳דיג־עלאסטישע עקעלעך און לייטזע־ליג־רויטע מיידעלשע פנים׳לעך — איידער זיי וועלען זעהן קראקוי*) און קומען צו אייך אין דער האנט אריין — ווערען וואס? א גארנישט! „טעלטשיג" און איינגעשרומפען וועלען זיי זיין, ווי בתולות נאך שלשים!

איך וועל בעסער ארױפגעהן, כאפען א טראמוואי, צושלעפען זיך צו דער פריוויסלאנסקער באהן און מאכען, גאנץ אידישליך— פליטה קיין אטוואצק!

וועל איך, אין אייער מזל, הערען, אין טראמוואי צי אויף דער באהן, עפעס נייעס, אביסעל פאליטיק — מהיכא־תיתי! וועט ז י י ן א פעליעטאן; אז נישט — וועט איהר אייך באגעהן! איהר באנעהט אייך אהן ו ו י כ ט י ג ע ר ע זאכען! אפילו אהן ברויט!

א סוף! קיין „ראש־חדש" מיט „שטאלערנע ווערטער און קר־פערנע פיסקלעך", מיט זאלץ, פעפער און — גאל, וועט היינט נישט זיין. אין אזוינע היצען האט א מענש, אפילו א שרייבער, קיין גאל נישט!

---

*) דער מאנאטליכער זשורנאל „די אידישע פאמיליע" האט זיך גע־דרוקט אין קראקוי. — פרויסגעבער.

און איך כאפ מיין נאטיץ־בוך און א בליישטיפט, און שטעה שוין אין שטויביגען געפעל אויף דער טווארדא־גאס...

אוי פון רעכטס, אין שטויביגען געבעל, שלעפט זיך דער געלער ווי א משערעפאכע — איך שפרינג אריין!

און עס זיצט שוין, ברוך־השם, א חברה אידלעך... און ר׳ לייבעלע — א גערער חסיד מיט און אמת׳ער פריוועסאווקע אויפ׳ן שפיץ קאפ, דער גרויסער חסיד׳ישער מאכער ביי דער ווארשעווער קהל׳שער קלפי — פיהרט דאס רעדעל.

מען רעדט פון די ערשט געענדיגטע פראנצויזישע „וויבארען״. און אויף וויבארען איז ר׳ לייבעל א שטארקער מבין! אויף „ווי־בארען״ האט ער די ציין אויפגעגעסען!

פון אונטער דער פריוועסקאווע רינען אויפ׳ן דארען באַ־וועגליכען פנים ארויף דיקע טראפען שוויים. איינער, א גרויסער טראפען, האט זיך. ווי פארגאפט, אפגעשטעלט אויף דער שפיץ־נאז, און אפשר — דערשראקען פאר׳ן שווארצען אפגרונט—א ו נ־ט ע ר דער נאז; ר׳ לייבעל האלט פון אלטע מנהגים און שמעקט נאך טאבאק!

דאס שארף־שפיציגע בערדעל כאפט ער וואס אמאל אין מויל אריין, די שארף־שפיציגע אויגעלעך לויפען פון איין פאסאזשיר צום צווייטען, פארהאלטען זיך א רגע אויף די לויזע קנעפ פון די אפענע כאלאטען — נאר מיר קוקט ער א ווײלע גלייך אין פנים אריין; ער וויל מיר דורכבויערען און דערקענען, צי בין איך אן א מ ת ׳ ע ר צי נאר א נאכגעמאכטער „גוי״... אין א ווײלע ארום פארגעסט ער אן מיר, און דערצעהלט ווייטער דעם עולם מיט אמת־חסיד׳ישער התלהבות פון דער מפלה, וואס די נאציא־נאל־אנטיסעמיטישע פארטיי מיט די גלחים צוזאמען האבען אין פראנקרייך געהאט! אין נייעם פארלאמענט זיצען כמעט סאמע ראדיקאלען...

— וואס הייסט עס?

— ווי ביי אונז, להבדיל, די דייטשען, די אפקורסים, וואס ווילען אלץ עוקר מן השורש זיין, אלץ איבערמאכען — פון שפי־טאל ביז תלמוד־תורה!

— און וואס איז ווייטער די שמחה?

— א מצוה אויף די נאציאנאליסטען מיט די גלחים צוזא־

מען! האבען זיי ג י ש ט געזאלט אנהויבען מיט „אחינו בני ישראל“!

— כן יאבדו — באשטעהט דער עולם — מן־הסתם האט ראטשילד מיט „יקא“ און „כל ישראל חברים“ אויך נישט גע־שווינגען...

— אפשר... ראטשילד האט זיך אודאי געלעגט אין דער לענג און דער ברייט... אן עהרליכער איד ראטשילד... דאווענט יעדען טאג ותיקין! נאר דער עיקר איז די גבורה, וואס וואלדעק—רוסא האט באוויזען!

— ווער איז דער?

— א שפאס! דער ערשטער מיניסטער אין פראנקרייך!

— און וואס האט ער אזוינס געטאן?

— א קלייניגקייט! עס דארף זיין די ערשטע אסיפה אין פארלאמענט. מען וועט אויסקלייבען א פרעזעס אויף די גאנצע סעסיע, אויף גאנצע דריי יאהר הייסט עס; עס וועט ווייטער זיין א י נ ט ר י ג ע ן, די שווארצע חברה וועט, מן־הסתם, פרוא־ווען דורכפיהרען איהרען א מענש... דאכט זיך — אן ערשטער מי־ניסטער דארף זיין דערבייִ? וואס? געהט זיך מיין בחור, נעמט זיך די פלונית'טע אונטער'ן ארים, און פאהרט זיך גאר ארויס שפאצירען אויף דער סעקוואנע!

— וואס איז אזוינס סעקוואנע?

— די פאריזער „וויסעל“ הייסט „סעקוואנע“; ס'איז דאך פראנצויזיש; אזוי זיכער איז ער געווען!

דאס איינענע האט געטאן דער פרעזידענט אליין, ליובע, דער, וואס איז ערשט נישט לאנג געווען אין פעטערבורג — אויף א זו־מער־וואוינונג צום „מאמאלע“ איז ער זיך געפאהרען!

און א ה ן זיי האט אויך דער פארלאמענט אויסגעקליבען א יושב־ראש גאר א גרויסען פון זייער צד, — עפעס אן אויסטער־לישען נאמען האט ער, נאר גאר א פייערדיגער ראדיקאל!

און אונזער ר' לייבעל, דער חסיד'ישער מאכער ביי דער וואר־שעווער קהל'שער קלפי, וואס שפרינגט אוים דער הויט ארויס, אז מען גיט אפ א קוויטעל פאר א קליין שטיקעל דייטש, וואס צי־טערט אימת־מות, מען זאל נישט איינפיהרען אין תלמוד־תורה א ביסעל דקדוק, וואס זיין בעסטער חלום איז א זאזשאנד־נמינע,

מיט שטריימלעך, על כל פנים — פריוועסאוקעס, עס זאל קיין זכר פון די דייטשען נישט בלייבען, — דער אייגענער ר' לייבעל פרעהט זיך מיט די גרויסע אפקורסישע ראדיקאלען אין פאריז!

— און פון וואנען ווייסט איהר דאס אלץ, ר' לייבעלע?— פרעגט דער עולם — פון „הצפירה“ צי פון „המליץ“? אפשר גאר פון „יוד“.

— פוי! — שפייט ר' לייבעלע אויס — קיין טרפה־פסול אין האנט אריין נעמט ער נישט! ער האט זיך זיין „קוריער־ווארשאווסקי“!

אויפ'ן הייליגען „גרזשיבאוו“ —דאס איי, פון וועלכען די אידיש־ווארשאווער קוואקע איז ארויס — האט זיך געמאכט א צופאל! עס איז אונז פארבייגעפאהרען אין דער ברייט א וואגען מעהל. אויף דער טראמוואי־שינע האט דער וואגען אביסעל אונטערגעטאנצט, עטליכע זעק מעהל זענען אראפגעפאלען און סטאפ! דער טראמוואי שטעהט; ווי געבילדעט א טראמוואי־פערד איז נישט, האט עס דאך אינמיטען גאס, אין שעהנעם העלען טאג, אראפגעלאזט דעם קלוגען קאפ און מיט א לאנגער רויטער צונג געלעקט די ווייסע זעק, — מאטעריאליסטישע צייטען!

תוך כדי דבור האט אונז ארומגערינגעלט אן עולם פון קוקער — אידען, ווייבער און קינדער, און איך האב מיך קוים דורכגעשניטען און ־דעריאגט, די באהן נישט צו פארשפעטיגען, דעם ווייס־בלויען טראמוואי...

אין מח ארבייט זיך ביי מיר אויס אזא מין „סענטענציע“ (א מוסר־ווארט): דער טראמוואי איז א דעמאקראטישע אינסטיטוציע — ווער עס צאהלט א צעהנערעל, דער פאהרט! קיין אויסנאם פאר אידען, אפילו קיין באזונדער אפצאהל — פריצים, פויערען און אידען, להבדיל, זענען גלייך! דערפאר געהט זיך יעדער טראמוואי זיין וועג, אויף זיינע רעלסען, און איין בעל־עגלה טאר דעם צווייטען נישט העלפען! אפילו די פערד קענען זיך נישט! זיי טרעפען זיך און „וויהערן“ נישט, און שאקלען זיך אפילו נישט צו מיט די קעפ!

מיד פון אויסקלערען, מאך איך די אויגען צו און הער, ווי צוויי (אפילו גוט באקאנטע) ליטעראטור־פאבריקאנטען, אייגענטליך — טאנדעטער, רעדען גענוג שטיל אפילו — דאס פארלאנגט

דאס געשעפט און די בעסערע געזעלשאפט אינ׳ם „ווייס־בלויעם“, וואס געהט דורך מארשאלקאווסקא — אויך פון פראנקרייך.

— „דעם עיקר נצחון האבען געהאט אונזערע לייט — די דרייפוסארען; די, וואס האבען פאר דרייפוסען מלחמה געהאלטען מיט׳ן גענעראל־שטאב! איצנד וועט זיך עס אנהויבען אויפס ניי! די גרעססטע דרייפוסארען זענען אויסגעקליבען געווארען אין נייעם פארלאמענט אריין, און הימעל און ערד וועלען זיי אויפרירען, מען זאל נאך אמאל דורכזעהן דעם משפט“!

— מען האט דאך געגעבען אמנעסטיע, ביידע צדדים גע־שענקט! —

— זאלא קוקט נישט אויף אמנעסטיע! ער וויל, דער אמת זאל ארויס, בוימאויל אויפ׳ן וואסער! דער פסק איז רעז, זאגט ער, איז קיין פסק נישט, נאר א ניי פארברעכען געוועזן! עס קומט זיי לכל־הפחות — סיביר!

און עס האט זיך שוין אנגעהויבען. דערווייל האבען זיי — די דרייפוסארען אין פאריז, באלד נאך די „וויבארען“, א גרויסע סעודה געמאכט, אפשר פאר הונדערט גרויסע לייט! מען האט געגעסען, געטרונקען און רעדען געהאלטען... מען לאזט זיך הערען!

— זאלא איז געוועזן?

— אודאי! פייער און פלאם האט ער געשיט! ער פייפט אויף דער אמנעסטיע, אויפ׳ן פסק פון רעז...

— מוז מען טאקע אראפנעמען פון בוידעם די רעשט העפטען פון דרייפוס־ראמאן...

— אודאי, און נום אפשטויבען!

— נעווים! מען וועט זיי נאך פארצוקערען!

— הלואי! אפשר צושרייבען א פופציג העפטען?

— למה רע? ווארט, זאל עס טון א דייטש; מיר וועלען קר־מען צום גרייטען!

---

ביי דער פראנציסקאנער גאס זענען די טאנדעטער אפגעשטי־גען, און ארייננעקויקעלט האט זיך א „שלאנאן“ מיט א בייכעל, ווי א פעסעל, וואנסען, ווי א בעזים, רויטע בעק, ווי די בארקעס און פעט־פארלאפענע אויגעלער. א פריש עקזעמפלאר פון דארף.

אונטערגעשטופט האט איהם א בלייכער דארער סטודענט מיט רויטע, ברוינע־בלויע ארומגעזוימטע אויגען!

זיי זעצען זיך. אונטער׳ן „אלטען“ האט די באנק א שטערב־ליכען קרעכץ געטאן.

— פשא־קאשז — טשיעלענצע־נוזשקי! — מאכט דער אל־טער און סאפעט — עס איז נאך אזא מעשה אין דער קריסטליכער וועלט נישט געהערט געווארען.

— בא! — גענעצט אפ דער סטודענט.

— אלע, סינקו, אואוואשזיי! בא...

ער קאן נישט פארדייען דעם אידישען קריגס־מיניסטער אין איטאליען: „זשיד אי מיניסטער וואיני“!

עס איז ווירקליך נישט געהערט געווארען, איך זעה ערשט, ווי געזינדיגט איך האב, דערמאנענדיג דעם פאקט אין פאריגען „ראש־חדש“ כלאחר יד, און אהן שום פירוש. גאנץ אייראפא, ביז׳ן לעצטען אויסגעפאשעטען שלאגאן, גאפט!

און עס איז קיין וואונדער נישט!

מען איז אביסעל געוועהנט געווארען צו באריהמטע אידישע מענער, נאר אויף אנדערע פעלדער!

עהרען־בירגער פאר צערקוועס בויען! האנדעלס־אבער־און אונטערערעטע! — אונזער געשעפט, האנדעל—האנדעל!

עס זענען באריהמט אידישע מוזיקער — ג א ר א פשוט׳ע זאך:

מיר האבען אזוי לאנג „מה־יפית“ געזונגען; אזוי פיעל יאה־רען די פריצ׳ישע הויפען מיט אידישע כלי־זמר פארזארגט! עס איז שוין אין בלוט אריין, עס קומט שוין בירושה! עס איז פאראן אפילו א פויליש־אמעריקאניש־קאטוילישע אידעל, וואס שפילט אויף א י י ן פארטעפיאן, איננאנצען מיט צ ו ו י י הענט, ד ר י י שטיק מיט אמאל! ער פלעגט זיי דורך ווי, להבדיל, און חבדלה!

באקאנט זענען אויך אידישע אקטיארען, און דאס איז שוין אודאי על פי דרך הטבע. אין דער לאנגער גלות־נאכט האבען מיר אזויפיעל פרעמדע ראלען געשפילט; עס איז אויך אריין אין די ביינער!

לעצטענס האבען זיך באוויזען אידישע פאליטיקער... נאר פא־

ליטיק האָט דאָך אודאי שייכות מיט'ן שאַכער־מאַכער פאַר'ן איי־זערנעם טויער, צי אויף דער וואַלאַוועך נאַס!

עס הערט זיך נאָך פון אידישע געלעהרטע: יוריסטען, דאָק־טוירים, אינזשענירען, אפילו פּראָפּעסאָרען — וואָס איז דאָס וואונדער? — אידישע מוחות! האַנדעל־קעפּ אויפ'ן „תלמוד" גע־שליפען! און דאָס ט ר י נ ק ט נישט, הוליעט נישט, דועלירט זיך נישט, נאָר זיצט און לערענט...

אָבער קריגס־מיניסטער! נמרוד'ס מלאכה, עשו'ס מאַנאָפּאָל, ארישע גבורה!

און דער אַלטער טרייסט זיך און טרייסט דעם זוהן:

— זעהסט,—זאָגט ער,—אויף אַזאַ מדרגה קומט מען, אז מען לעבט נישט בשלום מיט'ן קלויסטער! זייט איטאַליען איז ווידער־שפּענסטיג געוואָרען דעם פּאַפּסט, האָלטען זיך עהרליכע קריסטען פון ווייטען, ווילען זיי זיך נישט אריינמישען! און באמת, צי קאָן א פרומער קריסט ווערען גענעראַל, אז מען קאָן איהם הייסען שי־סען אויפ'ן וואַטיקאַן! דינגען טאַקע סאַמע נישטען!... און „אז מען דאַרף דעם אידען, רייסט מען איהם אַפּ פון דער תליה" — ביי אונז האָט מען אויך אזוי געטאָן... מען האָט געדאַרפט סוחרים, האָט מען דאָס „טאַלאַלייסטוואָ" א ר י י נ ג ע ל אָ ז ט! אמת?

— אמת, — גענעצט דער סטודענט...

איך וויים אפילו עפּעס צו דערצעהלען פון אידישע, אַלטע און נייע גבורים, נאָר איך וויל בעסער שווייגען, ערשטענס — די היץ טוט אַן מעשים. צווייטענס — א שלאָגאַן קאָן ענטפּערען מיט דער יד. דער בחור איז ערשט פון דאָרף, געוועהנט צו פּויערים! דריטענס — וואָלט איך מוחל געווען צעהן קריגס־מיניסטאָרען פאַר א שטיקעל ערד פאַר רומעניש־אידישע עמיגראַנטען!

---

עס וועט זיין א פּלאַץ!

אין די באַהן־וואַגאַנען טראָגט מען שוין ארום פרישע קוריערס. דעפּעשען מיט גרויסע אותיות: שלום! די בורען האָבען זיך אונטערגעגעבען!

דער עולם איז אויפגעשפּרונגען, אידען און קריסטען.

— פאסען װאלט געלאזט שניידען אייראפא פון איהר הויט! די גאנצע צייט פון מלחמה האט זי אויך די בורענס מזל טרערען געגאסען, קראקאדיל־טרערען, און מיט'ן מינסטען פינגער פון פוס איז שטיוועל נישט געריהרט! און אזא העלדען פאלק זאל אויסגע־לאשען װערען! אזא פריי טראנסוואל זאל פארפלייצט װערען מיט די ענגלישע סוחרים־שווינדלער! דאס פיינע האלענדיש װעט פאר־געסען װערען און אין גאנץ אפריקא װעט זיך „גארגלען" דאס „פאסקודנע" ענגליש און די שבטים פרעהען זיך נאך, װאס מען װעט זיי צוריק אויפבויען די פערמען! די ענגלישע קאץ גלעט און דראפעט דערביי די נשמה אויס!

אנדערע זאגען:

— אויס ענגלאנד! אצינד האט זיך ערשט באוויזען, אז די ענגלישע ארמעע איז װערט א שום פולווער!

— און זעהט דאך! א פאלק אהן הערנער! אז מען נעמט איין א מדינה, נעמט מען קאנטריבוציע, פארשיקט מען די מורדים במלכות, װאו דער פעפער װאקסט, און דער ענגלישער „האנדעל־האנדעל" צאהלט נאך צו, גיט באלד אמנעסטיע; אלץ מוחל — נאר די גאלד־גרובען אהער!

און איך קלער:

אפריקא װעט זיין ענגליש, דאס הייסט פריי, שטארק און רייך! א פלאץ װעט זיין נישט נאר פאר רומענישע אידען, אפשר אפילו פאר מיינע בלאסע שכנים, װאס שטעהען שוין איבער־געדרעהט צום פענסטער און שאקלען זיך מנחה...

פלאץ װעט ז י י ן, נאר אויף הוצאות װאו נעמט מען?...

איך פארטראכט מיך: װאס קאן יק"א טון? װאס קאן טון „דנדיב־הידוע" מיט'ן פאריזער און װינער אליאנס צוזאמען?

און איך דרימעל, און קלער אזוי כמעט ביז אונטער את־װאצק.

איך קוק מיך אום, איך בין געבליבען אליין מיט עטליכע אידעלעך, יענע לייט זענען אראפ אין װאווער, פאלעניצא, שווי־דער... מיינע שכנים נעמען אביסעל בראנפען: לחיים, לחיים! און איינער זאגט מיט אמת־אידישען הומאר:

— „װיים איך, װאס זאל איך מיר װינשען?"

„זאל איך מיר װינשען דאס געלד, װאס די פראנצויזישע

גלחים האבען אומזיסט אויסגעגעבען אויף די פראנצויזישע וויבא־רען, צי דאס געלט, וואס איז נאך ביי די שווארצע לייט געבליבען?

„זאל איך מיר ווינשען דאס ביסעל פונט שטערלינג, וואס קיטשענער וועט באקומען פאר'ן שלום, וויפיעל ענגלאנד וועט באַצאהלען פאר די פארברענטע פערמען, צי אפשר גאר — וויפיעל די גאנצע מלחמה האט געקאסט?

„און אפשר — ניט ער צו בימערליך — וואלט מען יוצא גע־וועזען מיט דעם געלט, וואס אונזערע רומענישע עמיגראנטען פעהלט אויף הוצאה פון גיהנום ארוים?

„דערוויייל, ברודער, בין איך א קבצן — האב איך אליין נישט אויף הוצאה! לחיים!"

זעהט איהר, נאך איידער איך בין אראפגעשטיגען פון וואַ־גאָן, האב איך א גאנצען ראש־חדש.

איך קאן אייך נאר צוגעבען: אז אין רוסלאנד האט מען ער־לויבט, אידען זאלען אריינגעבען די קינדער אין די עפארכיאל־שו־לען, און יעדער קוראטאר זאל אפמאכען וויפיעל פראצענט. און — וואס נאך וויכטיגער איז, — אונטער דער השגחה פון פינאנץ־מי־ניסטער וועלען ביי אלערליי פאבריקען געעפענט ווערען מעכאנישע שולען, וואו אלע וועלען אויפגענומען ווערען אהן אונטערשיד פון קלאסע און גלויבען.

דערפאר זאגט מען, וועט מען דאס יאהר אין מאסקווער אוי־ניווערזיטעט קיין איינציגען אידען נישט אריינלאזען!

---

זייט געזונט! זאל אייך דער אויבערשטער אין די חייסע טעג שיקען א קיהלונג פאר'ן גוף און פאר דער נשמה...

3.

יולי, 1902.

אנהויבען מוז מען פון וועמען? פון אונזערע בעלי־בתים, פון די אומות העולם...

אלץ ווענדט זיך אן זיי!

מיר זענען צו שוואך אויסצופילען, געגען זייער ווילען, דאס קלענסטע פראגראם!

מיר זענען די שוואכסטע, און כדי אזוינע זאל בעסער געהן, מוזען פריהער די שטארקע בעסער ווערען!

מען מוז ווארטען און האפען אויף דער צייט, ווען הייליג וועט זיין דער מענשליכער ווילען, נישט די פויסט, וואס פיהרט אלץ אויס מיט געוואלד; ווען הייליג וועט זיין דאס מענשליכע לע־בען, נישט דער אייזערנער גאפעל, וואס כאפט אלץ ארויס פון טאפ...

וואס זאלען מיר טון? דערווייל מוזען מיר, ווי נח בדורותיו, אלע וויילע עפענען דעם צוהר פון תיבה און ארויסקוקען און זעהן, צי האט זיך ארום אונז דאס וואסער נישט געשטילט...

דער ציוניזם, וואס וויל דערהאלטען און הויך אנטוויקלען א באזונדער אידיש פאלק אויף זיין באזונדער לאנד, מוז באלד צוגעבען: מיט'ן סולטאנס גוטען ווילען און מיט דער גאראנטיע פון אנדערע רעגירונגען...

דער נאציאנאליסט, וואס פארלאנגט, אז יעדער פויגעל זאל מעגען נעסטען, אייער לעגען און זיינע אייגענע ליעדער זינגען אויף יעדען בוים אין יעדען וואלד; דער, וואס זאגט זיך אפ (און וויל עס אויך פאר אנדערע!) פון פאלימיש־קריגערישען לעבען, און פארלאנגט, מען זאל איהם לאזען ווייטער שפינען זיין היסטארי־שען פאדים מיט אייגענע הענט, לויט אייגענעם געשמאק... וואס וויל געהן, אבוואל צום אלגעמיינעם צוועק, נאר פריי אויף זיין אייגענעם וועג, נישט „עטאפנים פאריאדקאם" אויף פרעמדע — מוז אודאי בעטען, משיח זאל קומען פריהער צו זיי...

נאר אפילו דער ענו, דער געלבזיכטינער זוהן פון פאקטאר מיט דער שענקערין, דער אסימילאטאר, וואס פארשענקט אזויפיעל און פארלאנגט אזוי ווענינ, וואס איז גרייט זיך איינגעהענדיג אפצושיי־לען די הויט, אין אז אנדערער אריינצושפרינגען, וואס וויל יוצא זיין מיט יום־כפור אין דער דייטשער שול און מיט קבר־אבות, מוז אויך זאגען דעם יהי־רצון: לאזט מיך!

— לאזט מיך זיין, וואס איך בין, בחדרי חדרים, אונטער ריי־געל און שלאס; אין נאס און עפענטליכע הייזער וועל איך טראַ־גען וואס פאר א מאסקע איהר ווילט!

— זייט ליבעראל! איהר זעהט, איך שטארב גליד־ווייז אפ, זייט נישט קיין אומגעדולדיגע יורשים און טויט מיך נישט מיט געוואלד! —

און מיט א זיס חנופה'לע לענט ער צו:

— און אפשר וועל איך מיט דער צייט אליין קומען! אנים איך — מיין זוהן, מיין אייניקעל, — די טעכטער מיינע האב איך שוין לאנג, ווי לוט אין זיין צייט, אייך ארויסגעשטופט פון טיר...

— און אין וואס געהט עס? אין היינטיגען טאג! די נאל־רענע פארגאנגענהייט האב איך אייך שוין לאנג פאר די פיס גע־ווארפען און איהר האט זי מיט די פיס צוטרעטען, און איך שעם מיך אצינד מיט איהר. איך לעז אייערע „זכרונות“ און פאסט אייערע תעניתים, און פרעה מיך אין אייערע ימים־טובים. פון דער צוקונפט האב איך נישט וואס צו קלערען, — מיין שמאל און פלאך טייכעל מוז אין אייער ברייטען טיפען ים אריין און דארט פארשוואונדען ווערען! אויפ'ן מארגענדיגען פעלד זיי איך נישט און אקער נישט, עס זאל קאנען עפעס פאר מיר וואקסען!

זייט ליבעראל, שענקט מיר דעם ה י י נ ט י ג ע ן טאג!

יא, אפילו „אויסטוישען דאס רענדעל“ קאן מען נישט אהן זייער ווילען.

כל־זמן איינצעלנע טוען עס, זאגט מען נאר „גיורא ער עשרה דרא! זאל אבער קומען א מנין אסימילאטארען! מען וועט פאר זיי דעם ק ל ו י ס ט ע ר פארמאכען...

לאמיר עפענען דאס פענסטער אין דער פינסטערער נאכט און זוכען, וואס עס איז פאר א שימער אין שטאלערנעם הימעל.

אין דער לעצטער רגע האט דער ענגלענדער אוועקגעכאפט

דאָס מעסער פון בורס האלז... זאָל זיין, מען האָט געוואָלט פאַר־כאַפּען „די קאַראַנאַציע פאַר דער אָפּעראַציע", דאָך וואָלט עס פאַר פופציג יאָהר אוממעגליך געווען; דערצו מוז מען ד אָ ך האָ־בען דאָס ג ע פ י ה ל, אַז דאָס רעכט ליגט דאָך נישט אויף דער שפּיץ שווערט!

דער אמעריקאנישער לייב האָט אויסגעריסען פון די הישפּאַ־ניש־וועלפישע ציין א שעפּעלע — די אינזעל קובא, און האָט עס אליין אויך נישט איינגעשלונגען, נאָר באפרייט: געה, לעב דיר דיין אייגען לעבען.

אין פראנצויזישען פּאַרלאַמענט האָט מען אָפען גערעדט וועגען שלום מיט דער גאנצער וועלט, אפילו מיט דייטשען. נ ק מ ה צווישען פעלקער האָט אויפגעהערט צו זיין א הייליג פּאַטריאָטיש געפיהל, און דער פּאַרלאַמענט האָט קריעה נ י ש ט געריסען!

בורזשואַ האָט אויסגערופען פראַנקרייך, די אייביגע אָקושערקע, וואָס העלפט שטענדיג דער מענשהייט, ווען זי ליגט אין קימפּעט מיט א נייער אידעע, זי זאָל זיין די ערשטע (נאַטירליך אויף רוס־לאַנד געשטיצט) און פּאַרלעגען, אַז די פעלקער זאָלען זיך אנט־וואָפענען און צולאָזען די אַרמעען!

בא! אַז אָפיציער פון דער פראנצויזישער אַרמעע האָט א העבערען פון זיך געפּאַטשט! דאַכט זיך „אחת דתו להמית".

און דאָס קריגס־געריכט האָט איהם נישט געהייסען הענגען, נישט קעפּען און! איז יוצא געווען מיט א פּסק פון דריי יאָהר פעסטונג און אויסשטרייכען פון דער אַרמעע.

עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז מען האָט דעם אָפיציער דע־גערווירט, אין דער לעבער אריינגעקראַכען, און דאָס קריגס־גע־ריכט האָט געזאָגט, אַז א סאָלדאַט איז אויך א מענש און אַז די מיליטערישע דיסציפּלין האָט אויך איהרע גרענעצען...

נישט קיין נייע, גאָר פונק נייע ווערטער?

אַלץ ווי אָפּהענגיג פון זיי; זיי מוזען פריהער בעסער ווערען, אונז זאָל בעסער געהן, נאָר צו דעם איז נאָך ווייט, זעהר ווייט...

אפילו די רציחות אין רומעניען האָבען זיי נישט געריהרט!

אין די עסטרייך־אונגאַרישע דעלעגאַציאָנען האָט דער אויס־לענדישער מיניסטער גאָלובאָווסקי געזאָגט, אז עסטרייך־אונגאַרן יאָן פאַר אידען אין רומעניען גאָרנישט טון; יעדערער איז בעל־

בית ביי זיך אין דער היים. און קיינער האט נישט געפרעגט, פאר־וואס האט זיך עסטרייך־אונגארן אנגענומען פאר די ארמענער און אפגעריסען באסניען און הערצאגעווינען פון דער טערקיי, אבי איינ־צופיהרען עסטרייכישען יושר. און די טערקיי האט קיינעם קיין פרייהייט נישט צוגעזאגט, קיין טראקטאט נישט אונטערגעשרי־בען, און האט עסטרייך גארנישט צו פארדאנקען...

מען האט נישט געפרעגט, ווייל יעדערער האט געוואוסט, אז עס איז אין רומעניען קיין אידישע פראווינץ צוצונעמען נישט פאראן!

אין עסטרייכישען פארלאמענט האט מען נישט באקומען קיין צוואנציג אונטערשריפטען, מען זאל קאנען פארשטעלען די אידיש־רומענישע פראגע.

אין אונגארישען פארלאמענט האט א פויערישער אפגעארד־נעטער יא געפרעגט וועגען רומעניען, און דער מיניסטער פרעזי־דענט שעלי האט געענטפערט: זייט רוהיג, די גרענעצען פאר אי־דיש־רומענישע עמיגראציע זענען פארמאכט! אונזערע אונגארישע אידען אליין פארשטעהען, אז עס מוז אזוי זיין, זיי האבען עס אליין כמעט פארלאנגט!

אין ענגלישען פארלאמענט האט באלפור אויך בארוהיגט דעם עולם מיט דער פארזיכערונג, אז ביז היינט האט זיך די עמיגרא־ציע פון רומענישע אידען נישט געשטארקט, און, אז סיי־ווי־סיי, זיצט א קאמיסיע און קלערט, ווי אזוי אזוינע זאכען צו באווא־רענען...

און אפילו די פאראייניגטע שטאטען האבען געענטפערט אויף א פראגע פון דער אידישער זייט, אז זיי קאנען נישט פראטעס־טירען...

די אמעריקאנישע לאנגע הענט, וואס דערגרייכען ביז שפא־ניען וועגען קובא, זענען צו קורץ צו דערלאנגען ביז רומעניען וועגען ארעמע אידען...

און דערווייל לאזען זיך צוויי טויזענט רומענישע אידען קיין ווין צו־פוס...

און דאס איז דער „החלץ לפני המחנה״ — די ערשטע, וואס געהען; עס וועט זיך ערשט אנהויבען, ווי די היישרעקען וועלען

זיי געהן, ווי די היישרעקען וועט זיי טראגען דער ווינט, און ווי די היישרעקען וועט מען זיי טרייבען פון גרענעץ צו גרענעץ...

דאס אלץ ווענדט זיך אן זיי!

---

עס איז אזוי קלאר, ווי דער טאג, און דאך נישט אלע ווייסען עס!

אין ווייטאר איז געווען אן אסיפה פון דייטשע סטודענטען. צווישען אנדערע האט מען פון אונז אויך גערעדט.

אין זאל האט ארומגעשוועבט דער אנטיסעמיטישער גייסט, רעדנער האבען אונז געוואשען מיט בלאטע, אויפגעוויזען, אז סע־מיטיזם איז אייבינער געגענזאץ פון גערמאניזם, און ווי ווייט ני־דעריגער דער סעמיטיזם איז—, און דאמאלט האט זיך אויפגעהוי־בען א אידישער סטודענט, אין קאטאוויץ געבוירען, דאמבראווסקי מיט'ן נאמען, און האט אין זיין אייגענעם נאמען, ווי אויך אין נאמען פון אלע זיינע אידישע חברים פראטעסטירט.

— נישט דער סעמיטיזם — האט ער געזאגט — איז שולדיג, נאר די אידישקייט! נאר די אידישקייט שטעהט געגען דער דייט־שער־נאציאנאלער אידעע! נאר מיר — האט ער הויך גערופען — זאגען זיך פון דער אידישקייט אפ, מיר ווילען אויסטוישען די מא־קאבעער אויף האהענצאלערן, ישעיה און ירמיה אויף שילער און געטהע — צי ווילט איהר דען נישט, מיר זאלען זיך אסימילירען?

און אז מען האט פון אלע זייטען געענטפערט: „ניין, ניין!“ האט דאמבראווסקי דאך נישט אפגעטרעטען און געזאגט, אז עס העלפט נישט, ער און זיינע חברים מוזען זיך אסימילירען...

די דייטשע סטודענטען האבען געפיפען און געלאכט, די אידישע — געשוויגען...

ווי אזוי קאן מען זיך באווארענען פאר אזוינע רעדנער און אזוינע שוויגער?

וואס קאן אונז פארזיכערען, אז אונזערע אייגענע קינדער ווע־לען נישט אזוי רעדען אדער אזוי שוויגען, און נישט פארמעהרען מיט זיך די ריטער פון שמוציגען בעזעם, מיט וועלכען מען פאטשט

אונז איבער'ן פנים, און מען טרייבט ארום, ווי פוילע בלעטער פון ארט צו ארט?

---

אין דער פרעמד, אין דער אפהענגיגקייט קאן אונז העלפען נאר די נאציאנאלע שולע...

דאס איז אייך, דאכט זיך, אזוי העל ווי דער טאג, און דאך פארשטעהט עס נישט די פיליע פון מפיצי השכלה אין ארעס, וויל באין־אופן נישט פארגרעסערען די צייט פאר אידישע זאכען אין די חברה'שע שולען...

— פון דער הויך — האט א געוויסער סאקער געזאגט — קוק איך אראפ אויפ'ן נאציאנאליזם, ווי משה פון בארג סיני אויפ'ן עגל...

— די אמעריקאנער — האט מרגליות גערופען — האבען אויך קיין נאציאנאלע שולע נישט...

ווי קרום מוז זיין א מענש, וואס גיט אזא פארגלייך, און ווי נידעריג דער, וואס שטעלט זיך אליין אויפ'ן בארג סיני...

נאר אלץ ווענדט זיך אן זיי, דאס בייזע, ווי דאס גוטע...

דער קוראטאר (פאפעטשיטעל) פון ארעסער ראיאן האט פאר־געשטעלט דעם בילדונגס־מיניסטעריום א פראיעקט, מען זאל די אידישע שולען איבערמאכען פון צוויי אויף דריי קלאסינע, עס זאל זיין מעהר צייט פאר אידישע זאכען...

---

עטליכע היימישע פונקען:

אין ירושלים איז געענדיגט און געעפענט געווארען דאס הויז פון אונזער נאציאנאל־ביבליאטעק, וואס מיר האבען דעם דר. כא־זאנאוויטש צו פארדאנקען.

אין פאריז האט מען געעפענט א אידישע פאלקס־אוניווער־זיטעט, פארצוטראגען אידישע געשיכטע, העברעאיש, פראנצויזיש א. ד. ג.

די אידיש־ווארשאווער געמיינדע האט געעפענט א ניי שפי־

טאָל און פון פריוואַט נדבות אַ שולע אין טשענסטעכאָוו פאַר ערד־אַרבייט און דאָרפס־ווירטשאַפט, אויסער אַלגעמיינער בילדונג, רע־ליגיאָן און העברעאיש נ י ש ט פאַרפעהלט.

אין אונזער היימיש־פּאָליטישען לעבען האָט זיך געמאַכט נאָך אַ בלעטעל — אַ חברה „חירות", מיט'ן צוועק מלחמה צו האַלטען מיט דער אַסימילאַציע אויסער'ן ציוניזם און אין ציוניזם, מלחמה צו האַלטען מיט פאַלשע בעלי־טובות, מיט'ן אַליאַנץ, יק"א, וכדומה...

געבענשט זאָלען שטענדיג ווערען די הענט, וואָס הויבען זיך אויף אַפּצורייסען די מאַסקען פון פאַלשע פּנים'ער, וואָס נעמען ווידלעס אויסצורייניגען אונזער שטאָל, בעזעמס ארויסצוטרייבען פון בית־המקדש די אידעען־הענדלער...

נאָר פאַר יק"א האָב איך אַ גוט וואָרט.

פאַר נאַציאָנאַליסטען איז עס די איינציגע צווישען־לענדישע אידישע אינסטיטוציע, דאָס לעבענדיגע צייכען פון אונזער אחדות; דער ציוניזם דאַרף נישט בייז זיין, אויב יק"א באַשעפ־טיגט זיך נאָר מיט זיין „געגענוואַרטס פּראָגראַם", קיין שאָדען ברענגט יק"א נישט...

## 4.

אויגוסט, 1902.

איך וועל אייך מאכען א סיורפריז — אן איבערראשונג...

אויפן' ארט פון א שווערער, טיפער און א ביטערער כראניק, פון וועלכער מילך ווערט געדונגען אין טאג, פון וויין ווערט עסיג אין פלאש און פון בלוט אין די אדערען ווערען שטעכעדיגע שפיל־קעס, — וועל איך אייך געבען — טרעפט וואס?

א לעבענדיגע סצענע, וואס האט זיך אפגעשפילט אין אונזער רעדאקציע.

די פערזאנען: איך און דער רעדאקטאר; פאר־ראן — דער רעדאקטאר און איך...

איך בין אייך נישט מחויב פארצושטעלען די פער־זאנען, — איהר קענט מיך, דעם רעדאקטאר אודאי...

ערשטענס — שרייבט ער (די געפעהרליכסטע קאנקר רענץ פאר שרייבער), צווייטענס — קוקט ער ארויס פון יעדער שורה, פון יעדען ווארט מיט שער און בליישטיפט...

דארף איך אייך זאגען, אז כאראקטעריזירט זענען מיר: ער אלס יצר־טוב, שטיל און ערנסט, טיפע טרויעריג־פייכטע אויגען און צום הימעל — צוויי ווייסע, שניי־ווייסע פליגעל... אזוי זעהט מען איהם די פליגעל נישט אן, נאר „סאם־נא־סאם" אין רעד־דאקציע, אין א זומער־טאג, אז ער טוט אויס די מארינארקע (די באריהמטע היסטארישע מארינארקע) קומען די פלינעל ארויס בולט. איך ווייטער — אלס יצר־הרע פון לאכען, בקצור גע־זאגט אלס „חוזק", נאר, חס־ושלום, נישט נלאט חוזק — מיט א פילאזאפישען סאוס...

אויפ'ן ארט פון שער און בליישטיפט, קומט דער יצר־טוב אריין מיט א פאק צייטונגען אלס מאטעריאל צו ראש־חודש (שמרוי נים ער!). איך — שפיל מיך מיט מיין פאר'כשופ'טען שפי־געלע, א מתנה פון א געהאנגענעם כשוף־מאכער, אין וועלכען (דאס שפיגעלע מיין איך) עס קומט אלץ ארויס קאפויר...

נאטירליך קוק איך אין שפיגעלע אריין און לאך; דער רע־דאקטאר בעט זיך: זיי ערנסט!

און ער געהט צו מיר צו, שטרייכעלט מיר מיט'ן עק פון וויסען פליגעל איבער'ן קאפ און זאגט:

— עס איז שוין צייט!

און איך פיהל, אז אונטער זיין וויסען פליגעל ציהען זיך אויס מאט און פארזילבערט מיין לעצט ביסעל געקרייזעלטע שווארצע האר... אין אלע רמ"ח איברים און שס"ה גידין לייטערט זיך מיר דאס געבלוט און ווערט קלאר און שטיל, ווי דער סמבטיון לכבוד שבת... און שטיל און רוהיג מאכען זיך מיר די אויגען צו, ווי צו א זיסען שלאף מיט נאך זיסערע חלומות... א דורכזיכטיג, נאר עפעס וואונדערליך טרויעריג נעבעל נעמט מיך איינגאנצען ארום... און אין נעבעל, אין האלבען דרימעל הער איך זיינע ווייטערע רעד:

— און געדענק, דו ביסט א שרייבער! מיט עטליכע טויזענט יאהר צוריק וואלסט דו א נ ב י א געווען, וואלסט געמוזט זיין!

— און נביאים לאכען נישט! עס לאכען נאר פ א ל ש ע נביאים, אראפגעשטויסענע מלאכים, דער גיהנום לאכט!

— נביאים לאכען נישט! אין הייליגען גרימצארן שפאלטען זיי פ ע ל ז ע ן, ברעכען זיי מ ו י ע ר ע ן, ווארפען זיי צ ע ד ע ר ע ן; אין שטילער געטליכער ליעבע טרינקען זיי פאר־חלש'טע מדבר־גרעזלעך מיט ווארעם בלוט פון הארץ, מיט הארצי־גע טרערען פון אויג...

— עס איז „ראש־חודש", נישט „שטעדט און שטעדטלעך"!

— עס איז א חודש לעבען, א חודש אידיש לעבען...

— ביסט שוואך און עסטעטיש, גראב דיך איין אין טארף, גראבעל נישט אין זומפ, רייס די גלות־בלימלעך פון אויבען!

— עס וועט זיין גענוג צו פארטרייבען דעם ג ל י ק ל י־כ ע ן שמייכעל פון חתן־כלה אונטער דער חופה, ווי דעם חוזק פון מארשאליקס אויסגעאקערט פנים...

— אין י מ י ם נ ו ר א י ם, אין די שרעקליכסטע צייטען, שטעלסט דו דיך פאר אן עדה אידען צום עמוד, דו ביסט זייער ש ל י ח־צ ב ו ר... א ש ל י ח־צ ב ו ר ביסט דו!

נאר ווי ער האט דעם „שליח־צבור“ דערמאנט — ווי מיט דער האנט אוועקגענומען!

דער נעבעל ארום מיר איז פארשוואונדען, די אויגען עפענען זיך, דאס שפיגעלע בליצט און עס ווייזט מיר א „שליח צבור“ — מיין אלטען קליינשטעדטעלדיגען שליח־צבור..

א חנו'דיג אידעלע, א קליינס, א דארס! אזוי אויסגעמאר־טערט, אויסגעטריפטע אויגעלעך, צוויי אפען געלאזטע פענסטער־לעך אין אן אלטער חורבה פון א פארגעסען הויז.. ביים עמוד— לעבט ער! אויף קרומע הינערשע־פיסלעך טאנצט ער „ממעמקים“ קענען די לייבען און הירשען אויפ'ן אויסגעקראכענעם מזרח און א רענדעל פוס קוקט ארויס פון א לאך אין אלטען זאק... די צור־גרויסע שיך קלאפען צו צום טאקט... די הרוגי מלכות באוויינט ער מיט א קנאקענדיגען פאלקאוואי מארש זכר־לשיפקא, און „כי הנה־כחומר“ צוגיסט ער זיך, ווי א קליין קינד ביי דער מוטערס פאר־טוך אין א קליין־רוסישער „וויעציערינא“ און צום פורים'דיגען „שושנת־יעקב“ געהט „יאנטעקס“ ליעד פון מאניושקעס „האלקא“!

איך לאך, לאכענדיג גיב איך א בלאז אויפ'ן שפיגעלע, יענער שליח־צבור פארשווינדט, עס באווייזט זיך דר. ביק... גאר דער רעדאקטאר ריהרט זיך באליידיגט אויפ'ן בענקעל...

— זיי ערנסט — זאגט ער שארפער ווי געוועהנליך — וויכ־טיגע ענינים!...

---

ער עפענט דאס פעקעל צייטונגען, עס בלענדען פארשידענ־פארביגע הילען... ער בלעטערט אומגעדולדיג, איך פארגעס אווייל אן שפיגעלע, און עס מאכט זיך אן אנדער שמועס.

ע ר : מען האט אפגעצעהלט עלף מיליאן אידען... עס מוז זיין מעהר... אסך ציפערען מיט פראגע צייכען...

א י ך : און וויפיעל אבאנירען דאס בלאט?

ע ר : וועניגער ווי עלף מיליאן (א העויה אויפ'ן פנים)... אכן אבאנירען, מעהר ווי אסך לעזען... נאך מעהר הערען זיך איין, ווי אנדערע לעזען — נישט קשה...

א י ך : הם!

ע ר: בא!

ער האקט זיך אפּ, ער מישט ווייטער.

ע ר: א פּאגראם אין גאליציען... פעלד־ארבייטער שטריי־קען גענען די פּריצים און שלאגען א י ד ע ן...

א י ד: א נייעס! ווען דען זאלען זיי שלאגען? זאלען זיי אנריהרען א פּריץ — הא־הא! פּאליציי, מיליטער!...

ע ר (האלב דערשראקען): אפילו אין ניו־יארק א פּאגראם...

א י ד: ביי ר׳ יוסף׳ם לויה...

ע ר: אהא! צופיעל אידלעך צוזאמענגעקומען...

א י ד: על כל פּנים צופיעל פאר אמעריקאנער דייטשען...

ע ר: און דאך האט דער גענעראל לעא, כמעט אין נאמען פון קייזער, אפילו פון פּאפּסט געזאגט, אז אלע זענען גלייך...

א י ד: עס פרעהט זיך טאקע דער ווארשאווער א י ז ־ ר א ע ל י ט...

ע ר: דאך צופיעל אידען מיט אמאל זענען נעפעהרליך...

א י ד: אויך קיין נייעס; דאס האט שוין דער מדרש גע־וואוסט... „בני ישראל — זאגט ער — די קינדער פון ישראל — נמשלו — זענען געגליכענט — לדגים — צו פיש, מיינט מען: צו הערינגג... שאספתן היא שחיטתן — וואו אסך אידען מיט אמאל, שעכט מען... מאנטאגיו אין לאנדאן וויל טאקע צושפּרייטען דעם לאנדאנער ווייטשעפּעל און צוזייען איבער גאנץ ענגלאנד... ווארשווערער אסימילאטארען ווייסען עס פון לאנג. אז צוויי טרעפען זיך אין א קריסטליך הויז, שטעהען זיי קיינמאל נישט צוזאמען, נאר יעדערער אין א באזונדער ווינקעלע... זיי גריסען זיך אפילו נישט, קענען זיך נישט! באמערקט נישט איינער און געהט נאהנט צו צום צווייטען — באקומט ער א וואונק מיט א פינגער: וואנדער ווייטער...

ע ר: עס איז דאך נישט אזוי שלעכט...

דער סענאט פון בערלינער אוניווערזיטעט האט מ ס כ י ם געווען אויפ׳ן אידישען נ א צ י א נ א ל י ז ם; דערמיט, שרייבט דער „וואסכאד“ האט ער אויך מסכים געווען אויפ׳ן ציוניזם...

א י ד: וואס דארף מען עס, אז מען האט שוין א הכשר פון רבנים?

ע ר: דר. כאזאנאוויטש שיקט ארויס צום בית־נאמן אין

ירושלים א נייעם טראנספארט וויכטיגע ספרים, זעלטענהייטען...

א י ד : בא! דער בית־נאמן אבער, — זאגט מען — איז פארשריבען נישט אויף קהל, נאר אויפ׳ן נאמען פון א פריוואט מענש... אפשר נאך א סוחר... ער קאן מיט דער צייט זאגען: עלי כתיב... אדער באנקראטירען און די בעלי־חובות וועלען צוטרע־טען...

ע ר : לאמיר האפען, אז דער נאציאנאל־פאנד וועט זיך שטארקען... מען וועט מיט געלט דארט אלץ מאכען, פארשרייבען אויף קהל...

א י ד : ירושלים־קהל? וועלען קומען די רבנים און וועלען זי פארמאכען, ווי סטראשונ׳ס ביבליאטעק אין ווילנא...

דער רעדאקטאר (דער יצר־טוב) ווערט גרין און געל, ער שטארקט זיך דאך און זאגט ווייטער:

— דר. הערצל איז שוין צוריקגעקומען פון קאנסטאנטינא־פאל...

א י ד : מיט לעדיגע הענט...

ע ר (אומגעדולדיג): נישט דאס איז דער עיקר! דער עיקר איז, מען האלט אונז פאר א צד, דעם קאנגרעס — פאר א פאליטי־שע אינסטיטוציע, דעם דר. הערצל — פאר א געהעכטליכען פאר־שטעהער... מען אונטערהאנדעלט מיט אונז, כמעט ווי א רעגירונג מיט א רעגירונג... דערצו זענען מיר שוין געקומען!

עס שטעקט דערינען אסך אמת, עס איז אפשר איננאנצען אמת, נאר א רעדאקטאר טאר מען קיינמאל נישט רעכט געבען. איך האב מיך איינגעשפארט און זאג:

— עט! טערקישער אפעטיט צו די פאר גראשען אין באנק!

דער יצר־טוב — דער רעדאקטאר ווערט בלאס, דער שמועס האקט זיך אפ א ווײלע, איך וויל זיך צוריקנעמען צו מיין שפי־געלע. איך פיהל, איך וואלט דארט עפעס שעהנס געזעהן, נאר ער רעדט ווייטער...

ע ר (זיפצט און רעדט): א וויסטע כמארע געהט, אויף פוילען געהט זי... א וויסטער ארטיקעל אין „נאוואיע ווערעמיא“...

מען דארף — זאגט די „נאוואיע ווערעמיא“ — פארוועהרען, די אידען זאלען אין פוילען קיין גיטער נישט קויפען...

א י ד : ביי פויערים קויפען טאר מען שוין לאנג נישט...

ע ר : ביי פריצים מיינט ער...

א י ד : מאי טעמא?

ע ר : די אידען, זאגט ער, קויפען אויס אלע גיטער, פריצים בלייבען אהן ערד...

א י ד : שקר — א קינד אין וויג ווייסט, אז די גיטער אין אידישע הענט, ווערען אלע מאל ווענינער — זיי צוגעהען, ווי זאלץ אין וואסער —

ע ר : בכלל דאס אידישע פארמעגען — —

א י ד : געוויס... תפלה עושה מחצה, פון „זרענו וכספנו" נאך דער הבדלה, ווערט מקוים דאס ערשטע...

ע ר : נישט שטענדיג דאס ערשטע...

א י ד : אויסער, וואו צוויי און דריי קינדער־סיסטעם...

ע ר : בא!...

א י ד : אלץ פאלט אפ, בפרט ערד, וואס רוקט זיך אונז שטענדיג ארויס פון אונטער די פיס... און בפרט אין פוילען, וואו ערד און קלויסטער זענען גלייך הייליג...

ע ר : עט, ביי פויערים אפשר! פויזנער פריצים פארקויפען די גיטער דער האקאטישער באנק...

א י ד : און דאך יאגט דער ווארשעווער „איזראעליט" אי־דישע האקאטיסטען...

ע ר : אהן פאקטען...

א י ד : ווער דארף פאקטען? אבי מען רעדט... נאך דער איזראעלים, אז ער רעדט, מילא...

ע ר ; אבער אז נאוואיע ווערעמיא רעדט...

א י ד : שקרים?

ע ר : זאל זיין שקרים, זי האט א דעה אין פמליא של מעלה... עס קאן זיין א גזרה...

א י ד : געוויס...

נאך אויפ'ן ארט פון זיפצען האב איך מיך צולאכט.

נישט גערנוויליג האב איך אין שפיגעלע אריינגעקוקט...

איך האב דעם כעלעמער רב דערזעהן!

נישט איינעם פון די היינטיגע פיער כעלעמער רבנים; די היינטיגע אלע פיער מיט אלע אלופי־כעלם צוזאמען זענען ווערט

אַז אויסגעבלאָזען איי, איהר זאָלט אפילו צולעגען דעם קאַזיאָנע רב... זיי אַלע האָבען קיין דעה נישט...

אַז אַלטען „מאור הגדול“ זעה איך...

אין אַ קאַפּטאַן מיט סטראָקעס... בייזע ברעמען, שאַרפע אויגען, אַ האַרטער ספּאַדעק מיט שטעכעדיגע האָר... אַ באָרד ביז'ן גאַרטעל...

אַ פּאַפּיר ציטערט איהם אין דער האַנט...

אַ פּאַפּיר פון פּוילישען סיים...

דער פּוילישער סיים פרעגט אַז, צי זאָל מען נישט גלייך געוועזען, אידען זאָלען זיך אביסעל קאַלאַניזירען... וועניגער קרעמער וואָלט נישט געשאַדט... ערד וועט געבען דער סיים, וויפיעל מען דאַרף, וויפיעל מען וועט וועלען...

— היה לא תהיה! — שרייט אויס דער כעלעמער רב, און וואַרפט פריהער דאָס פּאַפּיר און דערנאָך דעם ספּאַדעק אַז דער ערד. פון אידען פּויערים מאַכען? און תורה ווער וועט לערנען?

און איך גיב אַ בלאָז אין שפּיגעלע אריין און זעה אַ נייע סצענע:

אַ ריינער, בלויער הימעל, אַ גילדענער זומער־טאָג... פעלד און וואַלד בלענדען מיט טויזענטער העלע פאַרבען, — שאַרען לוסטיגע פייגעלעך שווימען אין די לופטיגע ליכט־פּאַליעס און שניידען זיי דורך מיט געזאַנג... און אויפ'ן ברייטען טראַקט, ווי אין אַ עמוד־ענן, פאָהרט אַ ברייט געעפּענטע קאַרעטע מיט וואַרשעווער פאַרזאָרגער... מען זעהט זיי אין די אויגען, אַז זיי האָבען געלעזט די אידישע פראַגע „על צד היותר טוב“ — די נעז גלאַנצען פול מיט נחת! זיי האָבען אין טשענסטעניעוו אַ שולע געעפּענט, מען וועט אידישע קינדער ערד־אַרבייט לערנען... מען וועט מיט דער צייט גיטער קויפען, פאַרצעלירען...

אוים קליינע קרעמער! אויס הענדלער, פאַקטוירים, לופטשלינגער, מעקלער אין צירקעל ביי פּאַספּאַרטען און נולדים ונפטרים, אויס „פאַר־דער־באַנק־דרעהער“, „לאַמטריע־מאַכער“, היימישע פּאַסט־פיהרער, לעבעדיג־פלייש־הענדלער, ביי־דער־גרענעץ־עמיגראַנטען־שינדער... אויס, אויס!

אויף דער ערד וועט מען זיי באזעצען...
און אין מזרח־זייט רוקט זיך שטיל ארויס א קליין שטיקעל וואלקען — גאוואיע ווערעמיא...

---

איך דערצעהל דעם רעדאקטאר די סצענע און ער פאלט צו־ריק אויפ'ן בענקעל...
באלד שפרינגט ער דאך אויף, ער האט קעגען מיר א נײ כלי־זיין געפונען!
— גאט אין הימעל, צי האסט דו פארגעסען אנטאקאלסקי'ן?
דא וועט שוין שווייגען דיין פארשאלטענער שפיגעל!
איך וויל מיך פארקרימען, גלאט אזוי, עס האט זיך מיר גע־וואלט פארקרימען און ער שפרינגט אויף, נישט ווי עס פאסט פאר'ן יצר־טוב —
— שקר! — שרייט ער, — מען האט ביי איהם קיין קבורה־געלט נישט גענומען! אנטיסעמיטען האבען אויסגעטראכט...
איך שפאר מיך נישט און ער בארוהיגט זיך.
— מען מוז זיין ערנסט, — זאגט ער — אז א פראסטער מענש שטארבט, נעמט מען זיך אויך צום הארץ...
„וההי יתן אל לבו" האט שלמה המלך געזאגט!"
„עס איז א רעטעניש, אן אייביגע שרעקליכע רעטעניש..."
און דער יצר־טוב געהט באוועגט ארום איבער דער שטוב און רעדט:
— א מענש געהט ארום, א מענש מיט אפענע אויגען...
— מיט אן אפען מויל — העלף איך אונטער...
— מיט פרייע הענט...
— אויב מען קוקט נישט אויף זיי...
— און פלוצים, איידער דו קוקסט זיך אום — ואיננו! די ערד האט איהם איינגעשלונגען...
דארט ליגט ער — די אויגען געשלאסען, דאס מויל פאר־מאכט... די האנט — טויט!...
— אך! ווער איך אויך געריהרט, דער עיקר פון די טויטע הענט, וואס קאנען שוין אפילו קיין פליג נישט אפטרייבען...

— בפרט — ציהט ווייטער זינגענדיג דער יצר־טוב — בפרט אזא אנטאקאלסקי...

א מענש, וואס איז ארומגענאנגען צווישען אונז מיט א גאל־דענער קרוין אויפ׳ן קאפ...

מיט א גאלדענער קרוין, פון וועלכער עס האבען שטראלען געשלאגען אויף גאנץ כנסת ישראל...

מיט אפענע אויגען... און פון די אויגען האט ארויסגעקוקט א ריינע גאלדענע נשמה... א רוח־הקדש, כביכול — די שכינה... מיט פרייע הענט... מיט די הענט...

איך ווער צורודערט:

— וואס האבען געטאן די הענט?

— זיי האבען דאס שניידערל געמאכט...

— דאס בלינדע שניידערל, וואס ציהט אריין א גראבען פא־דעם אין א דינע נאדעל?

— אהא! און די „אינקוויזיציע“, וואס ער האט יונגערהייט נאך אנגעהויבען, הא?

— און נישט געענדיגט, וואס? די אינקוויזיציע, פון וועל־כער די פרומע דינסט האט א הינער־שטייג פאר כפרות געמאכט!

— א, די פינסטערקייט, — קרעכצט דער יצר־טוב — זיי האבען איהם נישט פארשטאנען... די ווילנער מלמדים האבען גע־ווארענט די קינדער, זיי זאלען נישט שניצען... „נישט אלע קא־נען זיין דעם קייזערס בעלי־מלאכות“... זיי האבען שפעטער אויך נישט פארשטאנען...

— וואס?

— — זיין ק ר י ס ט ו ס, זיין איוואן דעם בייזען...

— מיט שטראלען אויף דער כנסת־ישראל?

— שאוויניסט! — זידעלט מיך דער יצר־טוב..

עס שאדט נישט, וואס ער איז אין פרעמדע נשמות אריינ־געקומען, אין פרעמדע הערצער געגראבעלט...

ער איז טריי געבליבען זיין פאלק!...

הער: געבוירען! אין ליטווישען הארץ — אין ירושלים דליטא... געלערענט אין א ליטוויש חדר, ביז אין דער לעצטער מינוט מלעיל ומלרע נישט פארגעסען! פון א אידיש ווערטעל נחת געשעפט! קיינמאל נישט גע׳שמד׳ט! מיט די מאנטעפיארעס

זיך משדך געווען! דעם אייניקעל מיט א בריף אויפ'ן קאנגרעס געשיקט... אויף א אידיש קברות באגראבען... קיין קבורה־געלט נישט גענומען, שקר! שקר שקרים!...

און ער רעדט ווייטער און ווייטער, איך אבער הער נישט. נאך וואס? דאס וועל איך אין אלע אידישע צייטונגען לעזען, דאס האט מען ביים אפענעם קבר געזאגט...

איך קוק דערווייל בעסער אין מיין שפיגעל!

און אין שפיגעל זעה איך אנטאקאלסקי'ן אין דער לופט!

ער פליהט ארויף און פון דער שניי־ווייסער נשמה טיילט זיך אפ דער גוף און פאלט אויפ'ן אידישען בית־עלמין אין אפענעם גרוב אריין!

און ביים אפענעם גרוב שטעהען קהל און רב:

— אונזער אנטאקאלסקי! — רופען זיי כמעט מיט פרייד— און מ י ר ווע‏לען איהם באגראבען!

די נשמה דערווייל פליהט ארויף...

וואוהין? מן־הסתם אין גן־עדן אריין!

נאר אין וועלכען?

— א י ן א ו נ ז ע ר ע ן! — בעט זיך דער „וואסכאד" מיט א דין ווייגענדיג קול'כעל...

— ניע סמיי! — שרייט מיט א ריזיגען באס איוואן איוואנאוויטש איוואנאוו — „טי נאש! וו נאש ראי לעטי!" דיין נשמה איז צו ריין, צי טיף, צו ערהאבען, צו געטליך, זאלסט נישט זיין אונזער! וו נאש ראי, מארש!

די ארעמע נשמה דערשרעקט זיך און פליהט אוועק ל י נ ק ס... דער ארעמער קליינער „וואסכאד" שפרינגט ווייטער מיט א כעס און כאפט אן איוואן איוואנאוויטש'ן ביים אויער — פון שטי־וועל...

---

און נאך א בלאז גיב איך אין שפיגעלע אריין און זעה אנטא־קאלסקי'ן אין ל י נ ק ע ן גן־עדן!

ביים טיש, וואו עס בליצט מיט ארדענס און עפאלעטען זיצט ער אויך...

דאך פיהלט ער זיך נישט היימליך...

ער האלט אויף א שוימענדיגען בעכער אין דער האנט, די האנט אבער ציטערט.

אינמיטען פאלט ער צוזאמען...

א פליישיגע שווערע האנט האט זיך איהם אויף די דארע אק־סעל געלעגט — —

— סלושיי, דיין איוואן דער בייזער — א פראכט, כאטש זי־צענדיג! נאר דיינע אנדערע ארבייטען — זיי מיר מוחל — זענען צו אידיש.

דער רעדאקטאר — דער יצר־טוב — שטעהט אויף, נעמט צו דאס פעקעל ציימונגען און געהט שטילערהייט אוועק...

## 5.

סעפּטעמבער, 1902.

א קורץ צעטעל פון רומענישע גזרות:

טויזענט אכט הונדערט פיער און זעכציג — אידען טאָרען קיין אדוואָקאטען נישט זיין.

טויזענט אכט הונדערט זעקס און זעכציג — אידען ווערען פאררעכענט אלס פרעמדע. דאס נאטירליך באפרייט זיי נישט פון דינען אין מיליטער, פון בלוט־פארגיסען פאר׳ן „פאטערלאנד"!

טויזענט אכט הונדערט דריי און זיבציג — אידען טאָרען נישט האנדלען מיט בראנפען.

טויזענט אכט הונדערט איין און אכציג — ווערט ערלויבט דער פּאָליציי צו מאכען, ווען עס פאלט איהר איין, רעוויזיעס אין אי־דישע הייזער און ארויסצוטרייבען פון לאנד אומבאקוועמע אידי־שע פאמיליען.

אין זעלבען יאהר ווערט וועקסעל־ און קאָמיסיאָן־געשעפט ער־קלערט אלס מאָנאָפּאָל פאר רומענער.

טויזענט אכט הונדערט דריי און אכציג — טויזענט אכט הונדערט זיבען און אכציג — עס ווערט פארמאכט די לאָטעריע. און טויזענט אידישע פאמיליען, וואס האבען דערפון געלעבט, בלייבען אהן פרנסה.

עס ווערט פארבאָטען פּאַקענטרעגעריי און פינף טויזענט אי־דישע פאמיליען, וואס האבען זיך דערמיט באשעפטיגט, בליי־בען אהן ברויט.

אידען טאָרען קיין מיטגלידער אין האנדעלס־קאמערען נישט זיין.

עס ווערט זיי פארוועהרט פארצוטרעטען פאר פרידענס־ריכטער.

זיי טאָרען נישט דינען אלס שטייער־איינגעמער אין מאגיס־טראט.

דער טאבאק־האנדעל ווערט אידען פארוועהרט.

זיי טאָרען קיין באאמטע נישט זיין; נישט אָננעמען קיין עפענטליכע ארבייט.

רומענער, וואָס באַשעפטיגען אידען אין דעטאַיל־געשעפטען, ווערען באַשטראָפט.

טויזענט אכט הונדערט ניין און אַכציג — אידען טאָרען קיין וויכטיגע פּאָדריאַדען ביי אייזענבאַהנען נישט אָננעהמען.

די צאָהל פון אידישע ארבייטער ביי אייזענבאַהנען ווערט באַשרענקט אויף פיערציג פּראָצענט.

טויזענט אכט הונדערט זעקס און ניינציג — די אומזיסטע פאָלקס־שולען ווערען פאר אידען פארמאכט. זיי קאָנען נאָר אָנגע־נומען ווערען דאַמאָלט, ווען עס בלייבט פריייער פּלאַץ נאָך די רו־מענער, און אויך מוז מען פאר אידישע קינדער צאָהלען.

טויזענט אכט הונדערט אכט און ניינציג — מיטעל־ און האָכ־שולען (גימנאַזיומס און אוניווערזיטעטען) ווערען פאר אידען גע־שלאָסען.

טויזענט ניין הונדערט און איינס — די אויסשענק פון ביער און קאַווע, ווי אויך דער פארקויף פון פארבייסען און בעקעריי זאַכען ווערט אידען פארוועהרט.

און צום סוף (אויב צרות האָבען א סוף) דער לעצטער שלאָג:

טויזענט ניין הונדערט און צוויי — אידען טאָרען נישט אר־בייטען און האַנדלען אין פּאַבריקען...

פרעמדע (לעז: אידען) טאָרען זיך נישט באַשעפטיגען אין רומעניען מיט קיין געווערב (מלאכה), ביז זיי באַווייזען נישט, אז אין זייער לאַנד האָט דער רומענער דאָסזעלבע רעכט...

אַלע פאַך־שולען ווערען פאר אידען פארמאכט; זיי טאָרען אויך נישט איינטרעטען אין די צעכען!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איירּאָפּאַ, וואָס האָט רומעניען באַפרייט פון דעם טערקישען יאָך און אויסגענומען, זי זאָל אידען גלייכע רעכטע געבען, זעהט און הערט און שווייגט. יעדערער האָט אַזוינע זינד אויף'ן געווי־סען (אויב פעלקער האָבען עס) — אַזוינע זינד, שווערערע, לייכ־טערע — עמיץ זאָל קאָנען מוסר זאָגען יענעם און אליין נישט רויט ווערען...

„און אמעריקא — האָבען מיר זיך אויסגערעדט אין איינעם פון די פריהערדיגע ראש־חודש'ען — אמעריקא, וואָס האָט גענוג לאַנגע הענט געהאַט, צו דערגרייכען ביז הישפּאַניען און אויסריי־

סען איהר קובא פון מויל, האט צו קורצע הענט צו דערלאנגען ביז רומעניען". נאר איב נישט גענוג לאנגע הענט, א גרויס מויל האט עס, שרייען קאן אמעריקא... און שרייען מ ו ז עס, ווייל טויזענטער און טויזענטער רומענישע אידען אנטלויפען פון גיהנום, פון שעבט־הויז צום פרייעם לאנד... און אמעריקא, אבוואל זי האלט אידען פאר פיין, גוט, עהרליך, פעהיג און ארבייטזאם, קאן אזוי פיעל אידען מיט אמאל נישט פארדייען — און אמעריקא איז ארויסגעטרעטען מיט א געוואלט־שרייענדיגען פראטעסט געגען „רוצח'שען, מערדערישען רומעניען!"

איירָאפא (אויסער ענגלאנד, וואס ליידט, גלייך מיט אמעריקא אויף אידישע עמיגראנטען קרענק) ש ו ו י י ג ט! זי, איז מען אפיציעל מודיע אויפ'ן וואונק, פיהלט זיך אפילו באליידיגט! ס'טייטש, ווי קומט אמעריקא א דעה צו זאגען אין איירָאפא?! סדום'ס טענה צו לוט!

דאך גאר אהן א ווירקונג איז דער אמעריקאנישער פראטעסט, פון ענגלאנד אונטערגעהאלטען, נישט געבליבען. רומעניען איז קלוג, רומעניען האט פארשטאנען, וואס אמעריקא און ענגלאנד מיינען, און האט ארויסגעגעבען א שטילע, נאר א נייע גזרה — מען זאל אידען קיין אויסלענדישע פאספארטען נישט ארויסגעבען.

א קאמפאניע עמיגראנטען האט מען פון דער גרענעץ צוריק־געפיהרט.

און אונזערע אויסלענדישע אסימילאנטען האבען אודאי פריי אפגעאטעמט: פטור פון רומענישע אידען!

עס וועלען פארמאכט ווערען די באראקען, ביליגע קיכען, שפיטעלער, פאר עמיגראנטען; אויס קאמיטעטען! און מען וועט זיך רוהיג נעמען צו וויכטיגערע פראגען: צי זאל מען איבערטראגען שבת אויף זונטאג! צי איז די צאהל פון פרעדיגער און קאנטארען נישט צו קליין? וכדומה...

די רומענישע אידען וועלען זיך בראטען אויפ'ן לאנגזאמען רומענישען גיהנום־פייער, נאר די וויינער לאנגע און פיינע צדקה־נאז וועט דעם סוואנד פון געברויכערטען פלייש נישט פיהלען — הונדערטער און טויזענטער וועלען אויסגעהן פאר הונגער, נאר די קלארע צדקה־אויגען וועלען עס נישט זעהן, און דאס רייך־בארמ־

הערצינגע הארץ וועט נישט וועה טון... אי וואס, עולם־הבא ? צדקה ומעשים טובים וועט אויפ׳ן ארט אויך נישט פעהלען !

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נישט אויף ישועות ונחמות האבען מיר ז״ך צו ריכטען פון רומעניען, וואו דאס געזעץ האט ערקלערט אידען אלס פרעמדע און רייסט ביי זיי אויס דעם לעצטען ביסען פון מויל, און נישט אויף בשורות טובות פון גאליציען, וואו אידען זענען גלייכבארעכ־טיגט, וואו דאס געזעץ מאכט קיין שום אונטערשיד נישט צווישען „גאנצע“ און „באשניטענע“. ביי דער פאפירענער פרייהייט ווערען די קנאפע ניין מאל הונדערט טויזענט אידען אין גאליציען באי־קאטירט, ארויסגעטריבען פון יעדען געווערב, פון יעדער באשעפ־טיגונג, און שלעכט באהאנדעלט און ערנידעריגט אויף יעדען שריט און טריט. עס האט זיך אויסגערעכענט, אז צוויי מאל הונדערט טויזענט אידען זענען איינפאך אהן ברויט, לעבען פון בעטלען, פון גראשענדיגער צדקה. נישט דאס ג ע ז ע ץ טוט עס, נאר דאס פ א ל ק, דאס פאלק אליין פון ארבייטער ביז שלאכטשיץ, ביז׳ן העכסטען באאמטען אין דער אדמיניסטראציאן, אין געריכט... פון צייט צו צייט ווערט דאס פעבעל אונטערגעהעצט און מאכט פאג־ראמען אין דערפער און שטעדט ; פון צייט צו צייט ווערען אידישע הייזער, גאסען און שטעדטלעך אונטערגעצונדען און פארברענט ; פון צייט צו צייט — אידישע טעכטער פארכאפט, פארפיהרט און אפגעטויפט...

דאס פאפירענע געזעץ שווייגט, און די קראפט פון געריכט און פאליציי טרעט נישט איבער די שוועל פון קלויסטער !...

עס איז שלעכט, און עס מוז ערגער ווערען. עס מוז, ווייל די אלגעמיינע עקאנאמישע לאגע גאליציענס פאלט פון טאג צו טאג ! עס איז שלעכט און עס מוז ערגער ווערען, ווייל א מאסע פון די גייסטליכע ארדען, וואס האבען זיך נישט געוואלט אונטערגעבען דער פראנצויזישער רעגירונג און האבען געמוזט ארויס פון פראנק־רייך, האבען זיך שטילערהייט אימערצויגען און באזעצט אין גאלי־ציען. גאליציען וועט פרומער, וועט, אויב עס איז מעגליך קאטוי־לישער ווערען און די רעאקציע וועט וואקסען וואס אמאל שטאר־

סער... און, ווי געזאגט,ביים טויער פון קלויסטער ענדיגט זיך די מאכט פון קייזערליך־קעניגליכען באאמטען!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין רוסלאנד האט די רעגירונג ערלויבט אז אלגעמיין אידיש־רוסיש־ציוניסטישע פארזאמלונג אין גובערניאל שטאדט מינסק. די אסיפה איז געווען א גרויסע און האט מיט דער צאהל פון די רע־לעגאטען, ווי אויך מיט דער ארבייט איבער די עטליכע טעג, בא־וויזען, אז די ציוניסטישע באוועגונג וואקסט פון טאג אויף טאג.

די פארזאמלונג האט געעפענט דר. ברוק מיט א רעדע, אין וועלכער ער האט פעסטגעשטעלט, און, ווי עס זעהט אויס, מיט דער איינוויליגונג פון דער מעהרצאהל אויף דער אסיפה, אז די ציוניס־טישע ארבייט באשטעהט נישט נאר אין דער פאליטיק, וואס איינ־צעלנע פערזאנען קאנען פיהרען אין נאמען פון דער גאנצער פאר־טיי, נאר אויך און נישט ווייניגער, אינ'ם שטרעבען אויפצואוועקען די פארשלאפענע קרעפטען פון פאלק, צו אנטוויקלען זיי און אר־גאניזירען. דאס פאלק, וואס האט ביז אהער באנוצט אזוי פיעל קראפט און ענערגיע אויף אויסהאלטען, איבערלעבען, און שוויי־גענדיג ליידען, מוז אנהויבען פארווענדען די קראפט אויף אויפ־לעבען, פאראייניגען און ארגאניזירען זיך.

פון די באריכטען איבער דער ציוניסטישער באוועגונג אין די ראיאנען אין רוסלאנד, האט זיך אויסגעוויזען, אז איבער דער קור־צער צייט האבען זיך פארמעהרט אזוי די צאהל פון די פונקטען, וואו דער ציוניזם האט זיך אנגענומען, ווי אויך די צאהל פון איינ־צעלנע ציוניסטישע פאראיינען. די שקל־סומע איז אויך געוואק־סען, דער פארקויף פון אקציען פאר דער קאלאניאל־באנק איז גוט געגאנגען; עס איז געזאמעלט געווארען פאר'ן נאציאנאל־פאנד, און די קולטור־פראגע, ווי עס ווייזט זיך אויס, באשעפטיגט דאס מעהרסט פאראיינען. עס עקזיסטירען מאסען פאראיינען און עס גרינדען זיך נייע מיט'ן צוועק צו לערנען העברעאיש, אידישע גע־שיכטע, צו גרינדען מוסטער־חדרים און דעסגלייכען. די עקאנא־מישע פראגע פארנעמט אויך א געוויסען פלאץ אינ'ם פאראיין־לע־בען. עס ווערען צוזאמענגעשטעלט ארטעלען, אלערליי ארט ארביי־טער־צוזאמענלעבען און ווירקען, עס ווערען געעפענט ביליגע קרע־דיט־קאסען א. ד. ג.

אויף דער פאַרזאַמלונג האָבען זיך דאָס ערשטע מאָל די רוּ־סיש־פּוילישע ציוניסטען געשפּאָלטען אויף דריי אונטערפּאַרטייען.

1) „מזרחי" — וואָס פאַרזאַמעלט אונטער'ן פאָהן ציוניסטישע רבנים, אַזוי קאָנסערוואַטיוו־פרומע אידען, ווי אויך אַ געוויסע צאָהל אינטעליגענטען „בעלי תשובה"... אַן דער שפּיץ שטעהט דער לידער רב — ריינעס.

2) די פּראַקציע, אָדער די „ראַדיקאַלע" אָדער די „פאָלקס־פּאַרטיי", וואָס באַשטעהט ס'רוב פון יונגע ציוניסטען, אויסלענדי־שע און אינלענדישע סטודענטען — אַן דער שפּיץ שטעהען מאָצ־קין און דר. ווייצמאַן.

די פּאַרטייען זענען די רעכטע און די לינקע אין ציוניזמוס.

בשעת, ווען מזרחי בויט אַלץ אויף רעליגיאָן און ציטערט פאַר „קולטור" נישט לויט דעם רבני'שען רעצעפּט, בויט די פּראַק־ציע אויפ'ן נאַציאָנאַל־געפיהל, נישט אָפּהענגיג פון גלויבען און פרומקייט.

פון דער רעכטער און לינקער שניידט זיך אָפּ אַ געוויסע

3) מיטעל־פּאַרטיי, וואָס באַשטעהט: פון „ווילדע", וואָס ווילען געהן זייער אייגענעם וועג; פון ציוניסטען, וואָס האַלטען דאָס שפּאַלטען פון ציוניזמוס אויף אונטער־פּאַרטייען פאַר שעד־ליך, און אַזוי מיטעלמענשען...

באַמערקט איז געוואָרען, אַז די פּראַקציע האָט זיך, וועהרענד דער אסיפה, אין דער צאָהל פון אָנהענגער געשטאַרקט.

אויסער מיט באַריכטען פון אַלע ראַיאָנען, האָט זיך די מינס־קער ציוניסטישע פאַרזאַמלונג באַשעפטיגט מיט צוויי הויפּט־פראַ־גען — וועגען אָרגאַניזאַציע און קולטור.

וועגען אָרגאַניזאַציע איז מען צו קיין פעסטען באַשלוס נישט געקומען און געזוּעצט אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל פאַר־שטעלען דער צווייטער אַלגעמיין־רוסיש־ציוניסטישער פאַרזאַמ־לונג, ווען נישט — דעם קאָנגרעס אַ נייעם פּראָיעקט. בנוגע צו קולטור איז געבליבען, ערשטענס, אַז קולטור ווערט גערעכענט פאַר איינע פון די וויכטיגסטע נאַציאָנאַל־אַרבייטען: עס זענען געוועהלט געוואָרען צוויי קולטור־קאָמיסיאָנען, איינע פאַר דער פרומער „מזרחי" פּאַרטיי, די צווייטע פאַר די פרייע

ציוניסטען, און געבליבען איז, אז די שקל־קאסע דארף ב י י ד ע שטיצען. די ציוניסטישע קולטור־ארבייט איז, ווי עס זעהט אויס, באגרענעצט געווארען אויף נ א צ י א נ א ל ־ ק ו ל ט ו ר — העברעאיש, אידישע געשיכטע, רעפארם פון חדרים און ישיבות און דערגלייכען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף א י ד ע ן האט די מינסקער פארזאמלונג געמאכט אן איינדרוק א ג ר ו י ס ע ן, אבער נאך א גרעסערען אויף דער פוילישער פרעסע.

דעם צופאל, אז פאר'ן עפענען די אסיפה האט עמיץ באליי־דיגט דעם „פארשטעהער“ פון דער „גאזעטא פאלסקא“ און דער איז אנטלאפען פון מינסק, האט מען אויפגעבלאזען, ווי א „לונג־און לעבער“ און געמאכט דערפון אן אנטיסעמיטישען „פתום־ורעמסם“... דעם „קארעספאנדענט“ האט מען אויפגעהויבען ביז צו דער מדרגה פון לכל־הפחות אן אמבאסאדאר אין א פרעמדער מדינה, באפאלען זענען דעם אמבאסאדאר, הונדערט, אויב נישט טויזענטער דעלעגאטען! ווילד, בארבאריש, שרעקליך! און דער צוועק דערפון איז געווען, מען זאל קאנען ארבייטען אין דער פינסטער, בסוד פאר'ן קריסטליכען פובליקום, און — וואו א סוד, איז א גנבה, בפרט א אידישער סוד! מען וויל, וועניגסטענס אונ־טערמינירען פוילען און אויסשיסען אין דער לופט! און דאך האט די פוילישע פרעסע פון דער מינסקער פארזאמלונג נישט וועניג געשריבען! און ווי עהרליך! למשל:

די מינסקער אספה האט ערקלערט העברעאיש אלס נאציא־נאל־שפראכע, און די קלוגע פוילישע פרעסע, וואס כאפט אלץ פון דער לופט, ווייסט נישט קיין אונטערשיד פון ה ע ב ר ע א י ש ביז א י ד י ש, (זיי ברענגען גאנץ אפט איבערזעצונגען — נאַ־טירליך—געפעלשטע פון „זשארגאנישען“ „המליץ“ צי „הצפירה“!) — און באלד איז אויסגעבלאזען געווארען א שרעקליכע נאכריכט, אז די מינסקער אסיפה האט באשלאסען, אז די אידישע נאציאנאל־שפראכע איז זשארגאן! און זשארגאן — זאגט די פוילישע פרעסע — איז דייטש; דייטש איז היינט אין פוילען טרפה, ווי חזיר, אי־בער דער האקאטע! על כן: ווילען די ציוניסטען, דאס הייסט

אלע אידען, רערען דייטש, ווערען האקאטיסטען און לכל־הפחות— חרב מאכען פוילען!

מיט שוים אין די מיילער ווערען דערצעהלט טויזענטער שקרים, בלבולים...

און דער אמת — די פוילישע פראוודא?

די „פראוודא" מוז זיין אריגינעל און פריי! זי זאגט קיין שום פאלק נישט אפ דאס רעכט צו האבען אן אייגען לאנד און צו לע־בען דארט זיין באזונדער לעבען — נאר פארבארייטען זיך דערצי־דא, ביי דער „פראוודא" אין פוילען — דאס איז אן אומערהערטע עולה! רייס פון עץ החיים עפעל וויפיעל דו ווילסט, נאר איבער'ן צוים פון גן־עדן קריך נישט און אויפ'ן וועג צום בוים זאלסט דו קיין פוס נישט שטעלען!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

דער באריהמטער פראנצויזישער שרייבער זאלא איז פאר־גאריט געווארען און געשטארבען.

די פוילישע „ראלא" שרייבט: „זאלא האט נישט געגלויבט אין גאט, ער איז ווידערשפענסטיג געווארען זיין הייליגען קלויסטער— א מצוה אויף איהם! איהר שפילט אייך מיט גאט?"

— — — — — — — — — — — — — — — — —

נאר אויב די אנטיסעמיטיש־פוילישע פרעסע (דאס הייסט דריי פיערטעל פרעסע מיט נייכציג פראצענט לעזער!) האבען ווע־ניג סימפאטיע פאר זאלא און נאך ווענינער פאר דער מינסקער אסיפה, צונעהט זי זיך פאר דאס, ווי א וואסער אוים לויטער רחמנות איבער דער אומגליקליכער לאגע פון אומגליקליכען רו־מעניען — — —

עס זיצען אין איהר אידען, ווי די ווערים אין א פלוים, און פרעסען זי אויף, און וויל מען זיך פארטיידיגען, נישט לאזען זיך אויפפרעסען פון די ווערמינגע ועלף (אזוי וואקסט אלץ ביי אנטי־סעמיטען אין די אויגען), קומט אמעריקא, אונטערגעהעצט פון אי־דישע באנקירען און פראטעסטירט! — און עס געהט דורך א גע־וויין דורך די „בלעטער", און דער פויליש־קריסטליכער לעזער לעזט און מאכט פויסטען און קריצט מיט די ציינער... און די אידיש־

פוילישע אינטעליגענץ, וואס ערנעהרט זיך און דערהאלט די אי־דישע נשמה מיט די פוילע קריסטליך־אנטיסעמיטישע בלעטער שמייכעלט: אלץ לאזט זיך איבערקויפען! שאדט נישט! און געהט רוהיג אין טעאטער, אין צירק אריין... איבערקויפען זאל ראטשילד, בלייכרעדער!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

געשטארבען איז דער מעמעלער רב — דר. י. רילף.

די ציוניסטישע פארטיי פארלירט אין איהם איינעם פון איהרע טעטיגסטע מיטגלידער. די דייטש־אידישע טעאלאגיע — איהר גרעסטען געלעהרטען און רוסיש־פויליש־אידישע עמיגראנטען אן אויסלענדישען פריינד, און מיר האבען זיי אזוי ווענינג צווישען די דייטשע אידען!...

## 6.

אקטאָבער, 1902.

פרעגט א פראָווינץ־פּאַנאַטיקער (א אידען צי נישט קיין אי־דען) וואָס איז אזוינס שגעון? וועט ער אייך ענטפערען אויף קלאָר: א דבוק, א רוח... משוגע ווערט א מענש, ווען ער ווערט ב א ז ע ס ע ן פון איינעם פון יענע לייט, וואָס איז געפעהרליך צו דערמאָנען. אשמדאי אליין צי לילית מאכט זיך אמאָל א שפּאס און קריכט אין א מענש אריין! און ווע[מען] טוט וועה, אז מען שלאָגט א משוגע׳נעם, אז מען באוואַרפט איהם מיט שטיינער, אז מען פּייניגט איהם? מן־הסתם דעם בעל־דבוק! פון דעם איז נאָר איין טריט צו דער מיינונג, אז א „משוגעת" איז א מצוה צו שלאָ־גען, צו דורס׳ען... אזוי שלאָגט מען דעם שגעון ארויס! און אזוי טוט טאקע דער גראָבער מארק־עולם, ווי אויך אונזערע ווילד־גע־בוירענע קינדער, איידער די שולע, די ליטעראַטור און דאָס לע־בען צווישען מענשליכע מענשען שלייפט און פּיילט אָפּ די ווילד־קייט פון די יונגע נשמות... אלטע מענשען געדענקען אבער נאָך די צייט, ווען א ל ע האָבען אזוי געמיינט, ווען א „הקדש" צי א שפּיטאָל פאר משוגעים איז ערגער געווען פאר די ערגסטע טורמע, שרעקליכער אפשר פאר׳ן אמת׳ען גיהנום. ווען פּייניגען, שלאָגען, שמידען און בינדען זענען געווען די איינציגע רפואות, וואָס דאָס כמעט הייליגע „פּאַרצייטענס" האָט געהאַט, אויסער השבעות און החרמות, פאר׳ן אומגליקליכען קראַנקען. עס זענען שוין אבער אנ־דערע צייטען, היינט ווייסט מען שוין, אז שגעון איז א קרענק, אן אומגליק, נישט קיין דבוק, נישט קיין רוח; אז אויב מען שלאָגט, טוט וועה דעם קראַנקען מ ע נ ש, אויב מען פּייניגט א קראַנקען מענש, איז מען ווילד, באַרבאַריש ווילד, און די שפּיטעלער זענען רעפאָרמירט געוואָרען, און די אומגליקליכע קראַנקע האָבען אונזער האַרץ, אונזער מענשליך רחמנות געוואונען.

פּונקט אזא טעות האָט די מענשהייט געהאַט און האָט נאָך קעגען אַנדערע אומגליקליכע, קעגען — פאַרברעכער.

דער אומגעבילדעטער מענש, וואָס זעהט אין דעם גייסטעס־קראַנקען אַ רוח צי אַ דבוק, זעהט אין יעדען פאַרברעכער אַ להכעיס'ניק, אַ „שלעכטע זאַך“, אַ מענש, וואָס וויל גערנוויליג יענעמס לייד, וואָס האָט נחת פון יענעמס צער, אַ שלעכטען מענש, און וועלכען מען דאַרף זיך נוקם זיין, וואָס פאַרדינט, וועניגסטענס, אַלערליי שטראַף! דער פרומער וועט נאָך צוגעבען: אַ מצוה! דער פרומער מיט אַ גוט האַרץ: אַ טובה! — זאָל ער אביסעל אָפּ־קומען אויף דער וועלט!

דער געבילדעטער מענש אָבער ווייסט שוין פון טעות. ער ווייסט, אַז ניינציג פּראָצענט פאַרברעכער זענען געוועהנליכע מענ־שען, טיילמאָל, אפילו גאַנץ אָפּט, גוטע מענשען, וואָס נאָר די נ ו י ט טרייבט צו דער זינד... זיי זאָגען, אַז אויב די מענש־ליכע געזעלשאַפט נעמט אויף זיך די פליכט, צו פאַרהיטען דאָס געזונט מיט'ן פאַרמעגען פון איהרע מיטגלידער געגען דעם פ אַ ר־ב ר ע כ ע ר, איז זי נאָך מעהר מחויב, צו בעוואָרענען איהרע מיט־גלידער פאַר'ן פ אַ ר ב ר ע כ ע ן אַ ל י י ן! שולען פאַר אַלע, ברויט, אַ דאַך איבער'ן קאָפּ, דאָס וועניגסטע, וואָס אַ לע־בענדיגער מענש מ ו ז האָבען, און די טורמעס — זאָגען זיי — וועלען בלייבען לער, אָדער כמעט לער! און אויב דער אידעאַל אונטערצוברענגען דאָס פאַרברעכען אַליין, איז פאַר אַ ווייטערע, שפּעטערע צייט און אוממעגליך פאַר ה י י נ ט; אויב די מענשליכע געזעלשאַפט איז דערווייל נישט אימשטאַנד דאָס פאַר־ברעכען צו פאַרניכטען, האָט זי וועניגסטענס נישט דאָס רעכט, דעם פאַרברעכער באַרבאַריש צו באַהאַנדלען!

זי טאָר זיך נישט נוקם זיין אַן דעם, וועמען זי האָט דאָס לעבען אָהן פאַרברעכען אוממעגליך געמאַכט, אָדער וועמען זי האָט נישט אויסגעלערענט צו אונטערשיידען צווישען „גוט“ און „שלעכט“... זי טאָר נישט שטראָפען דעם אומגליקליכען פאַרברע־כער פאַר זיין אייגענע זינד, און אויב זי איז גענויטיגט דעם פאַר־ברעכער אומשעדליך צו מאַכען, אָפּצוזונדערען, אָפּצושליסען און באַשעפטיגען מיט אַרבייט, אפילו מיט שווערער אַרבייט, מוז זי עס טון מיט באַרמהערציגקייט — —

— „אַראָפּ די קייטען“! —

אַזוי קורץ און שאַרף איז געווען דער באַפעהל פון איטאַליע־נישען יוסטיץ־מיניסטער!

איטאַליענישע קייטען ווערען פאַרקויפט אויף אַלט אייזען, אויף ברויט! 700 אומגליקליכע פאַרברעכער, „באַשטראַפט“ אויף לעבענסלענגליכע אַרבייט, וועלען אַרבייטען אָהן קייטען!

איטאַליען האָט אין דעם פּאַך איבערגעשטיגען אַלעמען...

אידען אין איטאַליען איז דאָ זעהר ווייניג. דער טייל, וואָס אידען האָבען אין פאַרברעכען, וואָס ווערען מיט קייטען באַשטראָפט איז איבעראַל צו גרינג; עס איז דעריבער קיין אידיש נייעס נישט.

און דאָך דערצעהל איך עס אייך, ערשטענס — פאַרוואָס נישט? איהר זייט דאָך מענשען! צווייטענס, שטעקט דערינען אביסעל אידישקייט, תורת משה ווייסט נישט פון קיין שטראָף אַלס נקמה. מען באַשטראָפט „למען ישמעו ויראו, ולא יוסיפון“... און: „אל תדון את חברך עד שתגיע למקומו“...

דאָס רעשט נייעס פון הייגטיגען חדש איז נישט אַזוי פרעה־ליך.

אין בערלין האָט זיך לעצטענס אָפּגעשפּילט דער לעצטער אַקט פון דער קאָניצער טראַגי־קאָמעדיע.

פאַר'ן געריכט זענען געשטאַנען אַנטיסעמיטען, וואָס מען האָט פאַרקלאַגט, אַז זיי האָבען מוטווילּיג, מיט שלעכטען געוויסען, גע־וואַלט מאַכען פון אַ געוועהנליכען מאָרד — אַ רעליגיעזען מאָרד; אויפבלאָזען אַ בלבול דם. אין געטויטען ווינטער'ס גוף איז געווע־זען דאָס גאַנצע בלוט, אויפ'ן האַלז איז קיין צייכען פון „שחיטה“ נישט געווען, און צום סוף האָט אַן אַנטיסעמיטישער דאָקטאָר גע־זאָגט: אַז מען האָט איהם נעקוילעט, כדת משה וישראל“ און אויס־געצאַפּט דאָס בלוט אויף מצות לכבוד פסח! די אַנטיסעמיטישע באַנדע האָט נישט גערוהט און פון טאָג צו טאָג אויסגעקלערט נייע בלבולים אויף אַנדערע קאָניצער אידען; עס איז כמעט קיין איינציגער קאָניצער איד פון בלבול נישט פריי געווען. די באַנדע האָט אויפגעבלאָזען געגען אידען אַ פייערדיגע שנאה, האָט אַזוי געווירקט אויפ'ן געריכט, אַז עס איז געגוג געווען, אַ קאָניצער איד זאָל נישט קאָנען אויסווייזען געגוי, וואו ער איז געווען אין דער צייט, ווען דער מאָרד איז געשעהען, ער זאָל אָפּזיצען גאַנצע

חדשים אין תפיסה. די גערילטס־דיענער, וואס האבען נישט גע־פאלגט די באנדע, וואס האבען געזוכט דעם אמת, האט מען אין די אנטיסעמיטישע בלעטער באשמוצט, און פארקלאגט, אז זיי זענען איבערגעקויפט, אז זיי זענען אידישע משרתים...

און אין בערלינער געריכט האט ד'ער אמת מנצח געווען: צוויי פארקלאגטע אנטיסעמיטען, די רעדעל־פיהרער פון דער קאניצער באנדע, זענען באשטראפט געווארען מיט געפענגניש; דער פסק פון בערלינער „בית־דין־צדיק“ זאגט בפירוש ארויס, אז דער בלבול איז א בלבול געווען, נאר א קליין ווערימעל שטעקט אין שעהנעם עפעל.

א פראקוראר האט עדות געזאגט, אז רעליגיעזער מארד איז אין דייטשלאנד אוממעגליך! די דייטשע אידען זענען צו געביל־דעט, האלטען נישט פון אידישען אבערגלויבען!...

---

א כמארע האט אויסגערעגענט, א צווייטע קומט אן. איין בלבול דם איז אוועק; עס איז שוין שיער נישט געווען א צווייטער!

געשעהען איז עס אין מצרים. מען האט איינגעזעצט א גע־וויסען חיים כהן, א יונגענמאן פון ירושלים, דערפאר, וואס ער האט געוואלט ארויסנארען א זיבען־יעהריג מיידעל און שעכטען זי אויף פסח... דאס זיבען־יעהריגע מיידעלע איז געלעגען קראנק אויפ'ן האלז, און חיים כהן (אזוי זאגט דער אקט) האט געוואלט זי איבערקויפען מיט זיסע זאכען און ארויסנארען פון שטוב אכט חדשים פאר פסח, איבערהאלטען זי די גאנצע צייט, דערנאך קוי־לען כדת משה וישראל און באנוצען דאס בלוט צו די מצות...

א שכנה האט אין דער צווייטער שטוב געהערט חיים כהן'ס רייד, נאר אז זי איז אריינגעלאפען צום מיידעל, איז שוין חיים כהן אין שטוב נישט געווען! דעם טויער־היטערס ווייב האט גע־זעהן, אז חיים כהן האט, ארויסגעהענדיג פון הויז, געהאט אין דער האנט א קעסטעל, אין וועלכען מען האלט געוועהנליך זיסע זאכען! דאס מיידעל אליין האט פריהער געזאגט, אז נישט חיים כהן איז עס געווען, נאר דערנאך האט זי געזאגט, אז יא!

אויף דעם עדות־זאָגען איז חיים כהן פאַר׳משפט געוואָרען אויף א יאָהר געפענגניש מיט שווערער ארבייט...

נאָר שרעקט אייך נישט! עס איז קיין רעכטער בלבול דם נישט געוואָרען... א פּראָקוראָר אין מצרים איז אמאָל קלינער, ווי זיינס גלייכען אין דייטשלאַנד. ער האָט געזאָגט, אז ער באשולדיגט נישט חיים כהן, אז ער האָט געוואָלט כאַפּען א קריסטליך מיידעל און שעכטען לכבוד פסח אויף כשר׳ע מצות... עס וואָלט געווען צו נאַריש! אידען דאַרפען קיין בלוט צו מצות נישט! אָבער א קריסטליך מיידעל, ווען אפילו א זיבען־יעהריגעס, קומט צו־ניץ. מען קאָן זי פאַרקויפען אין א שאַנד־הויז אריין, צו א קונצען־מאַכער וכדומה...

דאָס זאָגט דער פּראָקוראָר און — דאָס פאָלק?

דער פּראָקוראָר וועט שוין קיין שטיינער אין א אידיש פענס־טער אריין נישט וואַרפען, אָבער די רומענער, די גריכען און די קאָפּטען אין מצרים — זיי קאָנען עס גאַנץ לייכט טון! חיים כהן איז דאָך דערוייל פאַר׳משפט!

---

דער אמעריקאַנער פּראָטעסט געגען רומעניען איז שוין כמעט פאַרגעסען געוואָרען.

רומעניען האָט פאַרשטאַנען אין וואָס עס געהט און איהרע אמבאַסאַדאָרען אין לאָנדאָן און ניו־יאָרק האָבען צו וויסען געטאָן, אז די רומענישע רעגירונג איז נישט אימשטאַנד איינצוהאַלטען די אידישע עמיגראַציע. און אין דעם איז עס, ווי עס זעהט אויס, ווירק־ליך געגאַנגען. מיר ווילען נישט דערמיט ארויסטרעטען אומדאַנק־באַר געגען אמעריקא, וואָס האָט פּראָטעסטירט און נישט געגען ענגלאַנד, וואָס האָט דעם פּראָטעסט אונטערגעהאַלטען. ענגלאַנד און אמעריקא קאָנען נישט צופרידען זיין פון א מהומה׳דיגער עמיגראַציע פון אַז אָרעמסטען קלאַס מענשען, און צוויי וועגען האָבען זיי געהאַט זיך דערפון צו פאַרהיטען, איינעם א זיכערען: צו פאַרמאַכען די גרענעץ פאַר פרעמדע אידען, און א צווייטען: צו פּרואווען פּראָטעסטירען, צו פאַררופען זיך אויף מענשליכקייט, אויף יושר, פּרואווען אויפוועקען ביי רומעניען, צי אזוי ביי איי־

ראפא, א פונק רחמנות... געוועהלט האבען דיביידע פעלקער ־עם נישט־זיכערען, נאר דעם מ ע נ ש ל י כ ע ן וועג! און — ער האט דערווייל צום צוועק נישט געפיהרט.

פון רומעניען קומען אלץ נייע ידיעות, אז מען ריכט זיך אויף בעסערע צייטען פאר אידען; אז מען רעכענט עפעס פאר אידען צו טון; אז עס איז מעגליך, אז מען וועט זיך נעמען צום הארץ— — אלע ווייסען, אז דאס זענען שקרים, פאלשע שמועות, וואס רו־מעניען פארשפרייט צו פארבלענדען די אויגען, צו פארקלענערען די געפאהר. ט א מ ע ר רופט זיך נאך עמיץ אן, און וואס שאדט עס, מען רעדט? אלע ווייסען עס און אלע שווייגען, אויסער דייטשלאנד! דייטשלאנד האט נישט געשוויגען, דער אפיציעלער „רייכס־אנצייגער" האט גערעדט! ער האט גערעדט צוליעב דעם קעניג קארל, דעם דייטש, וואס רעגירט אין רומעניען, פאר זיין כבוד וועגען! און צוליעב די דייטשע קאפיטאליסטען, וואס האבען די רומענישע רעכטע אין דער האנט, פאר זייערע קופאנעם וועגען! זאל אייראפא נישט מיינען, אז קעניג קארל איז א בארבאר, זאל אייראפא נישט האלטען דעם רומענישען קרעדיט פאר פארלוירען— צוליעב דעם איז דער „רייכס־אנצייגער" ארויס מיט א ברענענדי־גען ארטיקעל געגען — רומענישע אידען, די אומזיסטע פרעסער, שינדער, וואס עקספלאטירען דאס אומשולדיגע לאנד, וואס פרע־סען עס אויף לעבענדיגערהייט...

געגען אזא ה ו י כ ע ן און ט י פ ע ן אנטיסעמיטיזם, וועט דאס בערלינער געריכט שוין גארנישט האבען!

— די פרייזיניגע פארטיי וועט דאך פרעגען דעריבער אין פארלאמענט?

— וועט זיין נ א ך א ב י ס ע ל ד ב ר י ם ב ט ל י ם!

---

אין ווין איז צווישען די עסטרייכישע ציוניסטען און דער אידישער פאלקס־פארטיי געקומען צו א פשרה. דעם דריי און צוואנציגסטען אקטאבער (נייעם סטיל) איז געווען אן אסיפה פון די פארשטעהער פון ביידע פארטייען און זיי האבען אונטערגע־שריבען א פראטאקאל, לויט וועלכען ביידע פארטייען נעמען אן,

— פון איין זייט דאס פראגראם פון דער אידישער פאלקס־פארטיי — דאס נעגענוואַרטס־פּראָגראם צו הויבען דאס אידישע פאלק גייסטיג, ווירטשאפטליך און קערפערליך — און פון דער צווייטער זייט דאס ציוניסטישע פראגראם, וואס דער באזעלער קאנגרעס האט אויפגע־שטעלט צו שאפען אן עפענטליך רעכטליך געזיכערטע היים פאר'ן אידישען פאלק אין אידישען לאנד.

ביידע פארטייען זענען זיך מתחייב איינע די צווייטע צו שטי־צען, איינע דער צווייטער צו העלפען און צוזאמען צו פעכטען פאר'ן אידישען פאלק.

---

פאר'ן אידישען פאלק! נישט אלע דאך זענען זיכער, אז עס איז פאראן אן אידיש פאלק! נישט אלע אינטעליגענטען, מיין איך! און פון וואנען זאלען זיי עס וויסען? מענשען, וואס זענען פון פרעמדע פרעמדארטיג אויפערצויגען, קוקען נאר פרעמ־דע אין מויל אריין! אפילו נאציאנאליסטען־ציוניסטען פרעגען עצות, צי מען מעג? נישט נאר ביי רבנים, נאר וואו אויך א שריפטשטעלער, וואו א פעדער־האלטער, בפרט וואו א פאליטיקער! און נישט איין שוואך־קאפ קאן משוגע ווערען, הערענדיג אלערליי תשובות פון אלערליי גרויסע לייט... איינער זאגט: יא, א צוויי־טער: ניין, א דריטער וויל זיך ערשט מישב זיין; פון אידישען פאלק האט ער אפילו עפעס געהערט, נאר וואס און ווען נעדענקט ער נישט...

אין אונזערע שוואך־קעפ (דער זעצער זאל זיך נאר נישט טועה זיין אויף שאפס־קעפ) ווארטען אומגעדולדיג און מיט הארץ־ציי־טערניש אויף א נייעם פסק, וואס זאל ארויסגעגעבען ווערען אין ווענעציען פון דער סטודענטען־געזעלשאפט „קארדא־פראטער" דאס הייסט: „הארציגע פריינד". די סטודענטען־געזעלשאפט האט זיך פארבונדען צום צוועק א גוט לעבען צו מאכען צווישען אלערליי פעלקער. מיטגלידער, לויט מען שרייבט, האט זי איבער צוואנציג טויזענט. יעדעס יאהר ווערט געמאכט אן אלגעמיינע

אסיפה, די מיטגלידער פון פארשידענע פעלקער פון דער גאַנצער געבילדעטער וועלט זאָלען זיך באקענען און רעכט ליעב קריגען. איי־ניגע אידישע סטודענטען אויס רומעניען האָבען געוואָלט איינטרע־טען אין די געזעלשאפט, נאָר די רומענישע אפטיילונג האָט זיי אפּגעזאָגט, און דערצו א טעם געגעבען: אז די, וואָס האָבען אין רו־מעניען קיין ציוויל־רעכט נישט, קאָנען נישט גילטען אלס רומעני־שע סטודענטען, און קאָנען נישט אויפגענומען ווערען פון דער רו־מענישער אפטיילונג. די רומעניש־אידישע סטודענטען האָבען זיך געווענדט צום קאָמיטעט פון דער געזעלשאפט, און דער קאָמיטעט האָט געגרינדעט, צוליעב די רומעניש־אידישע סטודענטען, א באַ־זונדערע אפטיילונג, א „ספעציאל־אפטיילונג“ פאר די, וואָס גע־ניסען נישט פון בירגער־רעכט אין ערגעץ א לאַנד, דאָס הייסט — פאַר אידען! איינינגע אידישע סטודענטען זענען אָבער דערויף נישט באשטאַנען; זיי ווילען זיך נישט באַפרידיגען מיט'ן אומשולדיגען נאָמען „סעקציאָן־ספעציאל“ און האָבען פארלאַנגט אן אָפענע אפּ־טיילונג פאר אידען, פאַר סטודענטען פון אידישער נאַציאָן! דער קאָמיטעט האָט נישט געוואוסט, וואָס מען טוט מיט דער וואונדערליכער פראַגע, ער האָט אָפּגעלעגט די אלגעמיינע פאַר־זאַמלונג, און פריהער צוזאַמענגערופען א קליינע אסיפה, אָפּצוקלע־רען, ווי אזוי מען זאָל זיך נוהג זיין... די קליינע אסיפה איז צו שטאַנד געקומען... מען האָט פיעל גערעדט. טייל רעדנער האָבען פאַרלאַנגט, מען זאָל מיט כח ארייַנשטופען די אידען אין די אָפּ־טיילונגען פון זייערע לענדער! אנדערע זיינען באשטאַנען אויף א באזונדערע אידישע אפטיילונג, און ערשט די אלגעמיינע געזעלשאפט וועט פסק'נען: יאָ אָדער ניין!

שוואַר־קעפּ, זייט געדולדיג און וואַרט!

---

איינער, וואָס האָט שטענדיג מלחמה געהאַלטען געגען אַזוינע שוואַר־קעפּ, וואָס קוקען אַלץ פרעמדע אין מויל אריין, איז געווען ראובן אשר ברוידעס. נאָך א שווערער קראַנקהייט איז ער איצט געשטאָרבען אין ווין. ראובן אשר ברוידעס האָט פיעל געשריבען. ער האָט איבערגעלאָזען דער אידישער ליטעראַטור צוויי גרויסע

ראָמאַנען: הדת והחיים, שתי הקצוות, קליינע ערצעהלונגען אין פיעל מאמרים אין העברעאישע און זשארגאָנישע צייטונגען. די פיעל צייטונגען, וועלכע ער האָט אליין אַרויסגעגעבען, האָבען נישט געהאַט קיין לאַנגע יאָהרען; די גרויסע ווערק זיינע זענען געבליבען נישט געענדיגט, אָבער דאָך וועלען זיינע אַרבייטען נישט פאַרגעסען ווערען. זיין ראָמאַן „הדת והחיים“ האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג און פאַרנעמט נאָך אויך איצט אַ שעהנעם אָרט אין דער נייער העברעאישער ליטעראַטור.

## 7.

דעצעמבער, 1902

די פאריזער וועלט־שווינדלער — די פאמיליע הומבערט האט מען אין הישפאניען געכאפט! די הישפאנישע פאליציי האט זיי שוין איבערגעגעבען דעם פראנצויזישען קאנסול און מען האט זיי אויך שוין טראנספארטירט קיין פאריז. די פראנצויזישע רעגי־רונג, וואס מען האט באשולדיגט, אז זי קוקט אויף דער זאך דורך די פינגער, אטעמט פרייער אפ און וועט זיך אפשר אנהויבען פריי־ער אריינמישען אין אויסלענדישע פאליטיק, צוזאמען מיט רוס־לאנד און עסטרייך אין דער טערקיי, וואס דארף איינפיהרען רע־פארמען אין מאקעדאניען און קאן נישט, אדער צוזאמען מיט דייטשלאנד, ענגלאנד און איטאליען אין ווענעצועלא, וואו מען מאנט אויף פריוואטע חובות מיט קאנאנען...

די וועלט, אויב זי ווערט נישט בעסער, עהרליכער ווערט זי. שטענדיג פלעגט מען מלחמה האלטען צוליעב עולם־הזה, פשוט גע־זאגט: צוליעב דער מטבע, נאר ג ע ז א ג ט האט מען: צוליעב הייליגע זאכען. אויף די פעהנער איז געווען אויסגעשטיקט מיט גאלדענע אותיות: לשם יחוד דעם פרינץ, דעם פאטערלאנד, דער רעליגיאן, דעם הייליגען קבר און וואס איהר ווילט. דער ערשטער עהרליכער מאן איז געוועזען ביסמארק, וואס האט פון פאליטישען פנים אפגעריסען די מאסקע און אפען געזאגט, „אז די געוואלט געהט פריהער פאר'ן רעכט“... דייטשלאנד מיט ענגלאנד צוזאמען, און איטאליען אלס נאכשטופעריו, פארלאנגען גאנץ איינפאך: געלד! באצאהל אונזערע באנקירען זייערע חשבונות!

א קליינע מלחמה האט זיך שוין אנגעהויבען. און אז די פאר־איינינגטע שטאטען וועלען זיך אריינמישען לשם יחוד „אמעריקא פאר אמעריקא“, וועט ווערען א גרויסע מלחמה, א וועלט־מלחמה און וועגען וואס? וועגען פינף מיליאן פריוואט־חובות...

דערווייל שיסט מען שוין, כאטש דאס פרידען־געריכט זיצט אין האג אוןווארט... און קלערט, נאך וואס עס זיצט!

און אז עס דונערט, הערט מען נישט, ווי פיש־בלאזען פלא־

צען... און אז קאנאנען רעדען, הערט מען נישט, ווי רומענישע אי־
דען קרעכצען, און דער אמעריקאניש־ענגלישער פראטעסט בלייבט
אויפ'ן פאפיר...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נישט לאנג איז אין וויען אויך א שטיקעל מלחמה געווען, נאר
א אידיש־קהל'שע: מען האט פארשטעהער געוועהלט...

די ציוניסטישע, — צוזאמען מיט דער אידישער פאלקס־פאר־
טיי, האבען געוואלט אין פארשטאנד אריין, ראטשילד עט קאמפא־
ניע, צוזאמען מיט עטליכע סאציאליסטען האבען זיך געוועהרט.
געזיגט האבען — ראטשילד עט קאמפ.

ווילט איהר — טרויערט אביסעל, ווילט איהר זאגט: גם זו
לטובה!

דאס הויפט־געשעפט פון אידישע קהלות איז צדקה, און צו
צדקה מוז מען האבען גבירים, וואס קאנען ג ע ב ע ן און
נ ע מ ע ן אויף צדקה! מיט „שטייער" אדער, ווי מען רופט עס
„עטאט", איז נאך קהל נישט צו פיהרען! א נביא האט געמוזט
זיין א חכם, א גבור און אן עושר; פאר א ראש־הקהל איז איבער־
גענוג דאס לעצטע. „חכמים" מוזען זיין די קהל'שע באאמטע, אי־
דישע גבורים זענען בכלל אן איבעריגע זאך. מיט ענוה פיהרט
מען מעהר אויס, אבער עשירים מוזען זיי זיין; אויף דעם שטעהען
— ש פ י ט ע ל ע ר, ש ו ל ע ן און וואס איהר ווילט!

אונזערע קהלות וועלען נאך לאנגע, לאנגע יאהרען האפען אויף
א צופאל פון א גביר'יש הארץ, כדי פון דער פארציטערטער האנט
זאל ארויספאלען א מטבע פאר'ן יתום, פאר דער אלמנה, פאר'ן
קראנקען ארעמאן... פון צייט צו צייט באווייזט זיך די לייוועגט
אין דער קהל'שער קעשענע, און מען מוז ווארטען, אז אפגעלעבטער
גביר, וואס האט שוין קיין ציין און קיין מאגען נישט פאר „אמת
גוטע זאכען", זאל חשק באקומען צו אביסעל כבוד און אריינשטעט־
לען א בעטעל אין אידישען הקדש... און שפעטער, אז עס וועט קו־
מען די רעכטע צייט, דער עפעל זאל אראפפאלען פון בוים, זאל ער,
חס־ושלום, נישט פארכאפט ווערען און אביסעל צייט האבען צו
ציטערען פאר'ן מלאך־המות מיט'ן גהינום און צו קויפען זיך ביי
קהל א חלק לעולם־הבא פאר באר ב ש ר געלט...

און כל־זמן פאָלקס־פּאַרטייען און ציוניסטען האָבען קיין גבירים נישט, מעגען זיי זיך האַלטען פון דערווייטען!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָסזעלבע לאָזט זיך זאָגען וועגען די וואַהלען, וואָס זענען אין וואַרשאַ געווען.

אין וואַרשאַ איז קיין אָרגאַניזירטע אידישע פאָלקס־פּאַרטיי נישט פאַראַן און אַרויסגעטרעטען זענען נאָר ציוניסטען אַליין. געגען זיך האָבען זיי געהאַט די וואַרשעווער „פּאָסטעמפּאָוצי“ מיט וואַרשאַווער חסידים צוזאַמען. די ציוניסטען האָבען נישט אויסגעפיהרט. מען האָט נאָך די „שטימען“ נישט אויסגעצעהלט, דאָך ווייסען אַלע, אַז קיין איינציגער ציוניסט וועט דאָס מאָל נישט דרימלען אין אַ קהל׳שען פאָטער־שטול, אָבער די ציוניסטישע שטימען וואַקסען און מיט דער צייט — — מיט דער צייט וועלען די ציוניסטישע איינגעמען וואַרשאַווער קהל, זיי וועלען זייער אייגענע גבירים האָבען!

נאָר אויב דער וואַרשאַווער ציוניזם איז נאָך נישט גביר׳יש, בעל־בת׳יש איז ער שוין און גאַנץ פיין בעל־בת׳יש! די אַנדערע פּאַרטייען האָבען קיין „פּראָגראַמען“ נישט אַרויסגעגעבען. זייער פּראָגראַם איז דאָס, וואָס זיי האָבען ביז אַהער געטאָן: דאָס געמיינדע־הויז, דאָס איינציגע אין גאַנץ רוסלאַנד, דאָס נייע שפּיטאָל, די שולען, די תלמוד־תורה׳ס, די רבנים, דער „הייליגער אָרט“, אַ וואַרשאַווער בעל־הבית ווייסט, וואָס מען האָט געטאָן און וואָס מען קאָן טון... די „צדקה“ וואַקסט און וועט וואַקסען פון טאָג צו טאָג, אַביסעל טרוקען, אַביסעל האַרט, אַביסעל אַרומגעשפּונען מיט איבעריגער שרייבעריי, נאָר גרעסער ווערט זי און רייכער אין אַנשטאַלטען, אין לעגאַטען — — .

די ציוניסטען דאַגעגען, וואָס ווילען דאָס געשעהענע ירש׳נען און ווייטער פיהרען לויט זייער פּראָגראַם, האָבען געמוזט איבער איהם מזכיר ומודיע זיין, און זיי האָבען עס געטאָן, און דאָס פּראָגראַם איז גאַנץ בעל־בת׳יש אַרויס...

ווען עס זאָל זיין אין וואַרשוי אַן אָרגאַניזירטע פאָלקס־פּאַרטיי, וואָלט זי זיכער דאָס פּראָגראַם נישט אונטערגעשריבען. עס ווימעלט אין איהם מיט רבנים, מגידים, מלמדים, אַביסעל מעהר

לשון־קודש... און דעם קהל׳שען שטייער ווילען די ציוניסטען הע־
כער אבער נישט שטייגערען, נישט אפשאפען די נארמע... דאס
בעל־בת׳יש — ליבעראל־פרומליכע פראגראם איז געדרוקט און
פארשיקט געווארען אויף העברעאיש און פויליש: א י ד י ש
נישט!... דאס זענען קהל־זאכען און וויסען דערפון דארפען נאר
די, וואס צאהלען. די, וואס לעזען העברעאיש אדער פויליש איז.
נישט דאס פעבעל...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

צו לעצט עטליכע פראגנעצייכען.
דער „וואסכאד“ דאט מיטגעטיילט, אז די רוסישע רעגירונג

———

איז בדעה צו קאלאניזירען אידען אין רוסלאנד. צו דעם צוועק זאל
פראיעקטירט ווערען א רעכט, אידען זאלען מעגען קויפען אין גאנץ
רוסלאנד קאלאניען, פון צוואנציג, דרייסיג און פופציג דעסיאטין,
יעדעס מאל מיט דער ערלויבניש פון דער פאליציי.

די „נאוואיע וורעמיא“ איז ארויס געגען „אידישע פלענער“
מיט א פייער, און טרייסט זיך און איהרע לעזער דערמיט, אז „לא
היה ולא נברא“ — עס איז אזא פראיעקט נישט פאראן.

די „בודושצנאסט“ איז געקומען אלס תנא דמסייע דעם „וואס־
כאד“ און פארזיכערט אזא פראיעקט איז זיכער פאראן...

פרעגט זיך:

צי איז ער פאראן באמת?

צי, אויב ער איז פאראן, וועט ער אויסגעפיהרט ווערען?

און — אויב ער וועט אויסגעפיהרט ווערען, צי וועט דאס גע־
ברויך פון א „פאליצייליכע איינוויליגונג“ נישט נענוג זיין, דאס
געזעץ זאל בלייבען אויפ׳ן פאפיער?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאך א פראגע:

אין רוסלאנד הערט מען וואס אמאל פון נייע קאנצעסיאנען
— אויף איד־שע צייטונגען:

פרעגט זיך:

צי וועט דאָס אָרעמע אידישע פּובליקום דאָס אַלץ טראָגען?

צי קאָן דאָס אַלץ די אידיש־ליטעראַרישע ארבייטס־קראַפט באַדינען?

צי וועלען ענדליך אונזערע בלעטער אויפהערען צו זיין כל־בו'ניקעס און באַקומען פּראָגראַמען?

ווער ווייסט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און צינד אַדיע, אָדער: צום ווידערזעהן ערגעץ אַנדערש!

# אינהאלט: